# אינהאַלט

## קאפיטל I.

# אין יאָך.

בנימין לערנער, אַ הויכער בריטביינִיקער סאָלדאַט מיט אַ קרו־מען שראַם אין דער שלייף פון די שוואַרצע האָר ביז אין דער גע־דיכטער ברעם אַריין—איז געגאַנגען אין דער פולער באַוואָפענונג צו דער פראַגער בריק.

פיר אַ זייגער, פונקט פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג, האָט ער גע־דאַרפט זיין אין פראַגע אין „עטאַפּנעם פונקט". דאָרט האָט ער גע־דאַרפט זיין ביי דער „פּאָוויערקע", באַקומען פערציק קאָפּיקעס חודש־געלט, אַ טאָפּלטע פּאָרציע צוקער און צומאָרגנס, פאַרטאָג נאָך, אַוועק מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע צוריק קיין גאַליציען אויפן פראָנט.

דער זייגער אויפן ווינער וואָקזאַל האָט געוויזן דריי נאָכמיטאָג, לערנער האָט איבערגעביטן די ביקס פון דער רעכטער האַנט אין דער לינקער און געשטעלט האַסטיקע ברייטע טריט.

די היץ אויף די גאַסן האָט געברענט. דער איינגעלייגטער שי־נעל, וואָס לערנער האָט געטראָגן איבער דער ברוסט, ווי אַ בייגל, האָט געגליט, געריבן אין לייב מיט זיין האָריקייט און שווערקייט, דאָס קעסעלע מיט דער לאָפּאַטקע האָבן פון אַ סך גיין זיך פאַררוקט אין אַ זייט און געקלאַפּט אים אין די פיס. דער אָנגעשטופּטער פו־טערנער רוק־זאַק, אַראָפּגעצויגן פון אַן עסטרייכישן הרוג, האָט גע־קלעפּט אין דער פלייצע, די פולע צעוואַרעמטע פּאַטראָנען־טאַשן האָבן געגליט דעם בויך. פון לויזן זעלנערישן היטל האָבן גערונען גרויסע ברודיקע טראָפּנס שווייס.

— נאָך אַ קנאַפּע שעה איז פאַרבליבן — האָט אין לערנערס מידן קאָפּ זיך געקייקלט אַ געדאַנק.

ער האָט געשטעלט נאָך האַסטיקערע טריט, שיער־נישט אונטער־

געלאָפן, ער איז אַרויס איבער „יערוזאַלימער אַלעען" צו „נייער וועלט", אַריין אין „קראַקאָווער פאָרשטאָט" און אַראָפּגעלאָזט זיך צו דער פּראַגער בריק. דער זייגער אויפן שלאָס האָט געוויזן פאַר האַלב פיר, און לערנער איז געגאַנגען מיטן גאַנצן אימפּעט באַרג אַראָפּ ביז דער בריק. די משא אַליין האָט אים אונטערגעשטופּט.

ביי דער בריק האָט ער געפּרוווט זיך לאָזן ביי דער זייט, ווו פוסגייער גייען. אין דער מיט בריק איז געווען ענג, און ער האָט מורא געהאַט צו פאַרשפּעטיקן. נאָר אַ פּאַטרול-סאָלדאַט מיט אַ באַנד אַרום אַרבל האָט אים פאַרהאַלטן.

— קודאַ, זעמליאַק — ווו שטופּסטו זיך מיט דער ביקס? ווייסט נישט, אַז מיט דער ביקס טאָר מען דאָ נישט גיין?

לערנער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— לאָז דורך, ברודער, — האָט ער געבעטן — איך וועל פאַר־שפּעטיקן צום פּונקט.

— איש קאַקאָי מודרי? — האָט דער פּאַטרול-סאָלדאַט געענט־פערט — און דאָס איז נאָך אַ געאָרגעווסקי-קאַוואַלער! — האָט אים פאַרדראָסן, קוקנדיק אויף דעם פאַרשוויצטן געאָרגעווסקי בענדל אויף לערנערס ברוסט — נאָ, מאַרש! — פאַרהאַלט נישט די באַוועגונג.

לערנער איז אַריין אין אָפענעם אייזערנעם פּיסק פון דער בריק, וואָס האָט אַריינגעשלונגען אין זיך אַ קנויל פון טראַמווייען, פלאַט־פאָרמעס, וועגן און אויטאָמאָבילן.

די בריק האָט אינגאַנצן געציטערט פון באַוועגונג.

אַ מחנה רייטער, אינגאַנצן קריגס-באַשטאַנד, האָט לאַנגזאַם זיך געצויגן און נישט דורכגעלאָזט קיינעם. אַ קנויל פון אויטאָמאָבילן, פלאַטפאָרמעס און עפּעס אַ יידישע לויה האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט איינס אין אַנדערן. ביי די זייטן, אַרום די באַריערעס, האָבן סאַפּערן גע־צויגן דראָטן, אונטערגעלייגט פעסלעך אויפרייס-מאַטעריאַלן אין שטרוי געפּאַקט, געמינעוועט די בריק אויפן פאַל פון אָפּטרעטן. זיי האָבן געוואַלדעוועט אויף די באַלאַגאָלעס, וואָס קאָנען נישט פריי מאַכן די בריק און געפּאָכעט מיט די נאַהייקעס אין לופט:

— פּאָרט, הינטישע זין, העי!

לערנער איז אינגאַנצן פאַרשטעקט געוואָרן אין פּלאָנטער פון

פערד און וועגן און נישט געקאָנט זיך רירן פון אָרט. אַ מיד היני־טערשט פערד אינגאַנצן מיט שוים באַדעקט, האָט אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע דורשטיקע צונג און געלעקט לערנערן דעם נאַסן אַקסל, צו שטילן זיך דעם דורשט. די רייען רייטער האָבן זיך געצויגן לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, אָן אַ שיער, אָן אַ סוף. צוזאַמען מיט זיי האָט זיך געצויגן די צייט.

לערנער האָט געקוקט אויף זיין זייגערל, געפילט יעדער מינוט ווי אַן אייביקייט, ער האָט געוואַרט, געציילט:

„פינף און דרייסיק, פערציק, פינף און פערציק".

פון הינטן זענען אַלץ נייע רייען אָנגעקומען, פערד, רייטער און פיקעס, אַ וואַלד מיט פיקעס. זיי רייטן לאַנגזאַם, קלאַפן מיט די שווערדן, קלינגען מיט די שפּאָרן און מיט אַמאָל — אַ געזאַנג, צום ערשט אַ דינס, אַ שטילס און אַ צעצויגנס, און באַלד אונטערגעכאַפּט פון הונדערטער שטימען, מענלעכע, ברוסטיקע און טיפע:

— זאַ אוראַלאָם, זאַ ריעקאָי, קאַזאַקי הוליאַלי!

לערנערן הויבן זיך די פיס, ווי תמיד בעת ער הערט אַ געזאַנג פון אַ סך מענטשן, אַלצאיינס פון מיליטער, צי פון אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, פון אַ מחנה חסידים צי פון אַ הייליקן קריסטלעכן צוג, וואָס בעט אויף רעגן. ער וויל גיין, נאָר ער קאָן נישט. ער איז אינגאַנצן פאַרשטעלט מיט פערד און וועגן. אַן אַלט דראָשקע־פערדל, וואָס שרעקט זיך שוין נישט מער נישט פאַר קיין אויטאָמאָבילן, נישט פאַר קיין פייערלעשער מיט זייערע וועגן און טראָמייטן, הויבט קריגעריש אויף זיינע אָפּשטייענדיקע אויערן, בלאָזט מיט די צוגעקלעבטע נאָזלעכער. אַ מענטש־פערד, צוגעשפּאַנט צו זיין וועגעלע אויף צוויי רעדער, אַן אַמאָליקער סאָלדאַט, דערפילט הייס בלוט אין די פיס און הויבט זיי עטלעכע מאָל, ווי ער וואָלט צוקלאַפּן צום טאַקט...

נאָר באַלד קומט עפּעס פאָר:

פון יענער זייט בריק קומען אָן פאַרטיעס אָקסן, געטריבן פון צענדליקער טרייבער. די אָקסן לויפן, זיי זענען אויסגעהונגערט, מיד, דורשטיק און מ'דאַרף זיי וואָס גיכער ברענגען צו די שעכטהייזער, זיי זאָלן נישט פאַלן אין וועג. די אָקסן לויפן, נאָר די אָפיצירן פאָכען צו זיי מיט די שווערדן און טרייבן זיי צוריק. זיי, די אָפיצירן,

פירן זייערע פּאַרטיעס צום שלאַכט; זייערע רייען דאַרף מען וואָס פריער ברעכגען — און די בהמות פלאָנטערן זיך צעטומלטע, דערשראָ־ קענע, יאָגן מיט גרויסע הערנער פּאָרויס און לויפן אונטער די פער־ דישע פּאַדקאָוועס...

די סאַפּערן ציען אַלץ דראָטן, מינעווען, און באַלעגאַלעס שעלטן זיך, גיבן זיך איינער דעם אַנדערן אין דער מאַמען אַריין:

עך, זין ממזירישע, העי!

אַז דאָס מיליטער מיט אַלע וועגן, שפּיטעלער און קיכן שלעפּן זיך דורך, הויבט די קנויל זיך אָן אויסקנוילן. לערנער דרייט זיך מיט דעם פלאָנטער, ווערט אַ ווײַלע אויפגעלאָזן, באַלד צוריק פאַר־ קניפּט. אַז ער קומט ענדלעך אַרויס אויף דער גאַס, גיט ער אַ הויב, לויט זיין זעלנערישער געוווינהייט, די משא אויף די פּלייצעס און טאַנצט אונטער מיט איין פוס, כדי צו גיין צום טאַקט, נאָר דער זייגער איז שוין פאַר פיר, עטלעכע מינוט פאַר פיר, און ער קאָן נישט גיין ווייטער־

— עך הינטישער זון — ברומט ער צו זיך אַליין, אויפגע־ קאָכט פון כעס אויף דעם פּאַטרול־סאָלדאַט מיטן באַנד אויף דעם אַרבל, וואָס האָט אים פאַרהאַלטן דעם וועג, און ער פלאָנטערט מיט די פיס, מאַכט אַ טריט און רוקט זיך צוריק.

אַ דראָשקע האָט זיך פאַרבייגעקייקלט לעבן לערנערן, האַרט ביי דער זייט. דער קוטשער האָט איינגעצויגן די לייצעס, פאַרהאַלטן דאָס פערד, וואָס איז שיער נישט אַרויף אויף דעם פאַרחושטן סאָל־ דאַט.

— טפרר — האָט ער געשריגן — נאַבאַק, סאָלדאַטיק, בלינד ביסטו צי טויב?

לערנער האָט זיך אָפּגערוקט, צוגעשפּאַרט זיך צו אַן עלעק־ טרישן סלופּ, וואָס שטייט אינמיטן גאַס, און אָנגעשטעלט אַ פּאָר היי־ סע בליקן אויף דער ליידיקער דראָשקע.

אים האָט געצוקט אין דער ברוסט פון היץ, שווערקייט און אויפרעגונג.

— און, אַריינוואַרפן זיך אַזוי אין דראָשקע, אַ יאָג טון גיך, גיך און קומען צו דער לעצטער סעקונדע!

ער האָט זיך באַטראַכט מיטן קוטשער מיט שטומע דורכדרינג-לעכע בליקן. ביידע, אי דער באַוואָפנטער סאָלדאַט, אי דער אויסגע־רוטער קוטשער האָבן געוווּסט, אַז זיי דאַרף קיין זאַך נישט בינדן. סאָלדאַטן, „ניזשני-טשינעס" איז געווען פאַרבאָטן פאָרן אין שטאָט.
דאָך האָבן ביידע געפּרוּווט דאָס מזל.
— פאָרן מיר? — האָט לערנער אַ פרעג געטון.
דער קוטשער האָט אַריינגעהוסט זיך אין דער פויסט אַריין און מיט דער בייטש אַליין זיך אַ שמיץ געטון איבערן רוקן, אַ סימן, אַז מען דאַרף זיך היטן די פעל.
נאָר לערנער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.
— אַ רובל! — האָט ער אים אַ מורמל געטון — אַ זילבערנעם.
דער קוטשער האָט אַ קוק געטון אויפן סאָלדאַט מיט איין אויג, אַ קראַץ זיך געגעבן אונטערן האַרטן ברוין־און־בלויען באַ-לעגאָלישן אויער און געשוויגן.
— צוויי — האָט לערנער אים גערייצט — קנאַקעדיקע!
דער קוטשער האָט צעצויגן ביידע שטרוי־קאָלירענע וואָנסן און געעפנט דאָס מויל. נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַ וואָרט צו זאָגן, איז שוין לערנער אַריינגעשפּרונגען אין דראָשקע און אַ געשריי געטון:
— וואַליאַי! — אַ גאַנצן דרייערל, נאָר גיך!
האָט דער באַלעגאָלע אַריינגעפאָרן מיט דער בייטש אין פער־דישן צעשמיסענעם הינטן און געלאָזט זיך פייל אויס בויגן.
— פּיוט! — האָט ער אונטערגעגעבן חשק זיין פערדל און אי־בערגעיאָגט אַלע וועגן פאַר זיך. דער גאַנצער באַלעגאָלישער ברען פון אַ גוט טריפה פאַרדינסטל האָט ער אויסגעלאָזט צום פערדל.
לערנער האָט אויסגעצויגן די פיס, אויסגעווישט דעם צעשפּאָל-טענעם דאַשעק פון זיין צו גרויס און צו וואַרעם זעלנעריש היטל און געווען אומרויק און צופרידן גלייכצייטיק.
— טויט אָדער ברויט! — האָט זיך אים געבאָמבלט אַ געדאַנק און אים געשראָקן און גערייצט גלייכצייטיק, ווי תמיד בעת ער טוט אָפּ אַ פאַרבאָטענע זאַך.
די דראָשקע איז געפלויגן, געטרייסלט זיך און געהוידעט אי-

בער די שטיינער מיט דער גאַנצער הפקרות פון אַ פאַרבאָטענער דראָשקאַרסקער „יאַזדע", האָט זיך לערנער דערפילט נאָך הפקרדיקער און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גאַנצן זעלנערישן יאָך. ער האָט אַראָפּגעצויגן דעם פאַרלייגטן שינעל, אויפגעלאָזן דעם רימען אויף צוויי לעכלעך און צעשפּילעט דאָס קלעבנדיקע כאַקי־העמדל, באַוויזן אַ שווייסיקע, שוואַרץ־באַוואַקסענע, האָריקע ברוסט דער העלער זוני־קער וועלט.

פון אַלע זייטן זענען געפאַלן בליקן צו דער פליענדיקער דראָשקע.

— רעכטס, הינטישער זון! — האָבן דראָשקאַרעס געשריען — העי!

נאָר דער קוטשער האָט נישט געהערט און געפלויגן ווייטער.

—דערזשי, סאָבאָטשאַיאַ מאָרדאַ!—האָבן געוואַלדעוועט סטראַזש-ניקעס און פייפלעך האָבן זיך צורעדלט אין גאַס.

— פּיוט! — האָט דער קוטשער געגעבן חשק דעם פערדל און געשמיסן אים מיט ברען, ווי ער וואָלט צו אים וועלן אויסלאָזן די גאַנצע מורא און הפקרות גלייכצייטיק.

— וואַליאַי — האָט לערנער אונטערגעשריגן, אויפגעקאָכט פון אַלעם, וואָס עס קומט פאָר.

די שרעק און די הפקרות האָבן אים, ווי תמיד, גלייך צוגעשלאָגן צום קאָפּ. ברויט אָדער טויט! — וואַליאַי! — העי!

ביים ראָג גאַס האָט זיך די דראָשקע האַסטיק פאַרהאַלטן. אַן אָנפאָרנדער לאַסט-אויטאָ איז איר אונטערגעקומען און זיך אָנגעריבן אין די רעדער. פון האַסטיקן שטויס איז לערנער שיער נישט אַרויס-געשפּרונגען פון געזעס. ער האָט זיך מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט אין בענקעלע און געוואָלט זיך ווידער צעשרייען! — „וואַליאַי העי!" נאָר שוין האָבן צוויי פאַטרול־סאָלדאַטן געהאַלטן דאָס שוים־באַדעקטע פערד ביי דער צוים און געפּאָכעט מיט די נאַהייקעס אין דער הויך.

— דיערזשי, מיערזאַוויעץ, סטאָי!

האָט דער קוטשער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אונטערגעשטעלט אַן אַקסל.

— די פעל דאַרף מען פון מיר שינדן — האָט ער געזאָגט מיט הרטה און געזידלט זיך אַליין. — „גלופּי! — בידלע״!

לערנער האָט געוואָלט טון אַלץ מיטאַמאָל: צושפּיליען זיך, אַרויס־כאַפּן דעם בייגל און פאַרפעסטיקן דעם רימען, נאָר אָט איז געשטאַנען אַן אָפיציר ביי דער דראָשקע, אַ קליינגעוואוקסיקער געפּאַקטער קאַפּיטאַן מיט אַ פּאָר קרומע רייטער־פיס און מיט אַ נאַהייקע אין האַנט, און לערנער איז אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז ער האָט סאַלוטירט זיצנדי־קערהייט אין דראָשקע. —

צום ערשט מאַכט דער אָפיציר אַ וויק:

— איזוואָליעטיע, וואַשע וויסאָקאראדיע — זאָגט ער אים און פאַרנייגט זיך טיף, קוקנדיק אויףביידע סאָלדאַטן זיינע, וואָסער אייב־דרוק זיינע קלוגע רייד מאַכן אויף זיי.

נאָר אַז ביידע סאָלדאַטן שטייען ווי די פלאָקנס, אַליין נישט וויסנדיק וואָס צו טון: — לאַכן אָדער נישט? —

הערט ער זיך אויף וויצלען און דאָס בלוט גיסט זיך אים אָן אין פּנים.

— סליעזיאַט! — שרייט ער מיט אַ קוויטשיקער שטים — ווי סאַלוטירסטו זיצנדיק, נאַכאַלסקאַיא מאָרדאַ? —

איצט שמייכלען שוין ביידע סאָלדאַטן מיטאַמאָל אין די פאַר־ליינטע אַרבל פון זייערע שינעלן. — לערנער שטייט פאַרן אָפיציר מיט אַ פאַררוקטן שינעל, מיט אַ צעעפנט העמדל, מיט אַ פאַררוקט היטל און נאָך מיט דער ביקס אין פּראָנט! — זיי הוסטן אַזש אונטער, איינהאַלטנדיק זיך נישט אַרויסצולאַכן. —

דער אָפיציר קוקט אים אָן און גייט צו צו אים. —

ער גייט צו צו אים נאָנט, אַזוי נאָנט, אַז לערנער פילט זיין הייסן בייזן אָטעם אויף זיך. ער טרעט אים שיער נישט אויף די פיס. לערנער רוקט זיך צוריק אויף אַ האַלבן טריט. דער אָפיציר גיט אַ טופּע מיטן פוס:

— סמירנאָ! — ניע שעוועליס! —

ער באַטראַכט אויף אים אַלץ: דאָס קעסעלע, וואָס הענגט זיך אים נאָך אין אַ זייט, די פּאַטראָנען־טאַשן, וואָס האָבן זיך עטוואָס פאַררוקט. ער פּרובירט אים דעם פּאַס. ער איז לויז, דער פּאַס, דער

אָפיציר שטופּט אַריין ביידע הענט און דריקט אים אַריין דעם בויך ערשט צום לעצט גיט ער אַ קוק אויפן העמדל, אויפן צעשפּליטן, העמדל, דורך וועלכן עס קוקט אַרויס אַ צאַפּלדיקע האָריקע ברוסט. —

— טי שטאָ? — גיט ער אַ געשריי — בראַדיאַגאַ? סאָלדאַט? —

— סאָלדאַט, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! — ענטפערט לערנער און די קניען לאָזן זיך ביי אים אַראָפּ.

— סאָלדאַט? — שטורמט דער אָפיציר — ווער האָט דיר ערלויבט פאָרן אין דראָשקעס מיט דער ביקס אין דער האַנט? האַ? —

לערנער ווייסט, אַז איצט דאַרף ער זאָגן צוויי ווערטער, צוויי געציילטע ווערטער, וואָס זענען אַן ענטפער אויף יעדער פראַגע.

— ווינאָוואַט׳ס וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע!

אָבער ער זאָגט זיי נישט. ער קאָן זיי נישט זאָגן. ער וויל בעסער ערקלערן:

— איך האָב נישט געוואָלט פאַרשפּעטיקן צום פונקט...

— מאַלטשאַט! — גיט אַ געשריי דער אָפיציר, אויפגעקאָכט פון כעס, וואָס דער סאָלדאַט רעדט מער ווי ער דאַרף.

לערנער ווייסט, אַז ער קאָן נאָך פאַרריכטן. ער דאַרף שווייגן, נאָר שווייגן. נאָר ווי אויף צולהכעיס קאָן ער נישט. — ער מורמלט:

— פיר אַ זייגער... פאָוויערקע...

— מאַלטשאַט!

— וואַשע וויסאָקאבלאגאראדיע!

— מאלטשאט, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדא, דעזערטיר!

לערנערן באַפאַלט, ווי תּמיד, די שרעק מיט דער הפקרות צו־זאַמען. איצט איז נאָך צייט — לויפט אים דורך אַ געדאַנק — „שווייגן". נאָר באַלד גיט אים דאָס בלוט אַ שטויס אין שלייף, אין דער דורכגעשניטענער שלייף, וואָס אַ שראַם האַקט דורך פון די האָר ביז דער געדיכטער ברעם, און ער קוקט אים אָן, דעם אָפיציר, מיט אַזאַ פאָר אַרויסגעזעצטע בלוט־פאַרגאָסענע אויגן, אַז יענער רוקט זיך אינסטינקטיוו אָפּ הינטער זיך.

— איך בין אַ סאָלדאַט אַ פראָנטאָוויק — זאָגט לערנער און שטעקט אַרויס די ברוסט מיטן געאָרגיעווסקי בענדל פאָרויס — געין מאָנאַטן אויפן פעלד, נישט ווי אַנדערע אין „טיל"...

דער אָפּיציר איז בלאַס. ביידע קינבאַקן ציטערן ביי אים. ביי־דע סאָלדאַטן זיינע שטייען מיט פאַרריסענע מיילער, זעען אויס ווי פאַרגליווערט.

לערנער שטייט און קוקט מיט גרויסע אויגן — „זאָל עס שוין געשען" טראַכט ער, אַליין נישט ווייסנדיק וואָס אַזוינס.

נאָר קיין שום אויסערגעוויינלעכעס געשעט נישט.

— דיין נאָמען? — פרעגט דער אָפּיציר.

— בעניאמין לייזעראָוו כאַאימאָוו לערנער!

—ליי—זע—ראָוו — כאַ—אי—מאָוו — לער—נער! — זאָגט נאָך דער אָפּיציר, אויסציענדיק יעדן זילב פון לאַנגן יידישן נאָמען.

— מעלדן זיך צום ראַפּאָרט צום ראָטנעם! — מאַארש!

ביי לערנערן גיבן די פיס אַליין אַ קלאַפּ איינער צום צווייטן—זיי גייען אַליין, כאָטש די אויגן זעען נישט וווּהין.

ערשט נאָך עטלעכע מינוט גיין ווי אַ לונאַטיקער, קומט אים צוריק דער געדאַנק, דערמאָנט ער זיך, וואָס עס איז געשען. ער שטעלט אַ טריט, גייט צוריק אויף צוויי.

— „ראַפּאָרט צום ראָטנעם".

ער שפּאַרט זיך אָן לעבן באַריער פון גערטענדל, קוקט מיט אָפּענע אויגן אַרום זיך.

גייען איצט צום פּונקט, ווייסט ער, האָט קיין שום זינען נישט. ער זעט איצט אַזוי קלאָר דעם עטאַפּנעם־פּונקט, ווי ער וואָלט אים שטייען פאַר די אויגן. וויפל האָט ער זיך שוין אָנגעזען אַזעלכע פּונקטן!

די סאָלדאַטן קריכן מסתמא אַרום איבערן פּלאַץ פרייע, צו־קנעפּלטע, ווי תמיד איידער מ׳גייט אָפּ אויפן פראָנט. טייל רייניקן די ביקסן, אַנדערע טוען איבער אָניצעס אויף די פיס. פאַר אַ בודקע שטייט אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך. אָט אין דער בודקע, וואָס פירט צו אַ קאַנצעלאַריע מיט האַלב-געפּאַרבטע ווענט און מיט שוואַרצע פלעקן אַרום די קלאַמקעס פון די טירן, וועט ער זיך דאָס דאַרפן מעלדן.

ער וועט זיך אויסציען און זאָגן — פאַרשפּעטיקט, וואש—סאָק־ראַד — און אָנהייבן איבערגעבן דעם ראַפּאָרט — נאָר אַ יונגער אָפּי־

צירל מיט אַ דין געשוירענעם העלן קאָפּ, ווי אַן איבערגעקערטע באַרשט פון חזיר־האָר, וועט אים איבעררייסן ביים ערשטן וואָרט.

— מאלטשאט — וועט ער געבן אַ געשריי, ווי יענער אויף דער גאַס, און צוציען יעדער זילב פון זיין יידישן נאָמען מיט אַן אידיאָטישער צופרידנקייט:

— בענ—יא—מען ליי—זע—ראוו כא—אי—מאוו לער—נער — זנאַיעם!

און לערנערן האָט אַ קאַלטער שוויס באַדעקט, כאָטש די זון האָט געברים. וואָס, וואָס, נאָר איבערטראָגן איצט אַזעלכעס איז ער נישט אימשטאַנד געווען. אַלץ, נאָר נישט דאָס.

ער האָט נישט געגנוי געוווסט, וואָס אים שטייט פאָר. ער האָט נישט געפילט קיין מורא פאַר עפּעס קאָנקרעטס, נאָר געפילט האָט ער, אַז גיין איצט ווייטער קען ער נישט. — זאָל זיין, וואָס עס וויל, נאָר גיין איצט אַהין — נישט. — שפּעטער, אפשר ביינאַכט, אפילו פאַרטאָג פאַרן אָפּגיין צו דער באַן. נאָר איצט נישט.

ער האָט אויסגעדרייט זיך צוריק אין שטאָט, געוואַנדערט איבער גאַסן, אַליין נישט וויסנדיק וווהין און נאָך וואָס. — און מאָדנע געדאַנקען, אַזעלכע פרעמדע, נייע, האָבן זיך אָנגעהויבן נעסטן אין זיין מידן, צעהיצטן קאָפּ. ער האָט פאַרוווּנדערטע בליקן געוואָרפן אויף יעדער גאַס, אויף יעדער הויז.

— מאָדנע — איז אים געווען אַ וווּנדער — אָט איז דאָך דאָס טעאַטער, דאָט ראָטהויז...

ער האָט אַ בליק געטון צום ראָטהויז־זייגער. עס איז געווען נאָך פינף — און עס האָט אים נישט אויפגעהערט וווּנדערן.

— אפילו דער זייגער איז דאָ... דער זעלבער זייגער... נאָך פינף איז.

ער האָט דערפילט אַן ענגשאַפט אין האַרץ. אָט דאָס, וואָס די גאַס איז די זעלבע; וואָס דער טעאַטער שטייט זיך פונקט אַזוי ווי אַלע מאָל מיט אַלע זיינע זיילן און פיליאַרן; וואָס דער ראָטהויז איז פונקט אַזוי גלייך און הויך, וואָס אויפן שפּיץ זיינעם שפּאַצירט זיך אַלץ אַזוי אַרום דער פייער־לעשער און קוקט אויס די שטאָט; וואָס דער זייגער זיצט זיך פונקט אַזוי אויפן זעלבן אָרט, גייט זיך פונקט

אַזוי רעגלמעסיק, ווי פריער, ווי אַלעמאָל, גאָרנישט געענדערט דורך די לאַנגע חדשים מלחמה, וואָס ער, לערנער, האָט דורכגעמאַכט — דאָס האָט אים אי געוווּנדערט, אי באַליידיקט.

ליגנדיק דאָרט אויפן פעלד גאַנצע טעג, פוילנדיק אין די שוץ־נריבער, אין זומפּן, טאָג־איין, טאָג־אויס, איז ביי אים אויסגעקומען, אַז די גאַנצע וועלט האָט זיך געענדערט, אַז אַלץ אין דער וועלט האָט אָנגעוווירן זיין פּנים, אַז אַלץ האָט זיך אָפּגערוקט פון פריער־דיקן אָרט, צושטאַנד.

דאָס פלעגט אים אין אַ געוויסער מאָס טרייסטן, פאַרגרינגערן.

ביי אים איז געווען אַ געפיל, אַז די וועלט האָט זיך אַ טרייסל געטון, אָפּגעריסן זיך פון אָרט, צו וועלכן זי איז צוגעבונדן, און זיי, די מענטשן, מוזן עפּעס טון, לויפן, שלאָגן זיך, איילן זיך, מוסר־נפש זיין זיך, כּדי עפּעס אָפּצוראַטעווען, אָפּצוהאַלטן. — וויפל מאָל ער פלעגט פּרווון זיך פאָרשטעלן פון דערווייטנס זיין היים, זיינע באַקאַנטע, האָט ער בשום אופן נישט געקענט זיי זען אַזעלכע, ווי ער איז געוווּינט געווען זיי צו זען אין דערהיים.

אפילו פריער, ווען ער איז געגאַנגען צו דער בריק, האָט ער קיין זאַך נישט געזען. ער האָט בלויז געזעען דעם עטאַפּנעם-פונקט זיינעם. ווייטער האָט קיין זאַך פאַר אים נישט עקזיסטירט.

ערשט איצט האָט ער דערזעען די גאַסן, די הייזער. אַלץ איז געווען ווי פריער, גלייך קיין שום זאַך וואָלט נישט פאָרגעקומען אויף דער גרויסער וועלט. אָט שטייען זיי די זעלבע הייזער, די זעלבע מאַגאַזינען. אָט איז דער מאַגאַזין פון היט, ווו ער האָט שטענ־דיק זיך געקויפט אַ הוט. אָט איז דאָס געשעפט פון מענער-קליידער. די זעלבע וואַקסענע פאַרשוינען שטייען אין פענסטער; איינער טראָגט אַפילו אַ פוטער, כאָטש ס׳איז אַזוי הייס. — אָט איז דאָס טיי-גע־שעפט מיט די צוויי אויסגעמאָלטע כינעזער; אָט איז דער פריזירער, ער שטייט פאַר דער טיר, ווינקט צו זיין שכנה, דער וועשערין פון „מאַטילדאַ“. דוכט זיך, אַז מ׳שפּילט דאָרט אויף אַ פידעלע אַפילו, ווי שטענדיק. אָט שפּאַצירט אַ גאַסן-מיידל אין ראָג גאַס, וויקלט די פאַהלעך אַרום אַ פינגער — דאָס זעלבע מיידל, וואָס דרייט זיך אַרום פון יאָרן אויפן זעלבן אָרט.

און אים האָט אַ געפֿאַלנקייט באַהערשט — ביי אים איז געווען אַ געפיל ווי ביי איינעם, וואָס דערזעט זיך מיטאַמאָל אַ נאַקעטן צווישן בלויז אָנגעטוענע און אויסגעפוצטע. ער איז פאַרביי נעבן אַ גרויסן מאַגאַזין מיט שפיגל־שויבן פון אַלע זייטן — ער האָט זיך אין איינמאָל אפשר אַ גאַנץ צענדליק מאָל דערזעען: אַ הויכן, אַ פאַרברענטן, אַ פאַרשטויבטן, מיט שוואַרץ־באַוואַקסענע האַרט־שטעכנ־דיקע באַקן, מיט כמורנע אויגן, מיט פרעמדע צעוואַקסענע הענט און פיס, באַהאָנגען מיט טאָרבעס, לאָפּאַטקעס, קוילן־טאַשן, באַוואָפנט מיט אַ לאַנגער שפּיציקער ביקס — און ער האָט געקוקט אויף זיך מיט אַ מאָל מיט ווילדע אויגן.

צו וואָס? — האָט ער נישט באַגריפן — צו וואָס שלעפן דאָס?

ער האָט אַ בליק געטון אַרום זיך. פון אַלע זייטן זענען גע־גאַנגען מענטשן, אַלטע און יונגע, לאַנגזאַמע און איילנדע. אָט פאָרן צוויי יונגעלייט אין אַ דראָשקע, ביי זיי אויפן שויס זיצט אַ מיידל אין אַ ווייס קלייד. אָט קויפט איינער בלומען און שמעקט צו זיי. וויטער שפּאַצירן פּאָרלעך. וויפל מענטשן דאָ גייען! — שפּאַצירן! גייען, וווהין זיי ווילן, ווען זיי ווילן.

די גאַנצע ניין חדשים פראָנט, דאָס לויפן, שלאָגן זיך, מוסר־נפש זיין זיך, די אַלע שלאָפלאָזע נעכט, הונגער, קעלט, באַליידי־גונגען, אונטערטעניקייט — זענען אים געשטאַנען אין דער גאַנצער שאַרפקייט פאַר די אויגן, אין דער גאַנצער אומגעלומפּערטקייט זייערער.

ער האָט געוואַנדערט גאַס איין, גאַס אויס, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן. ער האָט געוואַרט יעדער מינוט, אַז אַ פּאַטרול זאָל אים אָפּשטעלן, אַרעסטירן, און דאָס איז אים געווען אַלצאיינס. זאָל זיין, וואָס עס וויל, האָט ער געטראַכט. נאָר קיין פּאַטרולן האָבן אים נישט פאַרהאַלטן און ער איז געקראָכן פון איין גאַס אין דער־צווייטער.

דער געפיל, אַז ער איז עפּעס אַן אַנדערער פון די אַלע, וואָס גייען איבער די גאַסן, אַז ער איז אַן אויסגעטיילטער, אַ גע־בונדענער, האָט אים באַליידיקט, דערצערנט.

נישט איינמאָל איז אים אויסגעקומען אין לעבן צו זעען מענטשן ספּעציעל אומגליקלעכע, טראַגישע, וואָס דרייען זיך אַרום מיט זייער איינזאַמקייט און עלנט צווישן אָן אַ שיער צופרידענע און גליקלעכע.

ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינעם אַ שכן, אַ שווינדזוכטיקן יונגערמאַן, וואָס זינט ער געדענקט אים, זיצט ער שטענדיק לעבן טויער פון הויז און שפּייט אויס אויף די ברודיקע שטיינער שטיק-לעכווייז זיין לעבן. מענטשן לויפן פאַרביי, רעדן, פרייען זיך, און צווישן אַלע זיצט ער, דער יונגערמאַן, ציט אויס זיין דאַרן האַלז, קלעמערט מיט די הענט, וויל אַן אָטעם, איין איינציקן פרייען אָטעם און קאָן אים נישט באַקומען צווישן די אַלע, וואָס האָבן אַזוי פיל אָטעם, גאַנצע וועלטן מיט אָטעם.

און וויפיל נאָך אַזעלכע! — ער פלעגט זיי זעען, רחמנות האָבן אויף זיי, נאָר ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פילן קיין נאָ-ענטקייט צווישן זיך און זיי. ער האָט זיי געזען, נאָר זיי זענען אים פרעמד געווען. אים איז קיינמאָל אַפילו נישט איינגעפאַלן, אַז ער, לערנער, זאָל קאָנען זיין אַזעלכער.

ביי אים איז דאָס געווען אַ מוז-זאַך, אַ זאַך, וואָס געהער צו דער אָרדענונג פון דער וועלט. פּונקט ווי מען איז געוווינט אָנצו-טרעפן ביים שפּאַצירן אין גאַס אַ הויקער, אַ הינקענדיקן, אַ בעטלערין מיט אַ קינד אויף דער האַנט, אָדער אַ קינדערשע לוויה, נאָך וועלכער עס לויפט נאָך אַ מאַמע איינע אַליין און קלעמערט זיך מיט די הענט אין דער מיטה, ווי זי וואָלט זי וועלן איינהאַלטן.

איצט, זעענדיק די מענטשן אויף די גאַסן, ביי די מאַגאַזינען, אין די קאַפעען, האָט אים אַ געפאַלנקייט באַהערשט. ער איז זיך אַליין מיאוס געווען.

— בין איך, איך — בנימין לערנער, אַן אַנדערער? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען — איך?

ער איז ווידער אַרויסגעקומען צו דער בריק, אַליין נישט וויסנ-דיק צוליב וואָס, די פיס אַליין זענען געגאַנגען אַהין, איצט איז שוין אַזוי ענג נישט געווען. ער איז דורכגעגאַנגען פריי.

אַרום ברעג איז געווען פריילעך. האַלב-נאַקעטע בחורים און מיידלעך זענען געלעגן אויף דעם זאַמדיקן פליך פון דער ווייסל, גע-

ברענט זיך אויף דער זון און געשטיפט. אַנדערע שווימען, אויף שיפּלעך שטייען ייִנגלעך און פאַרוואַרפן „ווענטקעס" אין טייך.

ער האָט פאַרלייגט אַ האַנט. ווי אַלץ איז אים באַקאַנט געווען, אייגן. אָט איז דאָס בעדל, אין וועלכן ער פלעגט זיך שטענדיק באָדן. די ווענט זענען איצט אָפּגעפרישט, באַמאָלט אויף גרין. ווייטער אַראָפּ ציט זיך דאָס וועלדל.

— אוך, אַריינוואַרפן זיך אַזוי אין וואַסער, אָפּוואַשן פון זיך אַלץ... אַלץ.

עטלעכע פּאַטרולן זענען דורך קעגנאיבער און אָפּגעשטעלט אַ סאָלדאַט, גוט איינקוקנדיק זיך אין זיינע פּאַפּירן.

לערנער האָט אַ בליק געטון. די מורא מיט דער הפקרות זיינער, וואָס קומען תמיד צוזאַמען, האָבן גלייכצייטיק אַ לויף געטון אין קאָפּ: שטיין?—אַוועקגיין?

איין רגע האָט עס געדויערט—אַ רגע בלויז—און ער איז באַלד אַראָפּ מיט די טרעפּלעך צום ברעג און געלאָזט זיך גיין לענגאויס, צו דער זייט פון דער „סאַסקע־קעמפּע".

דער וועג האָט זיך געצויגן שטויביק, אומריין, מאוסע קאַנאַלעכלעך האָבן געגלאַנצט מיט פעטע פליסיקייטן פון בוימל און נאַפט. שוואַרצער שטויב, אָפּפאַל פון שטיינקוילן, ציגל און קאַלך, האָט זיך געטראָגן אין לופט און געלייגט זיך שווער אויפן האַרץ. לערנער האָט זיך נישט אומגעקוקט און געגאַנגען אַלץ פאָראויס. ערשט, אַז ער איז שוין געווען ווייט, אַזוי, אַז בלויז די שפּיץ קוימענס האָבן זיך אַרויסגעזען און די מאַסטן פון די שיפן האָבן זיך געצייכנט שוואַך אין דער לופט, האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַ שטיקל איינזאַם אָרט, ווו זיך צוצושפּאַרן.

ער האָט אַזאַ שטיקל אָרט באַלד געפונען. דאָס איז געווען אַ טאָל, אַ שטיק פאַרלאָזן טאָל לעבן ווייסל, באַוואַקסן איינגאַנצן מיט הויכע גראָזן און שאַוער. האָט לערנער אַראָפּגענומען די ביקס פון דער פּלייצע, דעם איינגעלייגטן שינעל פון דער ברוסט און, צוקנעפּלענדיק זיך פריי, אַריינגעוואָרפן זיך אין די הויכע גראָזן, וואָס האָבן אים איינגאַנצן פאַרשטעלט.

דער הימל איז געווען ריין, בלוי, די גראָזן פייכטלעך, דער־

לעבן האָט זיך געצויגן די ווייסל אַ ברייטע, אַ פּליכּעוואַטע און אָנ־געשלאָגן זיך אין די שטיינדלעך אַרום ברעג, געשוואָנקען דאָס היי־סע זאַמד און ריזל. לערנער האָט אויסגעצויגן די פיס און געפילט די גאַנצע פרייקייט פון זיין באַפרייטן קערפּער. ער האָט געפילט איצט יעדער אבר באַזונדער, ווי עמעצער וואָלט אים זיינע צעבראָ־כענע הענט און פיס גענומען צו פאַרריכטן און צוריק אַריינגעשרויפט אים נייע, גאַנצע. ער האָט אַריינגעצויגן פולע ברוסטן אָטעם און געפילט ווי זיינע גלידער וואַקסן זיך פאַנאַנדער, ווערן ברייטער מיט יעדער מינוט, מיט יעדער אָטעם.

די וויעס, דערפילנדיק גראָז און טייך, האָבן זיך אָנגעהויבן איינקורטשען און אַראָפּלאָזן און לערנער האָט זיך געטוליעט צו דער ערד, געדריקט זיך צו איר, ווי צו אַ מאַמען אין שויס. ער האָט זיך אויסגעלייגט אויף די פּלייצעס, געקוקט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן אויף דעם ברייטן, בלויען הימל, אויף דעם צעלייגטן טייך, אויף דעם ריזיקן שטח ערד, ער האָט איינגעקורטשעט די פיס, גע־פילט זיין גאַנצע קליינקייט, זיין גאַנצע נישטיקייט קעגן דעם גרויסן און שטילן אַרום זיך; ער האָט געפילט דאָס גאַנצע נישט־אָנזעעוו־דיקייט פון די עטלעכע איילן ערד, וואָס ער, לערנער, פאַרנעמט, און ער האָט נישט פאַרשטאַנען:

— שוין זשע איז נישטאָ פאַר מיר אַזאַ קליין שטיקעלע אָרט אויף דער דאָזיקער גרויסער שטילער וועלט?...

ער האָט אונטערגעלייגט די ביקס אונטערן קאָפּ, דערלעבן אַוועקגעלייגט דעם שינעל מיטן רימען. — זאָל זיין וואָס עס וויל — האָט ער נאָך אַ טראַכט געטון, ווי תּמיד, און די אויגן האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזן.

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען שפּעט פאַרנאַכט. עטלעכע שטערנס האָבן זיך געטונקען אין וואַסער. פון ווייט האָבן פייערלעך געוווּנקען. ער האָט אויסגעצויגן די הענט, באַטראַכט מיט פאַרוווּנדערטע בליקן דעם אומבאַקאַנטן פּלאַץ, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאַנען, ווי אַזוי ער איז דאָ אַהערגעקומען, נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערזען אַ מענטש נישט ווייט פון זיך, אַ האַלב־נאַקעטן מענטש זיצנדיק אין גראָז, און די הענט זענען אים אַראָפּגעפאַלן:

— האאא ?...

ער האָט זיך געכאַפּט צו דער ביקס. די עטלעכע חדשים פראָנט האָבן אים אויסגעלערנט זיך כאַפּן צו איר יעדער מאָל, ווען מ'דער-זעט אַ מענטש, אַן אומבאַקאַנטן מענטש לעבן זיך. נאָר דער האַלב-נאַקעטער מענטש האָט זיך צוגעשאַרט נענטער צו אים און אַוועק-געמאַכט מיט דער האַנט:

— לייג אַוועק, ברודער, אַן אייגענער...

לעדנער האָט זיך פאַרשעמט. ער האָט געמורמלט עפּעס, אַליין נישט הערנדיק וואָס. דער האַלב נאַקעטער מענטש האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס העמדל, אַ זעלנעריש העמדל, מיט פאַרלייגטע, האַלב-אָפּגעריסענע עפּאָלעטן, און רויק געפרעגט:

— פון איין אונצוואַנציקסטן, האַ?

לערנער האָט צוגעשאָקלט:

— יאָ, און דו?

— איך אויך פון אייגענעם.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און פאַרשטאַנען זיך. ביידע האָבן זיי געהאַט איין סוד, איין סוד, וואָס איינער האָט אים אַראָפּגעלייענט פון צווייטן: געזען קלאָר, בולט, נאָר יעדער האָט געשוויגן, געוואַרט, ווער ס'זאָל פריער אָנהייבן. דער פרעמדער האָט ענדלעך אָנגעהויבן:

— מאָרגן דאַרף ער אָפּגיין — פאַרטאָג נאָך — עך!...

אין דעם „עך" איז געלעגן דער גאַנצער אומזין פון מאָרגנדיקן „אָפּגייען", דאָס גאַנצע משוגעת דערפון. די צוויי מענטשן זענען געווען איצט שטאַרק דערנענטערט. לערנער האָט איבערגעציילט די לעכלעך אין זיין רימען, ווי אים וואָלט שטאַרק אַנגעגאַנגען זייער צאָל, ער האָט געפרעגט:

— נו וואָס, ברודער?...

איצט זענען זיי שוין אינגאַנצן געווען נאָנט. ביידע זענען זיי געווען פון איין דיוויזיע, ביידע ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן גראָז לעבן דער ווייסל, ביידע מיט דער זעלבער באַוואָפענונג. דער פרעמדער האָט אַרויפגעצויגן די שטיוול און געפרעגט:

— פון ווייט?...

— ניין, פון היע.

דער פרעמדער איז איבערגעגאַנגען אויף פּויליש:

— אַ וואַרשעווער?

— אַ וואַרשעווער.

דער פרעמדער האָט אינגאַנצן געלויכטן:

— און איך בין אַ היגער, פון „שאַלעך" לעבן ווייסל.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געוויזן מיט דער האַנט אין אַ קרייז:

— איר זעט דעם גאַנצן געגנט — דאָס איז מיר אַלץ באַקאַנט, ווי מיינע צען פינגער... יעדער גרעזל קען מיך דאָ... שטשיגעל איז מיין נאָמען — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט און אויסגעשטרעקט אַ האַנט: — וואַלענטי שטשיגעל פון שאַלעך...

לערנער האָט דערציילט וועגן זיך:

און איך בין פון פאַר „די האַלעס", אַרום „אייזערנעם טויער"... איר קענט דעם געגנט!...

— אהא!...

ביידע סאָלדאַטן האָבן פאַררויכערט און אָנגעטון זיך. זיי האָבן זיך שוין אַזוי געקאָנט איצט, ווי זיי וואָלטן זיין חברים פון קינדווייז אָן. זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען איצט שווייגנדיק. דער „שאַלעצער" שייגעץ האָט געוואָרפן אַ בליק אַרום זיך, געשמעקט די געגנט מיט דער נאָז, ווי אַ הונט, וואָס וויל דערשפּירן נבילה, און ער האָט שטיל געזאָגט:

— די שינעלן קען מען מיטנעמען, מ׳קען פאַרקויפן פאַר גוט געלט — די ביקסן מיט די קוילן קען מען איבערלאָזן...

— אַראָפּלאָזן אין וואַסער — האָט לערנער געזאָגט — גלייכער אַזוי.

די נאַכט איז ציגעפאַלן מיט דער גאַנצער שנעלקייט פון אַ זומערדיקער נאַכט. אַ רעגן, אַ דראָבנע רעגנדל האָט אָנגעהויבן טריפן און שטיל געקלונגען איבער דעם טייך. ביידע סאָלדאַטן האָבן מיט שטילע קעצישע טריט זיך אַראָפּגעלאָזט צום ברעג, אַראָפּגעלאָזט זייער געווער און צוגעקוקט זיך צום כליופּ און די בלעזלעך, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט איבערן טייך.

אַ ווײַלע האָבן זיי אַלץ געוואַרט אויף די ערטער, ווי אַ זונ-

דיקע מוטער, וואָס דערטרינקט איר ערשט געבוירן אומגעזעצלעך קינד. באַלד האָבן זיי זיך אַראָפּגעשאַרט צו דער לאָנקע און מיט גיכע און גלייכצייטיק איינגעהאַלטענע טריט זיך געשאַרט צו דער שטאָט.

זיי זענען געקראָכן איבער אומבאַקאַנטע פּלעצער, איבער זייטיקע געסלעך און אָפּט זיך אָפּגעשטעלט. דער „שאַליעצער" שייגעץ האָט געשמעקט מיט דער נאָז.

— וואַרט אויס — האָט ער געוואָרנט — זיי ניוכען, די מאַסקאַלעס, ווי די הינט. תמיד אַזוי, איידער מ׳דאַרף אָפּציען.

אַז מ׳איז אַרויס אויף די ליכטיקע גאַסן, האָט דער שייגעץ אַריינגעשטעקט לערנערן אַ האַנט און אָנגעזאָגט:

— מאַכט זיך הינקען, אָט אַזוי. אינוואַלידן טשעפּעט מען גיכער נישט.

דערנאָך האָט ער זיך צוגעבויגן צום אויער זיינעם און נאָך עפּעס צוגעגעבן:

— אין קיין „הייזל" גייט אַלנפאַלס נישט היינט. — אַלע נקיבות שפּיצלעס.. צום ווידערזען!

## קאפיטל II

# װ ע נ ט

בײַם פּעטער ברוך-יוסף לערנער אין שטוב איז געװען אָנגעשטרענגט שטיל.

נישט קוקנדיק דערויף, װאָס שױן אַ צײַט איז ר׳ ברוך יוסף געװען אַ הײמלאָזער, װײַט אויף גאַנצע פופציק מײל פון זײַן פּולװאַרק „באַראװקע”, פון װאַנען קאָזאַקן מיט געװער האָבן אים אַרויסגעטריבן, האָט פונדעסטװעגן דאָ געהערשט די זעלבע אָנגעשטרענגטע און שװערע שטילקײט, װי דאָרט אין „באַראָװקע”, לעבן דער קהירישער גרענעץ.

פון געװעלבטן טונקעלן סופיט האָט אַראָפּגעהאָנגען אויף קײטן אַ גרויסער אַלטמאָדישער מעשענער נאַפט-לאָמפּ און געװאָרפן אַרום זיך מער שאָטן װי ליכט. עטלעכע קרומע, טריבע שטיקער שײַן האָבן זיך געהוידעט איבער דער גרויסער שטוב, געפאַלן אויף אַ שטיק דיקער װאַנט, אויף אַ געשניצטן לײבן-קאָפּ פון אַן אַלט-מאָדישער מאַסיװער שאַפע און אויף אַ העלפט פון ר׳ ברוך יוספס רויטלעך שטרענגן פּנים.

װי אַלע מאָל האָט ער געהאַט אַ סכסוך מיט די „װײַבער”: מיט טויבעלען זײַן װײַב און מיט גנענדלען זײַן טאָכטער.

אין די פּראָנט-באַריכטן פון זײַן „הצפירה”, װאָס ער האָט געלײענט, האָט ער אָנגעטראָפן צופעליק אויף זײַן פאַרלאָזענער הײם, אויף זײַן „באַראװקע” לעבן דער קהירישער גרענעץ. דאָס, װאָס זײַן באַראװקע איז דאָ אין צײַטונג, האָט אים אַזױ אויפגערודערט, אַז דאָס גאַנצע בלוט פון קאַרק האָט אים אַ זעץ געטון אין פּנים. ער האָט גיך געכאַפּט די זילבערנע פענסנע, װאָס האָבן אים תמיד זיך באַכגעהאָנגען אויף אַ שנירל, ער האָט זײ אָנגעזאָטלט אויף זײַן

— —

שאַרף-געבויגענער אָדלער־נאָז און אַ זאָג געטון צו די „ווייבער״, וואָס זענען געזעסן אין ווינקל אין איין שאַלעכל אַרומגעהילט:

— ט'שוין געהערט! אין באראווקע שלאָגט מען זיך דאָך! אַ מבין!

און גלייך דערויף האָט ער אָנגעהויבן לייענען אויפן קול דעם לשון-קודשדיקן באַריכט.

ברוך יוספס „ווייבער״ האָבן פון וואָרט „באראווקע״ אַזוי אויפגעציטערט, אַז זיי האָבן אַזש אויפגעשפּרונגען פון אָרט מיטאַמאָל. זיי האָבן געהערט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן די פרעמדע שווערע ווערטער, געוואָלט אויפכאַפּן דעם טייטש, נאָר זיי האָבן בשום אופן נישט געקאָנט. ברוך יוסף האָט געלייענט גיך, פּאַרציקט, ווי מען זאָגט מחזור, האָט זיך טויבעלע זיין ווייב נישט געקאָנט מער איינהאַלטן און אים איבערגעהאַקט:

— ברוך יוסף קרוין, זאָג אונז שוין, וואָס איז געשען, דערבאַרעם זיך!

האָט ברוך יוסף אַזאַ וואָרף געטון מיט דער צייטונג אין טיש, אַז די זילבערנע פענסנע זענען אַליין אַראָפּגעשפּרונגען פון דער נאָז און געבליבן הענגען אויף דעם שנירל.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אַ קלאַפּ געטון מיט דער פויסט אין טיש — מען וועט מיך שוין גאָרנישט לאָזן עפּעס איבערלייענען אויך! —

ביידע „ווייבער״ האָבן זיך אַזוי איינגעקורטשעט אין טיכל, אַזוי זיך צונויפגעטוליעט, ווי איבערגעשראָקענע קינדער. ביי טויבעלען האָט גלייך אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן דאָס גוידערל, דאָס לייַדיקע גוידערל, וואָס נישט לאַנג איז עס געווען פול, און איצט איז מער נישט געבליבן דערפון ווי הויט, אַ זעקל צוקנייטשטע הויט.

— וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטון? — האָט זי אַ פרעג געטון און שוין אָנגעהויבן שאָקלען מיט די ברעמען גרייט צו וויינען.

ברוך יוסף האָט דערויף ווידער אָנגעזאָטלט די זילבערנע פענסנע, איינגעקוקט זיך אין זיין ווייב און דאָס בלוט פון קאַרק האָט אים אָנגעהויבן נאָכמער צו שטויסן צום פּנים. גנענדל האָט געוואָרפן בליקן אויף דער מאַמעס שאָקלענדיקע ברעמען, באַלד אויפן טאַטנס בלוט־

פֿנגעלאָפּענעם פּנים און זי איז בלאַס געוואָרן פֿון שרעק. — זי האָט זיי גוט נעקענט, אי דעם טאַטן, אי דער מאַמען. תּמיד, ווייסט זי, הויבט זיך עס אַזוי אָן. צום ערשט הויבט זיך אָן ביי דער מאַמען צו שאָקלען דאָס גוידערל, דערנאָך כאַפּט דער טאַטע די זילבערנע פּענסנע אויף דער נאָז, קוקט זיך איין אין דער מאַמעס אויגן אַריין אַזוי לאַנג, ביזט אַ טרער באַווייזט זיך—און דאַן הויבט עס זיך אָן; דער גיהנום פלאַקערט אויף.

זי האָט נאָך געפּרוווט אַ ווײַלע אָפּהאַלטן, זי האָט אָנגענומען די מוטער ביי דער האַנט, געוואָלט זי אַריינפירן אין צווייטן חדר אַריין און געבעטן זיך:

— מאַמעשי קום! קרוין מיינע, קום אַוועק!

נאָר זי האָט שוין נישט באַוויזן. די ערשטע טרער האָט אַ פּליס געטון איבער דער ברוינלעכער צוקנייטשטער באַק אירער. דער טאַטע האָט נאָר דערויף געוואַרט און מיט פרייד אַ פּאַטש געטון איןביידע הענט.

— מזל־טוב! — האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ ניגון פון אַ בדחן, וואָס באַזינגט אַ כלה און די אויגן האָבן ביי אים אויפגעפלאַקערט גרייט צו מלחמה—שוין, זי פּישט שוין!...

נאָר אין דעם מאָמענט האָט מען פּעסט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אין איין רגע האָבן זיך אַלע אין שטוב אַזוי געביטן, גלייך קיין שום זאַך וואָלט דאָ נישט פאָרגעקומען.

— טויבעלע! — האָט ברוך יוסף געזאָגט ווייך, אַזוי ווייך, ווי אַ יונגערמאַן רעדט צו זיין ווייבל אין די ערשטע טעג נאָך דער חתונה — טויבעלע, גיי עפענען, און פרעג ווער ס'איז.

— שוין, ברוך יוסף — האָט טויבעלע געענטפערט מיט קעגנזייטיקער צערטלעכקייט, אָנטוענדיק אַ שמייכעלע אויף אירע פאַרטרערטע אויגן.

מען איז דאָ געווען אָפּגעשלאָסן פון הויף מיט טויזנטער שלעסער ביי ברוך יוספן אין שטוב, מען האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט.

— ווער איז? — האָט טויבעלע געפרעגט עטלעכע מאָל און געווישט דערווייל די אויגן מיטן ברעג פאַרטוך—ווער?

נאָר באַלד האָט זי געעפנט האַסטיק די טירן און צוזאַמען מיט זיי—די לעדלעך פון די אויגן.

— בנימין?

זי האָט נישט געדאַרפט מער איינהאַלטן די טרערן און נויטן זיך שמייכלען. זי האָט געוויינט און געלאַכט צוזאַמען. לערנער איז צו־געפאַלן צו איר פנים, געקושט, פילנדיק אַ פייכטע געזאַלצנקייט אויף זיינע צוטריקנטע צושפּאָלטענע ליפּן. זיי האָבן זיך אָפּגעלאָזן, באַ־טראַכט זיך אַ ווײַלע און צוריק זיך געפאַלן אין די אָרעמס.

האָט שוין גנענדל נישט געקענט מער ליידן און אַרויסגעריסן לערנערן פון דער מאַמעס הענט.

— מאַמע! — האָט זי געשריגן אויפגערעגט — אפשר וועסטו אים אָפּלאָזן אַ ווײַלע? מאַמע!

לערנער האָט זיך אויסגעריסן פון דער מומע טויבעלעס אָרעמס, ער איז צוגעפאַלן צו די מיידלשע אָפן־אויסגעשטעלטע פולע ליפּן און פאַרגעסן אין אַלץ אין דער וועלט מיטאַמאָל.

— גנענדעלע! — האָט ער געשעפּטשעט — דו ביסט עס?

און ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך פעסט, צוגעדריקט זי מיט דער גאַנצער ניין־חדשימדיקער בענקשאַפט צו זיין ברייטער לעכצנ־דער ברוסט.

דער לעצטער איז צוגעקומען ר׳ברוך יוסף, לערנער האָט אויך געוואָלט צופאַלן דעם פעטער צום מויל, נאָר ברוך יוסף האָט באַ־צייטנס זיך אַ רוק אָפּ געטון און אויסגעשטרעקט אים אַ האַנט צום קושן, ווי אַ מאָל, בעת בנימין איז נאָך געווען אַ קליין יינגל און געוווינט ביי אים אין דאָרף. האָט לערנער זיך צוריק אויפגעכאַפּט פון זיין צוטומלטקייט און קוים אָנגערירט דעם פעטערס אָדערדיקע האָ־ריקע האַנט.

— וואָס מאַכט מען? — האָט ברוך יוסף געפרעגט קאַלט, נישט ווי מען פרעגט אַ מענטש, וואָס קומט נאָר וואָס פון פראָנט, נאָר ווי מען פרעגט עמעצן סתם אין דער וועלט אַריין.

גנענדל האָט נישט אויפגעהערט באַטראַכטן לערנערן, זי האָט געקוקט אויף זיין שטעכעדיקער זעלנערישער באָרד, אויף דעם אָפּ־געברענטן פרעמדן קאַרק זיינעם, אויף זיין באַוואַקסנקייט, וואָס איז

אים צוגעקומען אויפן פעלד, און עס איז איר געווען אי פרעמד, אי ליב גלייכצייטיק.

— בנימישע! — האָט זי אים געפרעגט — לעבסט, בנימינו?

איז ר׳ ברוך יוסף געוואָרן אין כעס.

— ניין, ער לעבט נישט! — האָט ער געשריגן — אַ טויטער איז ער געקומען צופאָרן!

האָבן זיך אַלע פאַנאַנדערגעלאַכט. אפילו די מומע טויבעלע אויך.

— וואָס פאַר אַ ווערטער רעדסטו? — האָט זי פאָרגעוואָרפן דעם מאַן און זי האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן, אַליין נישט וויסנדיק וואָס אָנצוהייבן טון.

— בנימינו — האָט זי געפרעגט — וואָס האָסטו ליבער, פלייש געפרעגלט, צי געהאַקט?־הערינג מיט עסיק, צו מיט אַ ציבעלקע?...

אין לערנערס זעלנערישע אויערן האָבן די ווערטער געקלונגען מאָדנע פרעמד און קאָמיש גלייכצייטיק. די נאַיווע ווייבערישע פראַגע האָט מיט אַזויפיל וואַרעמקייט אָנגעפילט זיין פאַרהאַרטעוועט, פאַרגרעבט געמיט, אַז ער איז צוגעגאַנגען צו דער מומע, אָנגענומען זי פאַרן קין און אַ קוש געטאָן איר צוויי מאָל, גאַנצע צוויי מאָל איינס נאָכן אַנדערן.

נאָר דער פעטער ברוך יוסף האָט אַ שטרענגן בליק געטון און געפרעגט שאַרף און קורץ:

— וואָסזשע, ביסט באַפרייט? — געקומען אויף אורלויב?

און לערנער איז מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַלע הימלען און געבליבן שטיין מיט אַ פאַרגליווערטער צונג אין מויל.

ער האָט געמורמלט:

— באַפרייט, פעטער... ס׳הייסט נישט... נאָך נישט באַפרייט...

דער פעטער ברוך יוסף האָט אַ בליץ געטון מיט די אויגן.

— כ׳האָב פיינט יידישע ענטפערס — האָט ער געזאָגט — באַ־פרייט איז דאָך נישט-באַפרייט!

נאָר דערווייל האָט שוין גנענדל אַראָפּגענומען פון שאַפע דעם בייכיקן בוטל מיט וויינשל-זאַפט און אָנגעגאָסן אין חמצדיק־ געוואָרענע פסחדיקע כוסות, און דער געשפּרעך איז געוואָרן איבערגעהאַקט.

— אַזוי ? — האָט דער פעטער ברוך יוסף געברומט און גע־צויגן די רונדע פעסטע שוואַרץ־גרוילעכע באָרד—אַזוי ?...

תחילת איז דאָס עסן געגאַנגען אומעטיק, שווערלעך. דער פע־טער האָט אפילו אים אַלע מאָל צוגערוקט די טעלערס און גע־מונטערט :

— עס, עס ! וואָס שווייגסטו ?

נאָר לערנער האָט געזען, ווי דער פעטער הערט נישט אויף ציען די באָרד, און דאָס עסן איז אים נישט באַקומען. ער האָט גוט געקאָנט דעם פעטערס געוווינהייטן. ער האָט געוווּסט, אַז תמיד, ווען ער ווערט צו העפלעך און ציט זיך די באָרד, איז אַ סימן, אַז ער גרייט זיך מאַכן אַ גיהנום און דאָס עסן איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. טייל ביסנס האָט ער צו גיך אַראָפּגעשלונגען און אַנדע־ע צו לאַנג געקייט. אים האָט שוין באַנג געטון, אלמאי ער איז גאָר דאָ אַריינגעקומען, און כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז אין אַזאַ מצב, אין אַ שינעל אָן פּאַפּירן, קאָן ער אין ערגעץ נישט גיין, האָט ער באַשלאָסן ביי זיך באַלד נאָכן עסן אַוועקגיין ערגעץ נעכטיקן, אַלץ איינס וווהין.

ער האָט זיך געקרעקט עטלעכע מאָל מיט אַ ביסן און איבער־געריסן די שטילקייט.

— פעטער — האָט ער געזאָגט שטאַמלענדיק — דער פעטער דאַרף נישט זיין אַזוי אויפגערעגט. אויב דער פעטער האָט מורא, גיי איך אַוועק...

דער פעטער ברוך יוסף האָט אויפגעהערט שפּאַנען. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט האַסטיק קעגנאיבער לערנערן, באַטראַכט אים אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז לערנער האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן דעם בליק און אים אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד.

— שוטה ! — האָט דער פעטער ברוך יוסף ענדלעך אַרויסגע־זאָגט — ברוך יוסף האָט נישט מורא—הערסט !...

לערנער האָט נאָך עפּעס געוואָלט רעדן, נאָר דער פעטער האָט אים נישט געלאָזט.

— גענוג ! — האָט ער באַפוילן — גנענדל, וועסט אים אויס־בעטן דאָס בעט אין אַלקיר !

און גלייך דערויף האָט ער זיך אָנגעגאָסן איין גלעזל זאַפּט, לערנערן אָנגעגאָסן אַ צווייטס און אָנגעקלאַפּט מיט די גלעזלעך:

— לחיים! לחיים פאַר נוסח „אשכנז"...

ער האָט אַ בליק געטון מיט די אויגן אַרום זיך, וועלנדיק זיך איבערצייגן, צי מ'האָט פאַרשטאַנען זיין באַהאַלטענעם פּאָליטישן מיין, און איבערצייגנדיק זיך, אַז מ'האָט אים פאַרשטאַנען, האָט אַ שמייכל צעצויגן זיין שטרענג פּנים. — ער האָט אַריינגעזופּט נאָך עטלעכע גלעזער איינס נאָכן אַנדערן, אַזוי, אַז דאָס פּנים איז אים געוואָרן נאָך רויטער און די אויגן האָבן זיך צעפלאַקערט.

— בנימין — האָט ער געשריגן צו לערנערן אויפן קול און געוויזן זיך אויף דער האַנט־פלאַך — זאָלן מיר דאָ האָר וואַקסן, אויב דו וועסט נאָך פאַרזוכן פּאָניעס קאַשע...

די מומע טויבעלע האָט זיך געקניפּן אין די באַקן. זי האָט זיך געבעטן:

— ברוך יוסף, שווייג! — ווענט האָבן אויערן.

נאָר ברוך יוסף האָט חוזק געמאַכט:

— ביסט אַ יידענע—האָט ער געשריען — ברוך יוסף וועט זאָגן דעם אמת דעם קייסער אַליין אין די אויגן.

און גלייך דערויף, האָט ער אַראָפּגעכאַפּט ביי לערנערן דאָס צו גרויסע זעלנערישע היטל מיטן צעשפּאָלטענעם דאַשעק און אַ שמיץ געטון אין דער ערד מיט אַזאַ עקל, ווי ער וואָלט אַוועקגעוואָרפן אַ מאוסן שרץ.

—טפוי אויף דיר!—האָט ער געשריגן און געשפּיגן דערויף!—פּע!

טויבעלע האָט פאַרמאַכט מיט שרעק די פענסטער. נאָר ברוך יוסף האָט זיך נישט געמאַכט דערפון. ער האָט גיך אַרויסגעשלעפּט דעם דיקן טייסטער פון בוזם־טאַש, אַרויסגעצויגן אַ קנאַקעדיקן פינף־און־צוואַנציקער און געשטעקט לערנערן אין האַנט:

— מאָרגן קויף דיר אַ קאָסטיום! — נאַ!

לערנער האָט נישט אויסגעשטעקט די האַנט. ער האָט געוווּסט, אַז מען לעבט ביים פעטער פון די לעצטע געלטער און ער האָט געקוקט אויף דעם באַנקנאָט מיט דערשראָקענע אויגן. איז ר' ברוך יוסף אַריין אין כעס.

— בהמה — האָט ער געשריגן—מיינסט, כ׳טו עס דיר צוליב?— אַ פייג!... דאָס טו איך פאַר מיר! די לערנערס דאַרפן גיין בכבוד. הערסט!

בנימין האָט געמוזט צונעמען די קנאַקעדיקע אַסיגנאַציע און דער פעטער האָט אים דערלאַנגט די האַנט צו די ליפּן:

— נו אַ גוטע נאַכט, גיי שלאָפן!

די „ווייבער" האָבן נאָך געוואָלט זיצן אַ ביסל, רעדן, פרייען זיך, נאָר ברוך יוסף האָט נישט דערלאָזט.

— לאָזט אים שלאָפן! — האָט ער באַפוילן—די פליאָטקעס וועלן נישט ביז מאָרגן אַלטגעבאַקן ווערן.

אין מיטן נאַכט האָט לערנער דערפילט אַ וואַרעמע האַנט און אַ גליענדן אָטעם אויף זיך. ער האָט געעפנט די אויגן און דערזעען גנענדלען שטייען פאַר זיך.

אירע שוואַרצע האָר זענען געווען צעשאָטן איבער די ציטער־דיקע רונדע אַקסלען און זיך צעווּיפגעמישט מיטן זיידענעם טיכל, וואָס איז נאַכלעסיק געלעגן פאַרוואָרפן אויפן לאַנגן העמד. די אויגן האָבן ביי איר געלויכטן מיט אַ פאָספארישן גלאַנץ, אויסגעשניטן זיך אין דער לבנה־באַלויכטענער טונקעלער שטוב.

אַז זי האָט אים דערזען וואַך, איז זי אָפּגעשפּרונגען פון אָרט און איינגאַנצן אַ ציטער געטון.

— ניין... ניין, בנימין — האָט זי געמורמלט. — כ׳האָב בלויז געוואָלט דיך אָנקוקן... בלויז...

ווידעראַמאָל האָבן אים אַ שטויס געטון, ווי שטענדיק, די הפקרות מיט דער שרעק צוזאַמען. ער האָט זי אַ כאַפּ געטון אין זיינע שטייפע אָרעמס, צוגעדריקט זי צו זיין ברוסט, צו זיין צאַפּל־דיקער ברוסט, וואָס איז פול מיט ניין־חדשימדיקער בענקשאַפט צו וואַרעמקייט, רו און גליק. ער האָט איינגעטוליעט זיין פּנים זיין באַוואַקסן אָפּגעבריענט און צעשפּאָלטן פּנים אין איר ווייס מיידלערישער צאַפּלדיקער ברוסט.

גנענדל האָט געציטערט איינגאַנצן אין זיינע אָרעמס. זי האָט שטיל געשעפּטשעט:

— האָסטו מיך נאָך ליב, ווי אַ מאָל, בנימין? — כאַטש אַ קליין ביסעלע ליב?.

זי האָט זיך נישט מער געוועוט, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ. לערנער האָט אויף איר אַ בליק געטון און אַרויסגעלאָזט זי האַסטיק פון די אָרעמס.

— קינד, גיי אַוועק! — האָט ער זי געטריבן — גיי, גיי!..

דעם פעטערס פנים איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן.

## קאַפּיטל III

# ר' ברוך יוסף

ליכטיקע וואַרעמע טעג, פול מיט זון און פרייד, האָבן זיך געצויגן איבער דער וועלט איינער נאָכן אַנדערן, איינער ענלעך צום אַנדערן.

ביי לערנערן אין קליינעם אַלקיר האָט די זון געשיינט שטאַרקער ווי אומעטום, גאַנצע זיילן ליכטיקן שטויב געשאָטן אַרום זיך.

ביינאַכט האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַפרייען פון פעלד, פון פראָנט. ער האָט געליטן פון שלעכטע חלומות, קאשמארן. נאַכט ביי נאַכט איז ער געגאַנגען אויף אַטאַקעס. ער איז געגאַנגען מיטן באַגנעט פאָרויס, נאָר תמיד, ווען ער האָט שוין געדאַרפט דערלאַנגען, אָפּשלאָגן זיך, איז אים מיטאַמאָל פאַרשלאָפן געוואָרן אַ פוס, אַ האַנט, און ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. ער האָט געשריגן, געוויינט, איז די מומע טויבעלע אַראָפּגעקראָכן פון איר געלעגער, אַראָפּגענומען אים די האַנט פון האַרץ און געוועקט:

— בנימינ'ו, הער אויף: בנימישי, באַרויק זיך!

אָבער דערפאַר, אַז ער פלעגט זיך אויפכאַפּן אינדערפרי און רערזעען זיך צווישן פיר ווייסע זוניקע ווענט, אויף ווייס קלאָר בעטגעוואַנט, האָט אים אַזאַ פרייד אַרומגענומען, אַז ער פלעגט אַראָפּשפרינגען אין די וועש פון בעט און געטאַנצט, געטאַנצט ווי אַ קינד אין העמדל, אויף דעם שטיקל ליכטיקן זון, וואָס איז געלעגן אויסגעלייגט אויף דער פאָדלאָגע.

ער איז געווען גליקלעך פון יעדער קלייניקייט. גליקלעך מיט דער שיסל וואַסער, וואָס שטייט גרייט פאַר אים און ער קאָן אָפּוואַשן זיך דעם האַרט-געשוירענעם קאָפּ; גליקלעך מיטן קלאָרן ווייכן האַנטוך, מיט די פאַרביקע זייפן-בלאָזן. אַלץ האָט אים געפרייט: דאָס

פייער, וואָס קנאַקט אין קיך; די פאַרבלאָנדזשעטע פליג, וואָס זשומט איבער דער שויב. ער האָט עטלעכע מאָל אומזיסט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענסטער, צופרידן דערפון, וואָס מען דאַרף נישט מורא האָבן פאַר אַ קויל. ער האָט אויסגעזוכט זיך רייד, אומזיסטע איבריקע רייד, גליקלעך דערפון, וואָס אַ חוץ די צוויי אידיאָטישע ווערטער „טאַק-טאטשנא״ און „ניקאַק-ניעט״, זענען פאַראַן נאָך אַנדערע רייד אויף דער וועלט, טויזנטער פרייע רייד.

גאַנצע שעהן איז ער געזעסן מיט גנענדלען. זיי האָבן דער־מאָנט זיך מעשיות פון אַמאָל, פון באַראַוועקע, דערמאָנט זיך אין יע־דער „פאַראָבעק,״ אין יעדן פאַרבייגייענדיקן דאָרפס־ייִד, אין יעדן פאַרבלאָנדזשעטן בעטלער, אין יעדן בוים אפילו — און דערנאָך, אַז מ׳האָט שוין אַלץ אויסגערעדט, אַז מ׳איז שוין מיד געוואָרן פון לאַכן, רעדן און נאָכקרימען, איז מען אַזוי געזעסן איינער נעבן אַנדערן, געהאַלטן זיך ביי די הענט און געשוויגן, קיין איין וואָרט נישט גערעדט, נאָר געשוויגן.

ער האָט געקאָנט אָפּזיצן, לערנער, גאַנצע שעהן און קוקן אויף דער מומע טויבעלע, ווי זי פּאָרעט זיך אין קיך; ער האָט געקאָנט זיך צוקוקן אויפמערקזאַם צו אַ פליג, וואָס שפּאַצירט זיך איבער דער וואַנט, און אַזוי לאַנג זי האַלטן אויפן אויג, ביז זי איז אים פאַר־שוווּנדן ערגעץ.

אים האָט געפרייט יעדע באַוועגונג, יעדער וואָרט, יעדעס באַ־שעפעניש. אַלץ האָט אים דערמאָנט, אַז ער לעבט.

— ס׳איז גוט — האָט ער געזאָגט גנענדלען — זייער גוט.

ער האָט געפילט די גוטסקייט, ווי איינער, וואָס מ׳רייסט אים אַרויס אַ ווייטיקדיקן צאָן.

אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט אַ קורצע צייט, אייניקע טעג בלויז. באַלד האָט דער פעטער ברוך יוסי געלאָזט זיך פילן, אַז ער איז דאָ. ער האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן צו אָפט איבער דער שטוב און ציען יעדער האָר באַזונדער פון זיין שוואַרץ־גרוילעכער באָרד — אַ סימן, אַז ער גרייט זיך צו עפּעס...

— גנענדל — האָט ער אָפט אַריינגעשריגן איצט אין אַלקיר אַריין — אפשר וועט זיין גענוג זיך נאַריש מאַכן?

ער איז געווען בייז, דער פעטער ברוך יוסף, אויפגערעגט. שוין אַ צייט, ווי מען האָט ביי אים אין שטוב געלעבט פון גרייטן. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען פאַרטריבן פון זיין באראווקע, איז ער געזעסן פאַרמאַכט אין שטוב, נישט געגאַנגען צו עמעצן, נישט געלאָזט עמעצן אַריין צו זיך.

אין הויף, ווו ברוך יוסף האָט געוווינט, האָבן די יידן די שכנים שטאַרק חשק געהאַט אַריינצוקומען צום נייעם שכן. זיי האָבן אַלץ נישט געקאָנט וויסן, וואָסערע מענטשן די „פּראָווינצער" זענען?— זענען זיי רייך צי אָרעם? — דערצו איז ער געווען, ר' ברוך יוסף, אַ מאָדנער, ביי אים אין פּנים איז נאָך פאַרבליבן דאָס פּריצישע אָפּ־געסמאַליעטע רויטקייט, וואָס עס האָבן נאָר יידן וואַלד־סוחרים גבירים. דער קאַרק איז ביי אים געווען עקשנותדיק, גלייך, אַזוי גלייך, אַז דער קאָפּ מיט דעם אַקן מיט די פלייצעס האָבן געשאַפן איין אָפּגע־האַקטע גלייכע ליניע. דער ווייסער קראַגן איז געווען מאָדנע ווייס אַרום דעם אָפּגעסמאַליעטן־ברוינעם האַלדז; די באָרד איז געווען ביי אים געדעכט, נאָר ביי דער גאַנצער געדעכטקייט, האָט מען יעדער שוואַרץ־גרוילעכע האָר אָנגעזען באַזונדער. דערצו האָט ער נאָך גע־טראָגן אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק, און דאָס האָט די יידן פון הויף גאָר אַרויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט.

— אַ מאָדנער! — האָבן זיי געזאָגט — און טייל האָבן אַפילו געפּרוווט דעם ערשטן מאָל זיך אָנרירן מיט אַ פינגער ביים דאַשעק פון היטל, נישט קענענדיק זיך באַשליסן — אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר אים אָדער נישט?

זיי האָבן געזוכט פאַרשידענע מיטלען, די שכנים, אַריינצוקו־מען צו די „פּראָווינצער", נאָר ר' ברוך יוספס שטוב איז געווען אָפּגעשלאָסן.

— האַלטן פאַרמאַכט! — האָט ר' ברוך יוסף באַפוילן אין שטוב — כ'האָב נישט ליב, אַז מ'קוקט מיר אין טעפּל אַריין!

ער איז נישט געגאַנגען אין גאַס, נישט געגאַנגען דאַוונען אַפילו. ער האָט געדאַוונט ביחידות, ווי אין „באראווקע".

פון צייט צו צייט איז אַמאָל יאָ געקומען עמעצער. דאָס זענען געווען יידן שכנים פון פּאָלוואַרק, וואָס מען האָט זיי אַרויסגעטריבן

פון די שטעטלעך און דערפער. זיי האָבן דאָ געמסחרט, די פרעמדע יידן, געקויפט וואַגאָנעס און פאַרקויפט, און זיי האָבן דווקא געוואָלט אַריינציען ר׳ ברוך יוספן אין שותּפות אַריין.

— ר׳ ברוך יוסף — האָבן זיי זיך געבעטן — מ׳קאָן שאַרן גאָלד מיט די הענט.

נאָר ר׳ ברוך יוסף האָט זיי געטריבן.

— קליינשטעטלדיקע חכמים! — האָט ער געלאַכט פון זיי — זיי גייען מיך לערנען שאַרן גאָלד! — פּראִים!

די יידן האָבן פאַרביסן ברוך יוספס זידל-ווערטער און געפּרוּווט איינטענהן מיט טויבעלען:

— ר׳ ברוך יוספס ווייב — האָבן זיי געזאָגט — אייער מאַן איז אַ גזלן אויף זיך אַליין! — מענטשן ווערן גבירים!

נאָר דאָס האָט שוין גאָר ברוך יוספן אַרויסגעבראַכט פון געדולד. אַלץ האָט ער נאָך געקאָנט מוחל זיין, נאָר נישט, אַז אַ יידענע זאָל אים זאָגן אַ דעה — און ער האָט די יידן געטריבן פון זיך.

— נעמט מיר נישט צו קיין אומזיסטע צייט! — האָט ער געזאָגט, גלייך גאָט ווייסט, וואָס ער האָט אַזוינס צו טון.

— כ׳דאַרף נישט קיין געלט! — כ׳האָב גענוג געלט!...

בלויז צוויי מענטשן האָט ער געזען גערן ביי זיך: ר׳ כּתריאל בורר, אַ גאַליציאַנער ייד, אַ „נכתּב״, וואָס האָט זיך „איבערגעשריבן״ אויף אַ רוסישן, אַ ייד מיט אַן אַלפּאַגענער זשיפּיצע מיט קעשענעס פון הינטן, מיט אַ זיידן טיכל אויפן האַלדז און מיט אַ גלייכן שכל. אָט דער ר׳ כּתריאל איז אין שטעטל נעבן ר׳ ברוך יוספס פּאָלוואַרק געווען אַ בורר, צו אַלע דין-תּורהס האָט מען אים גענומען. נישט איינמאָל האָט אים ר׳ ברוך יוסף אַליין אַראָפּגעבראַכט צו אַ „בוררות״.

אַן אַרויסגעטריבענער, אַ היימלאָזער, האָט ער אין וואַרשע זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. קיינער האָט אים נישט געקענט. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָסער גלייכן שכל ער האָט — און ער איז אָפט געקומען צו ר׳ ברוך יוספן און שטיל איינגעטענהט וועגן איינער און דערזעלבער זאַך.

— וואָס איז דאָ צו רעדן, ר׳ ברוך יוסף—האָט ער געזאָגט —

דער יעקל קארלאָווער חלשט דעם שידוך. ער גייט אויס נאָכן מיידל אייערס... און ער איז אַן עושר, אָנגעשטאָפּט מיט געלט. הערט מיינע רייד...

ר' ברוך יוסף האָט אים מכבד געווען מיט ווײַנשל-זאַפּט, אָנגעגאָסן אים אין גלעזל, זיך דאָס אַנדערע, און געצויגן יעדער האָר באַזונדער.

— אוודאי — האָט ער געזאָגט — איר זענט אַלעמאָל געווען אַ ייד מיט אַ גלייכן שכל, ר' כתריאל — וואָס איז דאָ דאָ צו רעדן?

אויסער ר' כתריאלן, האָט ער גערן געזען נאָך איינעם אַ מענטש — דאָס איז געווען אים, יעקל קאַרלאָווער אַליין, וועגן וועלכן ר' כתריאל האָט דערציילט, אַז ער איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און אַז ער גייט אויס נאָכן מיידל.

באַלד ביים ערשטן באַגעגעניש מיט אָט דעם יעקל קאַרלאָווער איז לערנערן ענג געוואָרן אין פּעטערס שטוב. עס האָבן אים געברענט די טריט אונטער די פיס.

יעקל קאַרלאָווער איז דאָ נישט געווען קיין פרעמדער מענטש אין שטוב. — ער איז געווען ביי ר' ברוך יוספן אין דאָרף אַן אָפטער גאַסט. זייער אָפט פלעגט ער פאַרפאָרן מיט זיין קאַרעטקע אויף צוויי רעדער צו ברוך יוספס פּאָלוואַרק און ווײַלן עטלעכע שעה.

אַז ער איז אַריינגעקומען צו ר' ברוך יוספן אין שטוב איצט און דערזען מיטאַמאָל לערנערן, האָט ער צו אים אויסגעשטרעקט ביידע הענט און געכאַפּט זיך קושן.

— זע נאָר! — האָט ער אויסגערופן מיט זיין לייכט, קוים באַ־מערקבאַרער, אונטערפאָנפנדיקער שטים—בנימינקע! זע נאָר זע, וואָסער יונגאַטש ער איז אויסגעוואַקסן!

נאָר לערנער איז געווען צו אים קאַלט. — פון ייִנגלווייז אָן האָט אים לערנער נישט ליב געהאַט, נאָך פון דעמאָלט, ווען ער, לערנער, איז געווען ביים פעטער אין באראווקע, און יעקל קאַרלאָ-ווער פלעגט קומען צופאָרן.

ער האָט געהאַט אַ טבע, דער יעקל קאַרלאָווער, אַז אים, בנימינען, האָט ער קיינמאָל נישט אַרויפגענומען צו זיך אויף דער קאַרעטקע, קיינמאָל נישט. אַרויפגענומען אויף דער קאַרעטקע האָט

ער נאָר גנענדלען. זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידל, אַ דין מיידעלע מיט צוויי קויל־שוואַרצע צעפּלעך, פון וועלכע עס קוקט אַרויס אַ וואַרעם פּוכיק ווייך העלדזל. און שטענדיק פלעגט ער זי אַוועקזעצן צו זיך אויף די קניען, געבן איר די גומענע בלויע לייצן אין האַנט און אַזוי פעסט זי צוגעדריקט צו זיך, אַז איר פלעגט אויספעלן אָטעם.

— ס'גוט צו פאָרן? — האָט ער זי געפרעגט — האָסט ליב דעם פעטער יעקל? האַ? נא, טאָ גיב אַ קוש דעם פעטער! — נא!

זי האָט אים נישט געוואָלט קושן, גנענדל. ער האָט געהאַט אַ געדיכט העל בערדל, וועלכעס ער פלעגט קעמען אינדערמיט מיט אַ שרינד — און אַ טבע האָט ער געהאַט אַלע ווײַלע אַ גלעט זיך צו טון מיט דער האַנט אין בערדל, אַ גלעט אויף רעכטס און אַ גלעט אויף לינקס, אַזוי אַז דער שרינד זאָל זײַן אין אָרדענונג. און נאָך פון קינדווייז אָן האָט זי אים נישט ליב געהאַט, גנענדל. איבערהויפּט האָט זי פיינט געהאַט, אַז ער פלעגט זי צודריקן צו זיך און געבן איר אַ קוש אין האַלדז. אַ גאַנצן טאָג האָט איר געשטאָכן צווישן ביידע צעפּלעך פון זיין שטעכיק בערדל און וואָנסן. דערצו נאָך פלעגט בנימין מיט איר ברוגז ווערן אויף אַ גאַנצן טאָג. ער פלעגט דערנאָך נישט וועלן זיך שיפן מיט איר אויף דער לאָדקע איבערן טייכל. ער פלעגט צעשטויסן מיט די פיס אַלע געשפּרענקלטע פויגל־אייערלעך, וואָס ער פלעגט גגבענען פון די נעסטן — און אינמיטן פאָרן, פלעגט זי אָנהויבן שרייען:

— אַראָפּ! — בנימינקע, נעם מיך אַראָפּ! בינימינקע!

און בינימינקע פלעגט זיך נישט וויסנדיק מאַכן, נישט ענט־פערן.—שפּעטער צו, אַז גנענדל איז שוין עלטער געוואָרן און גע־לערנט זיך ביי לערערס, וואָס מען האָט אַראָפּגעבראַכט קיין באָ־ראָווקע, איז יעקל קאַרלאָווער געקומען מיט מתנות. ער האָט גע־בראַכט טעוועלעך שאָקאָלאַד, פאַרנויגט זיך האַלב אין שפּאַס האַלב אין ערנסט, נישט געוווסט, ווי אַזוי צו רעדן צו איר, אויף „דו" אָדער „איר" און ער האָט גערעדט מיט אַ סך פּוילישע און דייטשי־שע ווערטער געמישט—ער האָט זי גאָר אָנגעהויבן רופן „גוטשאַ".

— פאַננא גוטשא — האָט ער געזאָגט — בין איך געווען אין

לובלין אין אַ טעאַטער, איז עס געווען אַ „צאַש..." פּאַננא גוטשא מעג עס הערן...

און ער האָט איבערדערציילט מיט גרויס גענויקייט דעם גאַנצן אינהאַלט פון לובלינער טעאַטער־שטיק. נאָכגעמאַכט אַלע באַוועגונגען און מימיק.

ר' ברוך יוסף פלעגט פון אים לאַכן. ער פלעגט חוזק מאַכן פון זיין לייכטער פאָנפעוואַטער אויסשפּראַך און געמאַכטע פּריצישע מאַניערן.

— יענקעלע פאָנפאַטש! — האָט ער געחוזקט — ער קען אוודאי מיינען, אַז ער רעדט פּריציש אונטער דער נאָז, דער פאָנפאַטש!

און ער האָט אָנגעזאָגט גנעדלען, זי זאָל ביי אים נישט נעמען קיין שאָקאָלאַד.

— ברוך יוספס טאָכטער — האָט ער געזאָגט בייז — דאַרף נישט יענקעלע פאָנפאַטשס מתנות!

דאָ אין וואַרשע, האָט יעקל קאַרלאַווער צוריק אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו ר' ברוך יוספן אין שטוב, און ר' ברוך יוסף האָט אים גוט אויפגענומען. ער האָט אים שוין איצט נישט גערופן „יע-קעלע", נאָר ביים פולן נאָמען יעקב, און גערעדט מיט אים האָט ער, ווי מיט אַ בכבודן אָנגעזעענעם מענטש:

— ווי האַלט עס מיט פאָניען? — האָט ער אים געפרעגט — דו קומסט זיך דאָך צונויף מיט גרויסע לייט, וואָס זאָגן זיי?

ער איז זיך איצט טאַקע צונויפגעקומען מיט גרויסע לייט, דער יעקל. אים האָט מען אַרויסגעטריבן פון זיין דאָרף גלייך מיט ר' ברוך יוספן. נאָר אַזוי ווי ער איז אַהערגעקומען קיין וואַרשע, האָט ער גלייך אָנגעהויבן מאַכן געשעפטן. ער איז געוואָרן אַ „פּאָד-ראַדטשיק" אין דער אַרמיי און געמאַכט געלד. ער האָט געאַר-בעט „סאַמסאָנאָוויקעס", גאַנצע וואַגאָנעס הענטשקעס פאַר סאַמסאָ-נאָווס אַרמיי, וואָס איז שוין לאַנג געווען פאַרפוילט אין די מאַזורער זומפּן. דורך דער צייט איז ער אויך געוואָרן אַן אלמן. זיין קרענק-לעך ווייב איז ביים אַנטלויפן פון דאָרף געשטאָרבן,—און יעקל קאַר-לאָווער האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק פּראַנטעווען. ער האָט זיך אָנגע-טון אין די שענסטע קאָסטיומען; ער האָט געטראָגן זיידענע וועש,

און דאָס העלע בערדל מיטן שרינד איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער.

ער איז אויך איצט געוואָרן דרייסטער. ער האָט אָפט געמוזט הוליען מיט די אינטענדאַנט־אָפיצירן, קומען אין גרויסע רעסטאָראַנען, פאָרן אין אויטאָמאָבילן. פון זיי האָט ער זיך אַ סך וויצן אויסגעלערנט, אַ סך חכמות. ער האָט אויך געהאַט ערפאָלג אין אויפגעקומענע שטובן. די מיידלעך האָבן זיך געקלעבט צו אים, מיט ליבשאַפט גענומען ביי אים שאָקאָלאַד, אָנגעבאָטן זיך פירן אין טעאַטער, און ער האָט זיך געהאַלטן פעסטער ביי ר' ברוך יוספן אין שטוב.

— וואָס וועט איר זיצן אין שטוב, „מאָיע פּאָנסטוואָ"? — האָט ער געזאָגט צו גנענדלען און לערנערן — קומט בעסער שפּאַצירן. איך וועל פונדעווען אַ „גומע" מיט אַ פּאָר פערד, קומט.

ער האָט געוואָלט גוט לעבן מיט לערנערן. ער האָט אים אפילו פאָרגעלייגט אַ פּאָסטן ביי זיך,

—זאָל דאָס מיר צוקומען, וואָס דיר וועט אָפּקומען ביי מיר— האָט ער געטענהט.

דערנאָך האָט ער אָנגעבויגן זיך און געזאָגט אויפן אויער:

— און וואָס שייך פּאָליציע—לאַך פון זיי! זיי זענען אַלע ביי מיר אין דער האַנט. נישט אמת, ר' ברוך יוסף?

און ער האָט געוויזן אַ פאַרמאַכטע האַנט, ווו די פּאָליציע ליגט ביי אים.

גנענדל מיט לערנערן האָבן געשוויגן, נישט אָנגענומען יעקל קאַרלאָווערס מתנות, נישט זיינע פּאָסטנס—און ר' ברוך יוסף איז געווען בייז.

יעקל קאַרלאָווער האָט גערעדט וועגן דער זאַך אָפן—ער האָט אָפט געזען זיך מיט ר' כתריאל בורר, מכבד געווען אים מיט גוטע פּאַפּיראָסן פון זיין גילדערנעם פּאָרטסיגאַר, געגעבן אים געלט אויף דראָשקעס, כאָטש ער האָט געוווסט, אַז ר' כתריאל גייט צופוס, און אים אָנגעזאָגט:

— פּאָרטזשע צו, ר' כתריאל, און זאָגט זיי דאָרטן, אַז אין מלחמה־צייט וואַרפט מען זיך נישט אפילו מיט קיין אלמן. איך בין נישט קיין פּאַרפוילט עפּעלע...

אפילו מיט אים, ר׳ ברוך יוספן אַליין, האָט יעקל קאַר־לאָווער אָנגערופן די זאַך ביים נאָמען.

— ר׳ ברוך יוסף — האָט ער אים געזאָגט — איך בין אָן עין הרע אַ גביר, איר ווייסט, ווי איך האַלט בכבוד אייער הויז, און איך וואָלט נאָך וועלן מיר זאָלן „מערטשעם" גראָבן טאָרף ביי אייך אין באָראָוועקע צוזאַמען...

דאָס גראָבן טאָרף אין „באָראָוועקע" איז געווען ר׳ ברוך יוספס לעצטער פּלאַן, נאָך דערמיט, האָט ער געגלויבט, וועט ער זיך ראַ־טעווען און צו דעם האָט ער געמוזט האָבן דעם שידוך מיט יעקל קאַרלאָווער.

ער איז בכלל געווען אַ ייד מיט פּלענער, ר׳ ברוך יוסף.

זינט ער האָט געלעבט, האָט ער געהאַט פּלענער. גרויסע פּלע-נער ווי אַזוי שטאַרק רייך צו ווערן. נאָך דערצו איז ער געווען אַ געפּערלעכער עקשן, אַ מענטש מיט אַ טבע צו טון פּונקט קאַפּויער, ווי אַלע זאָגן, און אים איז געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ.

פאַר די לעצטע יאָרן, זינט ער האָט איבערגענומען פון זיין פאָטער די ירושה, האָט ער מיט זיינע פּלענער אַ סך געלט צו־טרענצלט.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געווען אַ ייד אַ גביר, ר׳ ברוך יוסף. לעבן דער קהירישער גרענעץ איז אים געפאַלן אַ ירושה אַ פאָלוואַרק, אַ גרויס פאָלוואַרק מיט עטלעכע הונדערט „מאָרג" ערד, מיט אַ סך בוראַקעס-פעלדער, וואָס ווערן פאַרזייט פאַר די נאָענטע צוקער-פאַבריקן, מיט אַן אייגן שטיקל וואַלד, מיט היפּשע שטאַלן און מיט אַן אייגענער לעדער-געבעטער בריטשקע און צוויי פערד, וואָס ווייסן שוין אַליין אַלע וועגן אין שטאָט צו אַלע אַדוואָקאַטן, געריכטן און „קאָמאָרניקעס".

נאָך ער האָט דערפון אַ תל געמאַכט מיט זיינע פּלענער.

אין אָנהויב איז עס געגאַנגען ביי אים אַזוי: אַנשטאָט אָלטונג געבן, אַז די בוראַקעס זאָלן ווערן צוגעשטעלט אין די צוקער-פאַב־ריקן; אַנשטאָט פירן היי צו די נאָענטע קאַזאַרמעס, מיט וועלכע עס זענען פול די גרענעץ-שטעט; אַנשטאָט פירן קאַרטאָפל אין גאָרזשעל־ניעס, האָט ער זיך גאָר גענומען, ר׳ ברוך יוסף, צו נייע סיסטע־

מען; האָט ער זיך גענומען האָדעווען עופות און מיסטיקן די פעל־דער מיט קינסטלעך מיסט, ווי עס טוען די פאַרמערס אין אַמעריקע און די קאָלאָניסטן אין דייטשלאַנד.

ער איז געווען אַ ייד אַ שטיקל קענער, ר׳ ברוך יוסף, גע־האַלטן פון זיך אַן עולם־ומלואה. ביי אים אין דאָרף זענען שטענדיק אָנגעקומען צייטונגען און זשורנאַלן. נאָר דער עיקר האָט ער גע־האַלטן פון דייטשע קאַלענדאַרן, פון די פאַרעלטערטע דיקע קאַלענ־דאַרן, וואָס ווייסן פון אַלץ אין דער וועלט, פון מעדיצין ביז אַס־טראָנאָמיע, פון בוכהאַלטעריע ביז לאַנדווירטשאַפט, און מער פון אַלץ האָבן זיי „פּראַקטישע" אָנווייזונגען, אָנווייזונגען ווי אַזוי צו שיקן אַן אונטערטעניגסטע ביטע צו דעם קיסר און ווי צו היילן ביי פערד אַ פאַרדאָרבענעם מאָגן, אָנווייזונגען ווי אַזוי צו האָדעווען פיש און אָנ־ווייזונגען ווי אַזוי צו מיסטיקן פעלדער און שערן שאָף...

ר׳ ברוך יוסף האָט געהאַלטן פון די קאַלענדאַרן נישט ווינצי־קער ווי פון זיך אַליין. ער האָט בכלל געהאַלטן פון אויסלאַנד, פון אַלץ, וואָס שטאַמט פון דאָרטן—און מיטאַמאָל איז ער אַוועק קיין דאַנציג און געבראַכט גאַנצע פּעק איינגעפּרעסט מיסט...

די פּויערן, די „פּאַראָבקעס" זיינע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס, נעמענדיק דאָס מאָדנע מיסט אין די הענט אַריין.

— „יאַשניע פּאַניע" — האָבן זיי געזאָגט, נאָך איידער זיי האָבן געפּרוווט — ס׳וועט נישט וואַקסן...

ר׳ ברוך יוסף האָט געלאַכט פון זיי.

— כאַמסקע קעפּ — האָט ער געענטפערט — נישט אייער זאַך צו טראַכטן, טוט, וואָס מ׳הייסט...

די פּויערן האָבן געטון, וואָס מ׳האָט געהייסן, נאָר געוואַקסן האָט נישט. די פעלדער זענען געבליבן נאַקעט, הויל, ווו נישט ווו האָט אַרויסגעזוצט אַ זאַנג, אַ דאַרע, פאַריתומטע זאַנג, שאָקלענדיק מיטן הוילן קאָפּ אויף דער פּוסטקייט אַרום זיך... ערשט שפּעטער האָט זיך ר׳ ברוך יוסף געכאַפּט, אַז ער האָט שלעכט געלערנט, ווי אַזוי זיך צו באַגיין דערמיט, נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט.

מ׳האָט געלאַכט פון אים, באַקאַנטע גוים זענען דורכגעגאַנגען פאַרביי די נאַקעטע פעלדער און געשאָקלט מיט די קעפּ.

— גאָטס שטראָף. פוילישע ערד האָט פיינט „שוואַבסקע" קונצן. זי איז באַליידיקט, די הייליקע ערד, גיט זי נישט איר גאָב.

ידן שכנים האָבן געגעסן די לעבער.

—ר' ברוך יוסף — האָבן זיי געפרעגט תמעוואַטע — ווען נעמט איר זיך שוין צום שניט?..

איז ר' ברוך יוסף אַריין אין כעס און נאָכמער געוואָרן פאַר־ביסן, נאָכמער צולהכעיסדיק.

— פראים — האָט ער געזאָגט — חמורים, איר וועט נאָך זען, וואָס איך וועל דאָ מאַכן פון דער ערד... די היטלען וועט איר מוזן אַראָפנעמען.

צולהכעיס אַלע, האָט ער אַראָפגעבראַכט סטאָלאַרעס צו זיך און געהייסן מאַכן ראַמען אויף צו פאַרזעצן שפעקטן. ער האָט אַראָפגעבראַכט גלעזערס, אַריינגעשטעלט שויבן; ער איז גאַנצע טעג געלעגן אין גאָרטן אַרומגערינגלט פון הונדערטער פודעלעך, כלעשע־לעך, סלאָיקלעך און גלעזעלעך, פול מיט מאָדנע זוימען, פילן און פראָשקעס... ער האָט געקוקט אין בוך, קאָמאַנדעוועט מיט די פאַ־ראָבקעס:

— הונדערט גראַם שיטערלעך... פופציק גראַם טיפער אין דער ערד...

די מומע טויבעלע האָט געוויינט.

— ברוך יוסף, מ'האָט געשיקט פון דער צוקער־פאַבריק נאָך די בוראַקעס... ברוך יוסף ס'וועט נישט וואַקסן. וועסט זען מיינע רייד...

נאָר ברוך יוסף האָט אַזאַ בליק געטון אויף איר, אַז זי האָט פאַרענדיקט אירע רייד אין פאַרטוך אַריין. אַ גאַנצן ווינטער איז ר' ברוך יוסף אַרומגעגאַנגען די שפעקטן. ער האָט געהייסן אָנצינדן פייערן, זיי זאָלן זיך וואַרעמען, געהייסן אַרומשיטן, אַרומגראָבן, נאָר אַנשטאָט אוגערקעלעך, מייערן, ציבעלעס, קאַליפיאָרן, איטאַליעניש קרויט און פאָמידאָרן, זענען אויסגעוואַקסן שיטערע קרייטעכצער, עפעס קרענקלעכע שפראָצונגען מיט רויטע פינטלעך, ווי קרעץ...

ר' ברוך יוסף האָט אַלץ געפאָרשט די ביכער, געפרווט דער־גיין דעם שכל, אלמאי ס'וואַקסט נישט—נאָר דערווייל האָבן די

דינסטן און די „פּאַראָבּטשיכעס" אָנגעהויבן שיטן מיסט אויף די גלעזערנע ראַמען, גיסן אומריין וואַסער; די „פּאַראָבקעס" קינדער האָבן אָנגעהויבן זיך שפּילן אין „יאָגעלעך", באַהאַלטנדיק זיך אין די שפּעקטן אַריין, און די יידן די שכנים האָבן נישט אויפגעהערט קומען צו גאַסט צו ר' ברוך יוספן:

— איז וואָסזשע, ר' ברוך יוסף — האָבן זיי תּמעוואַטע געפרעגט — וועט איר אונדז טאַקע מכבד זיין מיט אַ פריש אוגערקעלע, אַ ציבולקעלע אַ יונגס, אָדער אפשר גאָר אַ ראש-חודש רעטעכל, האַ?

נישט שפּעטער, ווי אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט ר' ברוך יוסף, אַלע צו להכעיס, אָנגעהויבן האָדעווען אינדיקעס און אויסלענדישע הינער, מאָדנע הינער מיט אָנגעבלאָזענע פעדערן, מיט קאָלירטע פעדערנע מייטקעס אויף די פיס און מיט נאַקעטע קעפּלעך.

פון אַלע דערפער איז מען געקומען קוקן אויף חידוש.

— אָליאַ באָגאַ — האָבען זיך גוים געצלמט — מאָדנע הינער, ווי שדים זעען זיי אויס...

— און וואָסערע נאַקעטע קעפּ זיי האָבען — האָבען די גויעס אַריינגעוואָרפען — אינגאַנצן ווי ביים גלח פון דער „פּאַראַפיע"...

שקצימלעך און שיקסלעך זענען געשטאַנען אַרום די פּלויטן, גערייצט די אינדיקעס, די הינער, געבלאָזן זיך, געקרייעט, געפּייפט, האָבן די עופות נישט געשוויגן און נאָך מער געקאַראַדאַטשעט און געקוואַקעט, אין שטוב האָט מען זיך געהאַלטן ביי די קעפּ.

— ברוך יוסף — האָט טויבעלע געקלאָגט — כ'האָב דאָך שוין וואַסער אין די אויערן.

נאָר ברוך יוסף האָט נישט געוואָלט הערן. ער איז געווען זיכער, אַז זיי, די עופות, וועלן אים ראַטעווען פון אַלץ, ער איז געווען זיכער, אַז די אַרומיקע פּריצים וועלן אים פשוט אָפּגילטן פאַר די עופות. ער האָט זיי געהייסן וואַשן, זייפן די פיס, קעמען די פעדערן, האַלטן זיי אין דער וואַרעם, נאָר די עופות האָבן נישט געקאָנט צוגעוווינען זיך צום קלימאַט און אָנגעהויבן פאַלן. צום ערשט האָבן די אָנגעבלאָזענע הינער פאַרדרייט די קעפּלעך, די פיסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן ביי זיי ענדערן פון רויט אויף ברוין-און-בלוי און

אַוועקגעלייגט זיך אַזוי שטיל, אָן אַ פּיפּס אַפילו. נאָך זיי האָבן אָנ־געהויבן מיטגיין די אינדיקעס.

עטלעכע וואָכן צייט האָבן די „פּאַראָבקעס" געלעבט פון די טויטע עופות, נאָר אַז די עופות זענען אויסגעגאַנגען און קיין קאַר־טאָפל זענען אויך מער נישט געווען, האָבן די יונגע פּאַראָבקעס אָנ־געהויבן אַוועקגיין, זוכנדיק זיך אַנדערע ערטער, די עלטערע זענען געזעסן הונגעריקע, בייזע און געוואָרפן פאַר כעס שטיינער אין די שויבן פון די שפּעקטן.

ר׳ ברוך יוסף האָט נאָך געהאַט אַ מיטל ווי אַזוי צוריק רייך צו ווערן. ער האָט געגלויבט, אַז ביי אים אין פּאָלוואַרק דאַרף זיין טאָרף, און ער האָט פאַר די לעצטע געלטער געבראַכט אינזשיניערן און אָנגעהויבן גראָבן. נאָר דערווייל איז אויסגעבראָכן די מלחמה, די עסטרייכישע סאָלדאַטן זענען אַריין, צוריק אַרויס, און דערנאָך זענען גאָר אָנגעקומען צוויי קאָזאַקן מיט אַן אָפיציר און אין פיראונ־צוואַנציק שעה געהייסן פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

—און קיין איין פערד און קו נישט מיטנעמען—האָבן זיי באַ־פוילן און געפּאָכעט מיט די נאַהייקעס אין דער לופט — געדענקט!

אין וואַרשע האָט ר׳ ברוך יוסף נאָך איין געשעפט געמאַכט, און ווידער לויט דער עצה פון אַ צייטונג. עפּעס האָט ער געלייענט אין אַ צייטונג אַן אַנאָנס, אַז אַ פאַבריקאַנט, וואָס פאָרט אַוועק קיין רוסלאַנד, פאַרקויפט פאַר שפּאָט ביליק מאַשינען צו קראַצן וואָל, צו וויקלען קונסט־זייד. דער אַנאָנס האָט פאַרזיכערט, אַז די מאַשינען דאַרפן ברענגען אַמווייניקסטנס עטלעכע טויזנט רובל אַ יאָר. דערצו האָבן זיך נאָך צוגעשאַרט צו ר׳ ברוך יוספן אַ גאַנצע האָפטע מעק־לערס און מעקלערלעך און אים אָפּגעשלאָגן די שוועלן.

—עס איז דען אַ פּרנסה?—האָבן זיי געטענהט—ס׳איז אַ גרוב. אַ שמאַלץ-גרוב..

נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז די מאַשינען מיט די פּעטע רעד־לעך און טעמפּע ציין זענען אַלטמאָדיש, צעבראָכן, אַז עס פעלט אין זיי טיילן, וואָס מען קריגט זיי דאָ גאָרנישט און וואָס דאַרפן קאָסטן מער וויפל די גאַנצע מאַשינען.

אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס מ׳האָט אַ טייל

מאַשינען געמוזט נעמען אַהיים. זיי האָבן פאַרנומען אַ האַלבע וווינונג און אַלע מאָל האָט זיך עמעץ אַנדערש פאַרטשעפעט אין זיי, דאָ מיט אַ פּאָלע, באַלד מיט אַ טיכל.

טויבעלע האָט געשוויגן. נאָר יעדער מאָל, אַז זי האָט עפּעס פאַרטשעפעט אין דער מאַשין און געמאַכט אַ געוואַלד־ריס, איז זי צוגעגאַנגען צו ברוך יוספן און, ווייזנדיק אים דעם ריס אין די סאַמע פּענסנע אַריין, האָט זי שטיל געזאָגט:

— נאַ דיר — ריוח, נא!

די לעצטע געלטער האָבן זיך געגליטשט פון טייסטער אַרויס. אַלע טאָג איז ער, דער דיקער טייסטער, געוואָרן דינער און דינער. די מאַשינען זענען געשטאַנען ווי פּגרים אין אַ מגפה־צייט, ווען אַפילו דער קברן קומט נישט צוגעמען — און ר׳ ברוך יוסף איז געוואָרן נאָך שווייגנדיקער, פאַרביסענער און בייזער ווי שטענדיק און אָנגע־הויבן ליגן גאַנצע טעג אויף דער סאָפקע. — ער האָט איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט דער „הצפירה״, עס זאָל הייסן אי ער גייט נישט קיין יאַרמעלקע, אי ער ליגט נישט אין בלויזן קאָפּ — און זיין קאָפּ האָט געאַרבעט.

— „טאָרף״ — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין—„טאָרף״.

דאָס גראָבן טאָרף אין זיין באַראַווקע, ווי נאָר מען וועט קאָנען אַהין צוריקפאָרן, האָט פאַרנומען זיין גאַנצן געדאַנק. ער האָט נישט אויפגעהערט דערפון טראַכטן אַ ווײַלע אַפילו.

יעקל קאַרלאָווער האָט נישט געגלויבט שטאַרק אין ר׳ ברוך יוספס טאָרף. אמת, אַז אין באַראַווקע זענען געווען אַ סך זומפּן, אָבער קיין טאָרף האָט זיך נישט געוויזן — און יעקל קאַרלאָווער איז אַ מענטש, וואָס האָט פיינט אַרבעטן אויף פאַנטאַזיעס. ער זוכט בע־סערע קוראַנטערע געשעפטן. — נאָר ער האט דעם טאָרף אויסגענוצט. מיט קיין זאַך, האָט ער געוווּסט, וועט ער נישט אַזוי נושא-חן זיין ביי ר׳ ברוך יוספן, ווי מיט דעם „טאָרף״ זיינעם.

— ר׳ ברוך יוסף – האָט ער אים געזאָגט — מען רייסט מיר אָפּ די פּאָלעס, נאָר קיין זאַך גייט מיר נישט איין — איך וויל זיין מיט אייך, גראָבן טאָרף צוזאַמען...

און ר׳ ברוך יוסף האָט געקוקט מיט שטרענגע אויגן אויף זיין ברודערן-זון בנימין!

— דער רוח האָט אים אָנגעטראָגן, דעם זעלנערוק — האָט ער, ווי זיי שטייגער איז געווען, געברומט זיך אַליין אין דער באָרד אַריין.

דער זעלנערוק איז אים שלעכט אונטערגעקומען, ר׳ ברוך יוספן. ער האָט געוווּסט, אַז נאָך פון קינדווייז אָן, זינד בנימין איז געוואָרן אַ יתום און איבערגעגאַנגען צו אים אין באַראַווקע, האָט ער זיך צו־פיל געחברט מיט איר, גנענדלען, און צוליב דעם קיינמאָל נישט גוט געלערנט. — ער האָט געוווּסט, אַז גנענדל וועט פון קיינעם נישט וועלן הערן. ער האָט געזען, ווי זינט ער איז געקומען, דער זעל־נערוק, איז זי געוואָרן, גנענדל, נישט צו דערקענען. — נאָר ער האָט זיך דערפון ווייניק געמאַכט.

— „ליבע" האָט ער זיך געברומט אין דער באָרד אַריין און אַ שפּאַסישער שמייכל האָט צעצויגן זיין געבויגענע אָדלער נאָז — לי—בע!...

ער איז נישט געווען אַזאַ פרומער, פאַרקערט. ער האָט אַליין אין דאָרף ביי זיך נישט איינמאָל געהאַט עסקים מיט די פּאַראָבטשי־כעס, און אַמאָל אין דער יוגנט נאָך האָט ער געשפּילט אַ ליבע מיט אַ מיידל אויך. — נאָר פונדעסטוועגן האָט ער חוזק געמאַכט. — צופיל האָט ער געהאַלטן פון זיך, ר׳ ברוך יוסף, ער זאָל זיך רעכענען מיט זיינס אַ מיידל דאָרטן.

— גנענדל מיט דער ליבע — האָט ער חוזק געמאַכט.

אויסער גנענדלען, האָט ער געוווּסט, אַז אים שטייט פאָר נאָך אַן עסק מיטן ווייב, מיט טויבעלען.

אויך זי איז געווען אויף די „קינדערס" זייט. זי האָט געקאָנט גנענדלען, געוווּסט, אַז זי איז אַן עקשנטע, פּונקט ווי דער טאַטע אירער, און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז פון קיין זאַך וועט גאָרנישט אַרויסקומען. — איבריקנס האָט זי שטאַרק געהאַלטן פון יחוס. זי האָט נאָך געקענט יעקל קאַרלאָווער פון דערהיים, געקאָנט דעם טאַטן זיי־נעם, „גדליה ווײדל", אַ דאָרפס ייד, וואָס פלעגט פירן בהמות אין שטאָט אַריין, און געפירט האָט ער זיי שטענדיק ביים ווײדל. מען

האָט אים טאַקע גערופן, יעקלען, מיט נישט קיין שיינעם נאָמען — „יעקל גדליה ווײדלס" — האָט מען אים גערופן. — בנימין ווידער איז פון דער מוטערס זייט געווען אַ „ריזשינער", אַן אור־אור אייניקל פון ריזשינערס הויף, יונגלווייז אין דאָרף האָט ער געלערנט ביי גוטע מלמדים, שפּעטער איז ער אַוועק קיין וואַרשע און אַליין געלערנט ביז אַכט קלאַסן — און זי איז געווען אויף די קינדערס זייט.

— ברוך יוסף — די קינדער האָבן זיך ליב — האָט זי געזאָגט — ברוך יוסף, געדענק.

נאָר דערפון האָט זיך ר' ברוך יוסף נאָך ווינציקער געמאַכט.— דעם ערגסטן פּנים האָט ביי אים געהאַט אַ יידענע. נאָך ביי זיך אין באַראַוקע פלעגט ער בונטעווען די פאַראָבקעס געגן זייערע ווייבער.

— פאַר אַ „באַבע" אַ שטריק — האָט ער געזאָגט — נאָר אַ שטריק!

און ער האָט זיך אויף איר אָנגעבייזערט יעדער מאָל, וואָס זי האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם, אַז די קינדער האָבן זיך ליב.

— ליב שמיבו! — האָט ער געענטפערט — כ'האָב פיינט ווייבע־רישע תחנות!

פאַר דעם איינציקן, פאַר וועמען ער איז געווען נישט רויק, איז געווען בנימין. און ער האָט זיך געגרייט צו מלחמה.

ער האָט זיך גערעכט אויף אַ שווערע מלחמה. ער האָט גע־דענקט בנימינען נאָך פון יונגלווייז, ווען ער איז געווען ביי אים. ער האָט געוווּסט, וואָסער ביטערער עקשן ער איז, אַן עקשן ווי אַלע לערנערס. פון שטענדיק אָן האָט ער געפירט מיט אים מחלוקת. און קיינמאָל האָט ער, בנימין, נישט געוואָלט נאָכגעבן און אויסגעפירט זיינס. ר' ברוך יוסף האָט גוט געדענקט, ווי איינמאָל איז בנימין אפילו אַנטלאָפן אין ווינטער פון שטוב דערפאַר, וואָס דער פעטער האָט אים געהייסן צווישן מענטשן זיך אָפּווישן די נאָז, כאָטש די נאָז איז געווען ביי אים ריין. ער איז דעמאָלט אַוועק אַליין אין וואַלד אין אַ פראָסטיקער נאַכט, אַזוי, אַז צומאָרגנס האָבן אים פויערן געבראַכט אויף אַ שליטן קוים אַ לעבעדיקן.

אויך שפּעטער איז ער, בנימין, אַוועק קיין וואַרשע געגן פעט־ערס ווילן. דער פעטער האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר קאַסירער אין

וואלד, נאָר בנימין האָט בעסער געוואָלט זיך לערנען. און ער איז אַוועק אָן אַ גראָשן קיין וואַרשע, אויסגעהאַלטן זיך יאָרן, און יעדער מאָל, וואָס ברוך יוסף האָט אים געשיקט געלט־בריוו, האָט ער עס אים צוריקגעשיקט, נישט עפּנענדיק אַפילו דעם קאָנווערט.

אַפילו צו די זעלנער איז ער אַוועק געגן פּעטערס ווילן. דער פּעטער האָט גוט געקענט די דאָקטוירים און פּאַר געלט האָט מען אים געוואָלט באַפרייען, נאָר ער איז אַליין אַוועק אין שטאָט, און צוזאַמען מיט אַלע שקאָצים פון די דערפער, מיט דעם קעסטל אויף די פּלייצעס, אַוועק אין אַ ווייטער רוסישער געגנט, אַוועק ווי אַ פּראָסטער זעלנער, כאָטש אים האָט געפעלט אַ קלייניקייט צו פאַרענדיקן די אַכט קלאַסן און אַוועק ווי אַ מיוחס אַ פרייוויליקער.

און ר׳ ברוך יוסף האָט זיך פּעסט געגרייט צו מלחמה.

די מלחמה האָט אים הנאה געטון. וויפל ער האָט באַגערט, עס זאָל שוין נעמען אַ סוף מיט דעם יעקל קאַרלאָווער און דערנאָך נעמען זיך צום טאָרף, האָט אים פאַרשטעקט אָנצוהייבן אַ קריג מיט בנימינען.

— עס וועט אָנטרעפן אַ מעסער אויף אַ שטיין — האָט ער געטראַכט.

ער האָט שוין מיט צופרידנקייט געגלעט זיך יעדער האָר באַזונדער פון זיין שוואַרץ־גרוילעכער באָרד, געלאָזט זיך פילן אין שטוב, אַז ער איז באַלעבאָס. ווי שטיל עס האָבן נישט גערעדט צווישן זיך גנענדל מיט בנימינען אין אלקירל, האָט ער געפּאַטשט אין די הענט:

– וואָס איז? מען וועט שוין מיך גאָרנישט לאָזן דרימלען אויך?

און מיט בנימינען אַליין האָט ער גאָרנישט גערעדט. אַמאָל גאָר האָט ער אים געגעבן אַ פרעג:

— נו, ווי גייען עפּעס דיינע געשעפטן, העי?

דאָס וואָרט געשעפטן האָט ער שטאַרק אונטערגעשטראָכן, צודצויגן עס. ר׳ ברוך יוסף האָט געוואַרט. ער האָט געמאַכט דעם ערשטן אָנגריף, געוואַרט בנימינס ענטפער, נאָר בנימין האָט געשוויגן. מיט קיין וואָרט נישט אָפּגעענטפערט. ער האָט זיך נישט געגרייט צו מלחמה.

ווי אַלעמאָל האָט אין א״ם ערוואַכט הפקרות מיט אויסגע־רעכנטקייט צוזאַמען, און ער האָט אַליין נישט געוווסט, וועלכעס וועט זיגן. אָבער ווי יעדער געזונטער מענטש האָט ער פריער אָפּגעשאַצט זיינע כּוחות, איידער ער איז אַרויס אין קריג. און ער האָט זיך נישט גענאַרט.

פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען זיין גאַנץ לעבן. די פאַרגאַנ־גענהייט ווי די געגנוואַרט. פריער אַ יתום ביים פעטער אין באָראָוו־קע, יונגלערישע יאָרן פון אַרומלויפן, שלאָגן זיך מיט שקאָצים, פירן ברוגזן מיטן פעטער און אָפּטון שפּיצלעך די דאָרפישע מלמדים, וואָס מאַטערן אים מיט אַזעלכע פרעמדע דינים און תורהס. דערנאָך וואַר־שע. טעג פון הונגער, שלאָפן אויף די בענק אין די אַלעען, חזרן זיך לאַטיין און געשיכטע, און דערנאָך נאַרישע זעלנערישע יאָרן, אָפּטע באַשטראָפונגען, און צום סוף, פאַרן אַוועקגיין אויף דער פריי־ניין חדשים פראָנט.

אָט דאָס האָט ער געהאַט הינטער זיך, אויסער אַן איינציקן קאָסטיום, געקויפט פאַרן פעטערס געלט, און מעגלעכקייט אַרעסטירט צו ווערן אַלס דעזערטיר און אָפּגעשיקט ווערן אויף דער ערשטער ליניע אָדער גאָר גלייך אויף יענער וועלט. ער האָט נישט בדעה געהאַט דעם פעטערס שטוב אַריינצוציען אין אייגענעם אומגליק. און ער האָט אויף דעם פעטערס שטעך-ווערטלעך נישט געענטפערט.

מיט יעדן טאָג איז אים אַלץ געוואָרן ענגער אין קליינעם אַל־קערל. די ווייסע אויסגעקאַלכטע ווענט האָבן אים געדריקט, מער גע־דריקט ווי די פייכטע ערדישע ווענט פון די שוך־גראָבנס. פונקט ווי אין די ערשטע עטלעכע טעג איז אים די רויקייט אין שטוב געווען גוט, אָנגענעם, אַזוי האָט אים די רויקייט איצט גערייצט, דענער־וירט און געקלונגען אין די אויערן מיט די טויזנטער שטומע קלאַנ־גען, מיט וועלכע די שטילקייט איז אַזוי פול. ער האָט געפּרווט זיך פאַרנעמען מיט לייענען. אין פעטערס ספרים־שאַנק זענען, צוזאַ־מען מיט די שווער־געבונדענע ווילנער ש״סען און בייכיקע שלחן־ערוכים, געשטאַנען אַ סך ביכלעך מיט גאָלדענע רוקנס און מיט גאַ־טישע אויפשריפטן. לערנער האָט געלייענט, וואָס אים איז געקומען אונטער דער האַנט: קולטור־געשיכטע און פאַמיליען־ראָמאַנען, גריכי־

שע טראַגעדיעס און ליבּרעטאָס צו אָפּערעס. נאָר אַלץ איז אים מאוס געוואָרן נאָך איידער ער האָט רעכט אַריינגעקוקט. מאָדנע פרעמד האָבן אים אויסגעזען די גלאַטע ווייסע בלעטלעך, מאָדנע נאַריש האָבן ביי אים אַ פּנים געהאַט די סימעטריש-אויסגעשטעלטע גאָטישע בוכשטאַבן.

ער האָט זיך גענומען צו שטודירן די צייטונגען. תּחילת האָט עס אים נאָך פאַרנומען אַ ביסל. דער גאַנצער שטח אַרום גאַליציען, לעבן טייך „סאַן", איז אים געווען אייגן. אָט די אַלע שטעטלעך, דערפלעך און טייכלעך, וואָס האָבן אַזוי פּוסט געקלונגען אין די אויערן פון אַנדערע, זענען אים געווען נאָענט, שטיקער פון זיין לעבן: אָט דאָ האָט ער געשלאָפן אַ נאַכט, דאָרט געלעגן אין די גרובן, ווייטער גערוט, נאָך ווייטער באַגעגנט זיך מיט אַ מיידל און פאַרבראַכט. אָבער נאָך עטלעכע טעג האָבן אים אויך די צייטונגען אויפגעהערט אינטערעסירן. די באַריכטן פון יעדן טאָג זענען געווען אַזוי ענלעך איינער צום אַנדערן ווי צוויי טראָפּן וואַסער. עפּעס האָט מען זיך גערוקט און געשטאַנען אויף אַן אָרט. אויסער די באַריכטן זענען די צייטונגען געווען פול מיט לאַנגווייליקע העלדישע געשיכטעס פון קאָזאַקן, וואָס האָבן מיט איינמאָל צענדליקער דייטשן דערשטאָכן, מיט געפונענע שפּיאָנען און מיט באַפעלן, אָן אַ שיעור באַפעלן און מאָביליזאַציעס, מאָביליזאַציעס פון פערד, מאָביליזאַציעס פון מעדיקער, מאָביליזאַציעס פון אויטאָמאָבילן און מאָביליזאַציעס פון מענטשן. נישט ווייניק פּלאַץ האָבן פאַרנומען די ידיעות וועגן טויט־שטראָף: טויט־שטראָף פאַר שפּיאָנאַזש און טויט־שטראָף פאַר דעזערטירן. און לערנערן זענען אַזוי מאוס געוואָרן די צייטונגען, אַז ער האָט נישט געקאָנט קוקן אויף זיי.

אַז די מומע פלעגט אים אַמאָל אונטערלייגן אַ צייטונג אויף אַ טישל, האָט עס אים אויפגעבראַכט. די שעהן האָבן זיך ווידער געצויגן, גענאָגט און געמאָנט. איבערהויפּט אין די נעכט

דעם פּעטערס שטוב איז געווען אַ שטילע, אַן אומעטיקע, אַן אַלטע, איינע פון די וווינונגען אין די וואַרשעווער אַלטע מויערן, וווּ די פענסטער האָבן נאָך פיר שויבן אין דער לענג און אַנשטאָט גאַז און עלעקטרי, וואָס ברענען שוין אומעטום עטלעכע צענדליק יאָר,

ברענען דאָ נאָך נאַפּט-לאָמפּן מיט אַ רויטן טונקעלן שיין; איינע פון די וווינונגען, ווו די ווענט זענען דיק, אומגעהויער דיק, די סופיטן זענען געוועלבט, מאַסיוו, נאָר פון אַלע ווינקעלעך יאָגט עפּעס אַ שטילער אומעט, און כאָטש די ווענט זענען אַלט, אויסגעטריקנט פון יאָרן, שמעקט מיט שימל, מיט פייכטקייט, מיט אַ גליטשיקער פייכט־קייט אַזאַ, וואָס פרעסט זיך איין אין אַלע גלידער ביזן ביין. און די מענטשן ווערן דאָ מיט דער צייט פונקט אַזוי שטיל, טונקל און סודותדיק ווי די ווענט, ווי די סופיטן, ווי דער ציטערדיקער שיין פון די נאַפּט־לאָמפּן, וואָס הוידען זיך איבער די שאָטנדיקע ווענט.

אָבער דער גאַנצער אומעט און עלנט האָט זיך ערשט געלייגט אויף דער שטוב ביינאַכט.

די פענסטער זענען אַרויס אויף אַ פרייען פּלאַץ אַרום פעס־טונג, ווו קיין נייע הייזער טאָרן נישט ווערן געבויט, און פון אַלע זייטן בלאָזן פרעמדע הינטערשטאָטישע ווינטן פונקט ווען מען ריכט זיך גאָרנישט אויף זיי. ביי יעדער בלאָז רופט זיך אָפּ אַ פענסטער און קלינגט מיט אַ לויזער נישט-פאַרקיטעוועטער שויב אין דער פוסטער נאַכט אַריין.

און לערנער האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן און געוואָרפן זיך אויפן געלעגער. די פוכיקע ווייכע קישנס זענען אים געוואָרן האַרטער צוקאָפּנס ווי די הוילע ערד פון פעלד.

די נאַכטיקע שלאָפלאָזע שעהן האָבן זיך געצויגן אָן אַ סוף, לענגער ווי זיי זענען. פון צייט צו צייט האָט דער גלאָק ביים טויער געקלונגען, געריסן זיך, און די מומע טויבעלע האָט געקרעכצט אויף איר געלעגער. נאַכט ביי נאַכט פלעגן מחנות פּאָליציאַנטן באַ־פאַלן אַן אַנדער הויז, זוכן דעזערטירן. ביי יעדער צי מיטן גלאָק האָט מען געלייכצייטיק אַ ריס געטון אין איר צעווייטיקט האַרץ. זי האָט געהאַלטן אין איין צוהערן זיך צו די נאַכטיקע טריט אין הויף און געוואָרנט עס זאָל זיין שטיל, כאָטש קיינער האָט די שטילקייט נישט אָנגערירט.

— ששש, דאַכט זיך מען גייט! ששש...

דער אָפּטער „ששש” האָט פון שווערסטן שלאָף געקאָנט אַרויס־ברענגען און גנענדל האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אויף איר געלעגער.

דערצו האָט נאָך דער שוואַכער פלאַם פון נאַפט־לעמפל זיך עפּילעפּטיש געוואָרפן און געהוידעט זיך, מאַכנדיק מאָדנע שאָטנס אויף די ווענט. פון יענער זייט פלאַץ האָבן זיך געצויגן אייזנבאַן־ליניעס, אָן אַ שיעור צוגן האָבן זיך געוועקסלט, געסקריפּעט, און פייפערייען האָבן זיך געריסן אין דער לופט, פול מיט בענקשאַפט און טרויער. זיי האָבן זיך געצויגן, די פייפערייען, אַזוי לאַנג, אַזוי יאושדיק לאַנג, ווי זיי וואָלטן אויסדערציילן דעם גאַנצן אומעט, פינסטערניש און פאַרלאָזנקייט פון זייערע ווייטע וועגן, וואָס ציען זיך פון ברעג וויסל ביז ערגעץ ווייט, טיף, אַזש ביז אין די קאַלטע רוסישע גובערניעס אַריין.

לערנער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט, געקנאַקט די פינגער פון זיינע אָנגעצויגענע פעסטע הענט, געריבן זיך דעם האַרט-געשוי־רענעם קאָפּ און אים איז געווען ענג, ענג שיעור נישט דערשטיקט צו ווערן.

דערצו נאָך האָט אָנגעהויבן קומען צו די ערשטע מחלוקת מיטן פעטער. ער האָט שטאַרק געאַרבעט, דער פעטער ברוך יוסף, אָנצו־הויבן דעם גיהנם. עס האָט אים נישט געלאָזט רוען אויף דער סאָפּ־קע און ער האָט געזוכט פאַרשידענע מיטלען. בנימין האָט אים נישט געענטפערט, נאָר ער האָט זיך געטון זיינס.

— ווייסט, בנימין, — האָט ער מיטאַמאָל געזאָגט — אין אַלץ זענען שולדיק די ווייבער. ווען איך טו נישט דעם שדוך מיט דער יידענע מיינער, וואָלט איך איצט געווען אַ גביר, אַן אדיר...

גנענדל ווייסט, אַז דאָס גיהנם וועט אויפפלאַקערן און זי נעמט אָן די מאַמען ביי דער האַנט.

— מאַמעשי, קום אַריין אין אַלקיר — בעט זי—מאַמעשי, קום. נאָר טויבעלע וויל נישט גיין. בשום־אופן נישט.

— וואָס זשע — זאָגט זי צום מאַן — האָסטו זיך ערשט איצט דערמאָנט, העכער דרייסיק יאָר נאָך דער חתונה קיין עין־הרע?

— איך האָב אָבער באַלד נישט געוואָלט דעם שדוך — זאָגט ברוך יוסף און די אויגן גלאַנצן ביי אים פון דערוואַרטונג.

ביי דער מומען באַווייזן זיך פלעקן אונטער די אויגן, קרענק־לעכע ווייבערישע רויטע פלעקן. אָבער בנימין נעמט אַריין די מומע

מיט געוואַלד אין אלקיר אַריין און עס ווערט גאָרנישט.

ברוך יוסף טרעט נישט אָפּ. ער הויבט אָן חוזק מאַכן פון זיין אייגענעם געשטאָרבענעם ברודער, בנימינס פאָטער.

— ווייסט, בנימין — זאָגט ער — כ׳האָב דיין טאַטן, ער זאָל דאָס מיר דאָרט מוחל זיין, אויך נישט ליב געהאַט, אַ ייד אַ בהמה געווען...

לערנער שווייגט.

ר׳ ברוך יוסף רעדט ווייטער:

— דער טאַטע דיינער האָט געגלויבט אין גוטע יידן ווי אַ קאַלב אין אַ קו. דאָס גאַנצע געלט האָט ער זיי אַוועקגעפירט.

לערנער שווייגט.

ר׳ ברוך יוסף רעדט ווייטער:

— ווייסט, בנימין, דו ביסט דאָך אויך געקומען אויף דער וועלט דורך אַ גוטן ייד. די מאַמע האָט לאַנג נאָך דער התונה קיין קינדער נישט געהאַט. האָט דער טאַטע זי אַוועקגעשיקט קיין קהירע צו אַ גוטן ייד. אין ניין חדשים האָט זי דיך געהאַט...

לערנער שווייגט.

— געווען אַ מזיק, דער גוטער ייד, אין פּוקד-עקרות זיין — זאָגט ר׳ ברוך יוסף — אַ ספּעציאַליסט...

לערנער שווייגט.

אַז דאָס העלפט אויך נישט, הויבט ר׳ ברוך יוסף אָן מיט גנענדלען.

— זאָרג נישט, גנענדלע—זאָגט ער זייער צערטלעך, גוט, מיט אַן איבערגעטריבענער גוטסקייט — די מלחמה וועט נישט אייביק דויערן. יעקל קאַרלאָווער וועט געבן געלט... מען וועט אַראָפּברענגען אינזשיניערן. טאָרף וועט זיך שיטן. מען וועט קויפן נייע מעבל. אַ נייע קאַרעטע. און דו מיט יעקלען וועלן דאָס אַריינפאָרן אין שטאָט אַריין מיט אַ פּאָר פערד ווי די לייבן, אַלע וועלן די היטלען אַראָפּנעמען.

— טאַטע! — שרייט אויס גנענדל — און באַהאַלט דאָס פּנים איןביידע הענט.

ברוך יוסף מאַכט זיך נישט הערנדיק און רעדט ווייטער.

— וואָס איז, ס׳שטייט דיר נישט אָן! — האָ האָ! — יעקל איז אַ גביר. מער יחוס פון ברוך יוספן.

— טאַטע, הער אויף!

— טע, טע, טע,! — וואָס איז? — מיינסט, אַז ווייל זיין טאַטע האָט געדרייט אַ קו ביים ווײדל, איז ער טריפה? — ווייס איך וואָס!

טויבעלע מישט זיך אַריין:

— הער אויף פייניקן דאָס קינד, ברוך יוסף! — הער אויף!

נאָר ברוך יוסף איז אַלץ מער „צערטלעכער", „ליבער".

— איז ער נישט אַזאַ גרויסער למדן — זאָגט ער און די גע־בויגענע נאָז שמייכלט — אָבער דערפאַר איז ער אַ גביר... — אָנגע־שטאָפּט. — אַזוי אָ!

ער ווייזט ווי אָנגעשטאָפּט ער איז, דער יעקל.

לערנערן הויבט עס אונטער פון אָרט. ער זעט, ווי ער מאַכט חוזק, דער פעטער. ער לאַכט פון יעקלען. ער לאַכט פון זיין טאַטן גדליה ווײדל, פון זיין געלט — דאָס פרעסט ער אַלע, און מער פון אַלץ זיך אַליין. — גנענדל זיצט בלאַס, די נאָזלעכער ציטערן ביי איר, נאָר ר׳ ברוך יוסף ציט זיך ווייטער אַזוי צערטלעך און גר־טעטשקע.

— איי — זאָגט ער — וועט ער דיך דאָס טייער האַלטן; ווי אַ קייסערין וועט ער דיך האַלטן — בלויז מיט שאָקאָלאַד וועט ער דיך פאַשען. — גוטשעלע, עס נישט קיין זעמל, עס בעסער שאָקאָלאַד! מיר האָבן געגוג געלט...

די לעצטע ווערטער רעדט ער אונטער דער נאָז, ווי יעקל אַליין, נאָר נאָך מער פאָנפעוואַטע.

גנענדל לאָזט אַרויס אַ געוויין — און לערנער הויבט זיך אויף פון אָרט, גיט אַ פּאַטש אין טיש, אַז דער הענג־לאָמפּ מיט דעם גאַנצן גלאָזוואַרג אין שטוב צעקלינגען זיך:

— פעטער! — שווייגט! — איך וועל נישט לאָזן!..

איצט שטעלט זיך אויף ר׳ ברוך יוסף, זאָמלט אָן די פּענסנע און דער קאַרק גיסט זיך אים אָן מיט בלוט. ער שטעלט זיך אַוועק נעבן בנימינען, קוקט אים גלייך אין די אויגן.

— דו וועסט נישט לאָזן? — שרייט ער—דו?.. דו זעלנערוק!

די מומע טויבעלע כאַפּט זיך ביי די באַקן.

— ברוך יוסף, מען וועט הערן.

נאָר ברוך יוסף הערט נישט און שרייט ווייטער

— דו וועסט נישט לאָזן? דו פּאָניע קוואס! דו דעזערטיר!

טויבעלע פאַרמאַכט די פענסטער.

— געוואַלד — זאָגט זי — וואָסערע ווערטער!

נאָר ברוך יוסף שרייט הויך, אויפן קול:

— דעזערטיר! דעזערטיר! — דע—זער—טירר!

און לערנער האָט געכאַפּט דעם הוט און איז פאַרפאַלן געוואָרן פון שטוב, אַנטלאָפן אָן אַ וואָרט, אָן געלט, אָן אַן איבריק העמד, אָן אַ דאָקומענט אין קעשענע.

אַז די מומע טויבעלע האָט דערזען דעם ליידיקן אַלקיר, האָט זיך איר אָפּגעריסן אין האַרץ.

— ברוך יוסף! — האָט זי געזאָגט — הלואי, ס'זאָל דיר נישט געררעכנט ווערן — שפּילסט זיך מיט פייער, מיטן ריזשינערס אַ קינד...

— איך פייף אויפן ריזשינערס קינדער — האָט ברוך יוסף גע-ענטפערט — דער ריזשינער האָט געמאַכט קינדער, ווי אַלע, ווי אונדזער פאַראָבעק אַנטאָני לאַפּאַ...

די מומע טויבעלע האָט אויפגעציטערט:

— ברוך יוסף — קריעה דאַרף מען רייסן. רעדסטס אויף דוד המלכס גזע!..

— יידענע—האָט ברוך יוסף געלאַכט פון איר — קערסט מיינען, אַז דוד המלך האָט געפאַסט תענתים? בהמה, דוד המלך האָט אויך ליב געהאַט אַ יידענע! — אַפילו אַן אשת-איש אויך.

די מומע טויבעלע האָט זיך אָנגעהויבן קנייפּן איןביידע באַקן מיטאַמאָל.

— ברוך יוסף — האָט זי געזאָגט — האָסט נישט מורא פאַר גאָט!...

נאָר ברוך יוסף איז שוין אַריין אין אַמביציע און די אויגן האָבן ביי אים געשפּריצט מיט פייער.

—גאָט — האָט ער געזאָגט—איך לאַך פון זיין טאַטן—...

שפּעטער פונדעסטוועגן האָט ער בגניבה פאַר טויבעלען גענומען

דאָס היטל מיטן לעדערנעם דאַשעק אויפֿן קאָפּ, אַ ביינערנעם שטעקן אין האַנט און געלאָזט זיך שפּאַצירן איבער די גאַסן, טאָמער וועט ער בנימינען געפֿינען — נאָר ער האָט אים נישט געפֿונען, און ער איז געוועז דערשלאָגן און צופֿרידן גלייכצייטיק.

— אַן עקשן, דער זעלנערוק — האָט ער געברומט זיך אין דער באָרד אַריין — אַ פֿאַרביסענער יונג...

## קאפּיטל IV

# האָזן

לערנער האָט געוואַנדערט אָן אַ ציל איבער די וואַרשעווער גאַסן, אויסגעמאָסטן זיי פון אַלע זייטן.

די שטאָט האָט איצט אינגאַנצן זיך געבויגן פון היץ און באַ־וועגונג. איבער די אָנגעגליטע ברוקן, וואָס זענען ווייך געוואָרן פון זין און רעדער, זענען אַרומגעלאָפן אָן אַ שיעור מיליטערישע אויטאָ־מאָבילן, טראָמייטערנדיק מיט די משונהדיקסטע סיגנאַלן. צייטונגס־פאַרקויפער זענען געלאָפן אין גרויס איילעניש און געשריגן ביז טויב ווערן די זעלבע בשורות:

— צען טויזנט געהרגעטע און פאַרווונדעטע, אַ וויכטיקע טע־לעגראַם!—פרישע מאָביליזאַציע, לעצטע נייססס!..

און צווישן גאַנצן גערודער און פלאָנטער האָבן זיך געקייקלט פורלעך מיט היימלאָזע. עלנדע קליינשטעטלדיקע יידישע פורלעך מיט געלאַטעטע צו לאַנגע „באָקעס״, מיט קרומע דישלען, באַהאָנגען אינגאַנצן מיט עמערס, לאָקשנברעטער און מולטערס, פאַרפאַקט מיט בעטגעוואַנד, ווייבער און קינדער, אָן אַ שיעור קינדער. אויף די שפּיץ פעק האָבן זיך געטרייסלט דערוואַקסענע מיידלעך מיט פאַרפע־דערטע און צוקודלטע קעפ און טונקעלע אויפגעריסענע אויגן, מיט די ספּעציפיש יידיש־מיידלערישע אויגן, וואָס זעען אויס ווי קוילן, וואָס לעשן זיך, נאָר זיי קענען ביים מינדעסטן ווינטל פלוצלינג אויפפלאַ־קערן. צווישן קופערטס, קישן און פעק זענען געזעסן קליינוואַרג, מיידעלעך מיט פּיצעלעך אין די הענט, אַנדערע מיט קוישלעך היי, אין וועלכע עס ליגן פאַרפאַקט די פסחדיקע קאַראַפקעס מיט די כוסות, יונגלעך מיט צופלאָסענע פאהלעך און פירקאַנטיקע היטעלעך מיט אַ צעשיט חומש אָדער אַ צעריסן „כל־בוניקל״ אין האַנט, האָבן גע־

וואָרפן צופלאַמטע בליקן אין אַלע זייטן, מורא האָבנדיק דורכצולאָזן די מינדסטע שיינקייט אין דער גרויסער שטאָט. און אונטן, לעבן די פורן, האָבן זיך געשלעפט בערדיקע טאַטעס, פאַרגאַרטלטע, געבויגענע יידן, וואָס אין זייערע צושויבערטע בערד און געפאַלדעווטעטע קאַפּאָטעס ליגט דער גאַנצער גלות אייגעזאַפּט, יידן, וואָס גייען נאָך נאָך די פורן מיט דערזעלבער געבויגענער הכנעה און אונטערטעניקייט, ווי מען גייט נאָך נאָך אַ מיטה, און נאָר פון צייט צו צייט, אַז אַ פּראָווינצער פערדל דערשרעקט זיך פאַר אַ פאַרביילויפנדיקן אויטאָמאָביל, אַ טראַמוויי, כאַפּט אַזאַ ייד פעסטער די לייצן אין האַנט און צושרייט זיך מיט אַזאַ געבראָכן יידישלעכן:

— טפררר—סטאָי—טפררר.

לערנערן זענען די פורלעך באַקאַנט געווען. גענוג האָט ער זיך אָנגעזען אַזעלכע אויף די פאַרבלאָטיקטע זומפּיקע וועגן אַרום די טייכן „סאַן” און „וויעפּש”, אין די גאַליצישע יידישע שטעטלעך אַרום גרענעץ. נאָר מאָדנע! זעענדיק זיי איצט נאָך אמאָל, פריש, האָבן זיי אין אים אַזאַ ווייטיק אַרויסגערופן, אַזאַ שאַנד און ווייטיק צוזאַמען, אַז ער איז געבליבן שטיין צוגעשמידט צום ברוק, נישט קענענדיק גיין ווייטער זיין וועג.

דאָס איז געווען אַ באַקאַנטע ווייטיק.

דעם ערשטן מאָל האָט ער זי דערפילט טאַקע דאָרט, אין גאַליציען. ער האָט געפירט דעמאָלט היי מיטן „אָבאָז”, דאָס ערשטע מאָל אַריבער די קהירישע גרענעץ, וועלכע איז דורך דעם רוסישן מיליטער אַראָפּגענומען געוואָרן. און דעם ערשטן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן שליאַך, איז געווען אַ רייטנדיקער קאָזאַק מיט אַ גאַליציש דרייצן-שפּיציק שטריימל אויף דער בלאָנדער פיאה פאַררוקט. ער איז שוין געווען עטלעכע חדשים אויפן פראָנט, געזען בלוט, געקלעטערט איבער טויטע, נאָר קיינמאָל האָט אים נאָך נישט אָנגעכאַפּט אַזאַ ווייטיק, אַזאַ טיפע עגבערנדיקע ווייטיק, ווי דאַן, דערזעענדיק דעם קאָזאַק מיטן דרייצן-שפּיציקן שטריימל. אים האָט אַזוי ביים האַרץ פאַרקוועטשט, אַז ער האָט אָפּגעלאָזן די לייצן פון די הענט און די פערד זענען פאַרקראָכן אין שוץ-גרוב, וואָס איז מיטגעגאַנגען לענגאויס דעם שליאַך.

איצט האָט ער דערפילט דעם זעלבן ווייטיק, דעם עגבערנדיקן ווייטיק. פון אַ פור אַראָפּ האָבן געקוקט אויף אים אַ פּאָר שוואַרצע אויגן פון אַ פאַרהילט קאָפּ-טיכל אַפּער און לערנער איז געבליבן צוגעשמידט צו די שוואַרצע בליקן. דאָס זענען געווען אַ פּאָר שוואַרצע יידישע פרויען-אויגן, אין וועלכע ס'האָט אַרויסגעקוקט דער גאַנצער צער פון עלנט און היימלאָזיקייט; אַ פּאָר טונקעלע אויגן, אין וועלכע ס'האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט עטלעכע טויזנט יאָר פון דורות. לערנער האָט מער נישט געזען איצט קיין צעבראָכענע פורלעך מיט ברודיקע קינדער און צעהויקערטע פּעק בעטגעוואַנד, נאָר עפּעס אַ הייליקן צוג, אַ מחנה קדושים בני גולה, געהייליקט אין פּיין און נויט. ביי אים אין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס הוידען, ווי תמיד, בעת ער דערזעט עפּעס מוראדיקס און דורכן חוט השדרה איז דורך אַ שוידער, נאָר אָט האָט אים עמעצער אַ שטויס געטון אין אַ זייט און געזידלט:

— תם, וואָס גאַפּיעסטו? — רוק דיך!

דאָס האָט אַ גאַנצע האָפּטע מעקלער, פאַרהאַוועטע, פאַרשוויצטע, מיט צעפלאָסענע כאַלאַטלעך, מיט פאַררוקטע היטעלעך און מיט צעפלאַמטע פּנימער, געיאָגט זיך ווי די מייז נאָך איין איינציקן רוסישן אָפיציר, שלעפּנדיק אים יעדער צו זיך:

— סודא, וואשע וויסאָקאבלאגאראדיע — פּאזשאלויסטע...

אַנדערע האָבן זיך געקריגט, געשאָלטן, געריסן זיך אין מיט גאַס צוליב עפּעס אַ פאַרדינסטל, אַ מעקלעריי און געקראָכן זיך אין גרגרת אַריין, ביז ס'האָט זיך אַריינגעמישט אַ פּאָליציאַנט און צוטריבן זיי מיט דער שווערד.

—פּאשלי, טאַטעלע, מאַמעלע, איי וויי!

זיי זענען זיך צעלאָפן ווי די הינער, וואָס דער באַלאַגאָלע צעיאָגט פון נעבן דער קאָריטע האָבער, און געזידלט, וואָס מ'שטייט זיי אין וועג — און לערנער איז ווי אַראָפּגעפאַלן פון העכסטן באַרג ביז טיף אין אָפּגרונט אַריין.

פון דעם הייליקן צוג, פון די „בני גולה”, וואָס איז ביי אים אויפגעשווומען אין זכרון, איז איצט נישט מער פאַרבליבן, ווי אַ מחנה קליינשטעטלדיקע אומגליקלעכע און דערשראָקענע יידן מיט צעקודלטע פאַרפּעדערטע קעפּ און בערד, מיט צעבראָכענע פורלעך און

אויסגעקראָכֿענע פערדלעך מיט פאַרבונדענע פיס. ער איז אַוועק פון אָרט, פאַרקלעמט אינגאַנצן פון צער און אומזין.

מאָדנע געדאַנקען, קינדערישע, צעפלאָסענע, האָבן זיך גענעסט איצט אין זיין קאָפּ, אין קאָפּ, וואָס איז חדשים לאַנג געשטאַנען אָפן צו פייער, רציחה און משוגעת.

נעכֿטן צי אייערנעכטן, האָט ער געטראַכט, זענען די, וואָס שלעפן זיך איצט מיט די פורלעך, אויך מסתמא אַרומגעטאַנצט ביי זיך אין שטעטל אַרום אַן אָפיציר, קריכֿנדיק זיך אין די בערד, רייסנדיק זיך דעם גרגרת. מאָרגן ווידער וועלן די, וואָס האַווען איצט, זיצן אויף דעם שלעפּ-וואָגן און אַנדערע וועלן זיי נישט זען און שלאָגן זיך אַרום אַ פאַרשוין מיט עפּאָלעטן.

און אַזוי שטענדיק, שטענדיק.

אויף די רייכערע גאַסן, וואָס פירן צו די שפּיטעלער און וואָקזאַלן, האָבן זיך וואַגאָנעס מיט פאַרוווּנדעטע געצויגן, איבערפולט מיט בלוט, ווייטיק און איינגעהאַלטענעם צער. אויף אַ טייל ערטער האָט מען דעם ברוק פאַרריכט, אַספאַלט געגאָסן. הייסע קעסלען האָבן געקאָכט, פאַרשפּרייטנדיק אַרום זיך היץ, רויך און עפּוש, און האַלב נאַקעטע אַרבעטער, אויסגעשמירט אינגאַנצן פון סמאָלע, באַגאָסן מיט שווייס, זענען געשטאַנען אָנגעבויגן איבער די שוואַרצע אָפענע פּיסקעס פון די ריזיקע ברענענדיקע קעסלען, זיי האָבן געשעפּט עמערס שוואַרצן פייער, געגאָסן אויף דער ערד, שרייענדיק צו די דורכגייער:

— פאָרזיכטיק, הערשאַפטן, פאָרזיכֿטיק!..

זיי האָבן אויסגעזען, ווי זינדיקע געשפּענסטער, וואָס דער שר פון גיהנום האָט אַראָפּגעלאָזט אַ ווײַלע אויף דער וועלט צווישן אַלע אויסגעפּוצטע און ווייס-געקליידעטע, כדי צו ווייזן זיינע שדישע שטיק. און פאַרביי זענען דורכגעפאָרן אויטאָמאָבילן מיט צוהוליעטע מילי-טער-לייט און פריילעכע דאַמען, פאַרבייגעפלויגן מיט אַזאַ גיכקייט, אַז בלויז די ריזיקע שטרויספעדערן האָבן זיך געזען טרייסלען; קאַרעטעס, פאַרפּוצטע מיט ווייסע אַטלעסענע בענדער און כֿריזאַנטעמעס, זענען פאַרבייגעפאָרן מיט אויסגעפּוצטע חתונה-געסט, איילנדיק צו פרייד און גליק.

דער געפיל פון אומזין, פון משוגעת, האָט אים גאָרנישט באַ־פרייט אויף אַ ווײַלע.

ער איז געגאַנגען אָן אַ ציל און צוועק, באַטראַכט אַלץ, גלייך ער זאָל זיין דער באַלעבאָס פון דער וועלט, וואָס מוז אַלץ אין זינען האָבן, אַלץ האַלטן אויפן אויג. ער איז געקראָכן גאַס איין, גאַס אויס, וווהין די אויגן האָבן אים געטראָגן.

דאָס אַרומבלאָנקען איבער די גאַסן איז פאַר אים קיין מעלה נישט געווען. גאָר קיין מעלה נישט.

איבער די וואַרשעווער גאַסן האָבן אויף טריט און שריט אַרום-געבלאָנקעט פּאָליציאַנטן און שפּיאָנען. פון אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס מען האָט עוואַקואירט פאַרן שונא, זענען זיך אָנגעקומען פּאָ-ליציאַנטן גאַנצע מחנות און אַרומגעבלאָנזשעט ווי די פאַרלוירענע שאָף איבער די פרעמדע גרויס־שטאָטישע גאַסן. אויף אַלע ווענט האָבן געהאָנגען פּלאַקאַטן, גערופן אין פעלד, נאָר זיי, די אויסגע־רוטע באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן האָט מען נישט גערופן. זיי זענען אַרומגעגאַנגען ליידיק־גייעריש, געזוכט, געשנישטערט און אַלע מאָל עמעץ אַנדערש אָפּגעשטעלט מיט דער שווערער רוסישער פראַגע:

— אַ פּאַספּאָרט יעסט, אַ?

אין לערנערס האַלטונג, גאַנג, אין אָפּגעבּרענטן געזיכט, אין יעדער באַוועגונג איז געלעגן דער סאָלדאַט, ער האָט דורכגעקוקט דורך די ציווילע קליידער.

איינמאָל האָט ער אַפילו זיך פאַרגעסן און, דערזעענדיק אַן אָפיציר פאַרבייגיין, האָבן זיך די פיס אַליין ביי אים צוזאַמענגע־רוקט און די האַנט האָט זיך געהויבן צום ראַנד פון הוט, וועלנדיק אָפּגעבן „טשעסט". נאָר עס איז אים דורכגעגאַנגען אומבאַמערקט און ער האָט זיך ווייטער אַרומגעבלאָנקעט.

ערשט, אַז דער הונגער האָט אים שוין רעכט געמאַטערט און די פיס זענען געוואָרן מיד, איז ער אַריין אין אַ שענקל און אָפּ-געגעסן אַן אָרעם מאָלצייט. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין אַ שטאָטישער ביבליאָטעק און געהייסן זיך דער־לאַנגען אַ בוך. אָבער ער איז נישט לאַנג דאָרט געזעסן. דער שטי־לער זאַל, די רויקע לעזער, מערסטנס בלאַסע, באַברילטע, די שטילע

דינער און די ביבליאָטעקאַרן, וואָס גייען מיט גאָך שטילערע טריט אַרום די זאַלן, דאָס אַלץ אין מיט פון די רווישיקע גאַסן, פון דער מלחמהדיקער שטימונג, האָט אים גערעגט, דענערווירט, די אותיות זענען אים געשפרונגען פאַר די אויגן, און ער איז באַלד צוריק אַרויס אין גאַס, אַריינגעוואָרפן זיך אין טומל, גערויש, געשפּאַנט גלייך מיט אַלע, און געפילט זיך בעסער, גלייך ער וואָלט אָפּטוען עפּעס אַ נויטיקע זאַך.

דאָ האָט ער זיך געפילט גוט, פאַרכאַפּט פון עפּעס, פול מיט עפּעס. און געשלאָפן איז ער ווו נאָר ס'האָט זיך געלאָזט. אַמאָל אין אַ ביליקער אַכסניה, אין אַ קעלער שטוב, אַמאָל איז ער איבערגעזעסן די נאַכט אין אַ בית־מדרש-הויף, צוזאַמען מיט שנאָרערס און בעט-לערס, אַמאָל אין אַ „הייזל" ערגעץ אין אַ פאַרעיפּושטן הויף-ווינקל, און אין דער לעצטער ברירה אויך ביי די „האזן".

אויף אַ זעקסטן שטאָק פון אַ טומלדיקן באַזאַר־הויף, אין שכנות מיט אַ לאַנגן בוידעם, וואָס שמעקט תמיד מיט זייף און פייכטקייט, האָט זיך אַ גרויסער אטעליע געצויגן מיט פאַרלאַטעטע שויבן גלייך אין הימל אַריין. דאָרטן, אין אטעליע, וואָס איז פול אָנגעוואָרפן מיט גיפּסענע צעבראָכענע פיגורן, דראָטענע סקעלעטן, ליימענע אַקטן און נישט־פאַרענדיקטע לייוונטן, האָט געוווינט לער־נערס אַן אַלטער חבר — רובינטשיק, אַ יונג מיט געקרייזלטע האָר — אַ סקולפּטאָר.

צווישן דעם גאַנצן מושב פון גיפּסן, ליימען, דראָטן און לייוונטן, האָבן זיך אויך געוואַלגערט זיינע קאָלעגן, אַ חברה „האזן", פאַרשוינען, וואָס דאַרפן לויט זייערע יאָרן און קרעפטן זיין אויפן פעלד, און אַהין האָט רובינטשיק אויך געשלעפּט לערנערן.

— קום — האָט ער אים איינגעלאַדן, טרעפנדיק אין גאַס — וועסט דאָרטן זיין צווישן „אייגענע מענטשן". עס פעלט אונדז טאַקע אַ צוועלפטער „האז"...

אַז רובינטשיק האָט לערנערן אַרויפגעפירט און פאָרגעשטעלט, האָט מען אים באַגעגנט מיט אָוואַציעס.

— בראַוואָ! — האָבן אַלע האָזן געשריגן — זאָל לעבן דער צוועלפטער האָז, הוראַ!

און נאָך אין זעלבן אָוונט האָט מען דורכגעפירט די צערעמאָניע ביים אָננעמען לערנערן אין דער חברה.

רובינטשיק האָט צוגעשניטן אַן אַלטן זאַק אין דער פאָרם פון אַ האָז און אים באַמאָלט מיט האָזן־קאָלירענעם פאַרב.

די אַרומיקע צען האָזן האָבן געאַרבעט פלייסיק ביים צוגרייטן די וויעטשערע. מ׳האָט געשיילט קאַרטאָפל, געשניטן רויע קישקעס און געוואַשן טעפּ און שיסלען.

— געלט האָסטו, נומער צוועלף? — האָט אַ האָז מיט קרומלעכע פיס געפרעגט ביי לערנערן.

דאָ האָט מען קיינעם נישט גערופן ביים נאָמען. עס האָט נישט געטויגט. גערופן האָט מען זיך ביים נומער. לערנער האָט באַקומען דעם נומער צוועלף.

—געלט? — האָט לערנער זיך פאַרטראַכט און פאַרשעמט גלייכ־צייטיק — ניין, קלייניקייטן...

— אַ זייגער האָסטו? — האָט אַ צווייטער האָז, אַ יונג אַ ריז, געפרעגט.

— אַ זייגער יאָ!

— אַראָפּ! — האָט אַ דריטער האָז, אַ פאַרשוין מיט אַ יונג קינדיש פּנים און מיט אַ פרעמדער באָרד, באַפוילן און אָנגעוויזן לערנערן אויף דער האַנט, אויף וועלכער ער האָט געטראָגן אַ זייגערל.

און אין איין אויגנבליק האָט מען גענומען עטלעכע נאָז־טיכ־לעך, געמאַכט קניפּן און געצויגן קניפּלעך.

— ווער ס׳וועט אַרויסציען דעם קניפּ, וועט גיין אין גאַס! האַליאָ!..

זעלטן, אַז עמעצער איז דאָ אַראָפּ אין גאַס. עס האָט נישט געלוינט. און נאָר, אַז מען האָט געדאַרפט גיין איינקויפן אָדער פאַר־זעצן עפּעס אַ חפץ, האָט מען געצויגן קניפּלעך און ווער ס׳האָט אַרויסגעצויגן דעם קניפּ, האָט מען אים געגעבן אָנצוטון אַ מאַנטל, דעם איינציקן מאַנטל, וואָס איז גוט געווען אויף אַלע; מען האָט אים באַזאָרגט מיט אַ פּאַס אין קעשענע, דעם איינציקן פּאַס פון אַ גע־שטאָרבענעם וויסן־בילעטניק, און מען האָט אים אָנגעזאָגט אַ סך מאָל:

— געדענקזשע ווי דו הייסט! — און טאָמער גייט מען דיר נאָך, קום נישט אַרויף.

איצט האָט מען געדאַרפט גיין ברענגען אַ וויכטיקע זאַך. פאַר דעם זייגערל האָט מען געדאַרפט ברענגען אַ פולע פלאַש ספּירט, מלחמהדיקן ספּירט, וואָס ווערט פאַרקויפט געהיים און פאַר גוט געלט. — און מען האָט דעם שליח אָנגעזאָגט ביים אַרויסגיין פון אַלע זייטן:

— זאָלסט אָנקלאַפּן דריי מאָל אין טיר. און אַז מען וועט דיך פרעגן ווער איז? זאָלסטו זאָגן: צום פעטער רחמיאל. — דאָס איז אונדזער פּאראל...

די צערעמאָניע איז צוגעגאַנגען פייערלעך. נאָכדעם ווי מען האָט אָנגעגאָסן יעדן אַ גלעזל, האָט מען פון איין זייט אַוועקגע־שטעלט אַ ליאַלקע, אַ קאָמישע ליאַלקע מיט אַ גראָבן בויך, מיט אַ חזיריש מויל, מען האָט איר אָנגעטון אַ פּאָר עפּאָליעטן, געגעבן אַ שווערד אין האַנט און אַ זעלנעריש היטל אויפן שפּיץ קאָפּ. פון דער צווייטער זייט האָט מען אַוועקגעשטעלט לערנערן אָנגעטון אין דעם האָזישן בגד, מיטן באָכשלעפּנדיקן ווײַדל, מיט די אויפגעשטעלטע אויערן. אַרום זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אַלע האָזן, מען האָט גע־זונגען אין כאָר אַ לידל, אַן אייגן האזן־ליד, וואָס מען האָט אַליין פאַרפאַסט, אַליין די מעלאָדיע צוגעטראַכט. דאָס לידל איז געווען קאָמיש, פול מיט די נאַרישסטע רייד, נאָר געזונגען האָט מען עס מיט היץ, מיט ברען, און אַז מען האָט פאַרענדיקט, האָט יעדער אויפגעהויבן דעם רעכטן פוס, אַ שטויס געטון די ליאַלקע אין גראָבן בויך אַריין, אַזוי, אַז זי איז צעשמעטערט געוואָרן אויף פּיץ־פּיצלעך. און ערשט דעמאָלט האָט מען אויפגעהויבן דעם בייעם האז אין דער הויך און מען האָט געמאַכט אָוואַציעס:

— זאָל לעבן אונדזער צוועלפטער האָז! הורא!

— לחיים פאַר די צוועלף אפּאסטאלן! לחיים פאַר די האָזענע אפּאסטאלן!...

און מען האָט אַרייַנגעגאָסן אין זיך דעם שטינקנדיקן מלחמה־ספּירט, וויפל נאָר עס האָט געקאָנט אַריין.

אָט צווישן די דאָזיקע האָזן, אויף אַ זעקסטן שטאָק ביי אַ

בוידעם, צוזאַמען מיט גיפּסן, ליימען און נישט פאַרענדיקטע לייוונטן, האָט רובינטשיק אַריינגעפירט לערנערן און אים פאָרגעלייגט זיין אַ תושב.

— זיך! — האָט ער געזאָגט — אָדער מען וועט אַלע כאַפּן אָדער קיינעם נישט. אַלץ איינס...

נאָר לערנער האָט זיך נישט געפילט דאָ גוט צווישן עולם און ער איז וואָס ווינציקער געקומען.

אַן אמתער ערי־מקלט איז דאָ געווען אויפן זעקסטן שטאָק צווישן די האָזן.

געווען דאָ רובינטשיקס חברים פון דער קונסט-שולע און בחורים—דילעטאַנטן, וואָס דרייען זיך אַרום קונסט און טראָגן דער־וייל לענגערע האָר מיט אויסגעריבענע סאַמעטענע רעקלעך. געווען דאָ אַ בחור אַ מוזיקער, אַ יונג מיט אַ פּאָר דינע לאַנגע פיס, מיט אַ דינעם לאַנגן האַלדז און מיט אַ געבויגענער פּלייצע, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַן אויסזען פון אַ קעמל. און געווען דאָ אַ בחור אַן אַנאַר־כיסט, אַ פאַרשוין, וואָס איז שוין אויסגעווען אַ וועלט, וואָס איז פון אַלע טורמעס און תפיסות אַנטלאָפן און וואָס האָט געקוקט אויף אַלע מענטשן מיט אַזעלכע איגנאָרירנדע אויגן, ווי מען קוקט אויף ווע־רעם אַ שטייגער. עלנדע, טרייפענע, מיט אויסגעשפּיצטע אויערן פאַר יעדער שאָרך, מיט דורשטיקע ליפּן נאָך אַ פּאַפּיראָס, מיט גרייטע שאַרפע ציין אויף אַ קיי, האָבן זיי זיך נישט איבעריק ליב געהאַט דאָ און געפרעסן זיך איינער דעם אַנדערן.

אַרבעטן איז געווען שווער. קיין מאָדעל האָט מען נישט גע־קענט נעמען. דערצו האָט מען געמוזט האָבן אי געלט, אי אַ זיכערן מענטש, וואָס זאָל נישט דערציילן וועגן זעקסטן שטאָק. קיין ליים איז נישט געווען, קיין גיפּס אויך נישט. אפילו קיין וואַסער צו נעצן די ליימענע פיגורן איז נישט געווען, אויפן זעקסטן שטאָק האָט עס נישט דערגרייכט, און מען האָט גאָרנישט געטון אין די גרויסע לאַנגע זומער-טעג, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט.

אין שטוב איז געווען אַ מושב, אַ שטויב. אויף טריט און שריט האָבן זיך געוואַלגערט רובינטשיקס גיפּסענע פיגורן, שטיקער הענט, פיס, קעפּ, טאָרסען. אויף טישלעך זענען געשטאַנען ליימענע אַקטן,

מיידלעך מיט צושפּאָלטענע בייכער, מיט צובראָכענע בריסטן, מענער מיט אַראָפּגעפּאַלענע קעפּ, מיט צוטריקנטע פּיס. גרויסע לייוונטן, זעק, האַלב־באַמאָלטע, נישט פאַרענדיקטע, האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די טריט. פון אַלע זייטן האָבן זיך געטשעפּעט צו די פיס שטיקער דראָט, אייזנס, טשוועקעס, האַלבע סקעלעטן, צוריסענע דראַפּעריעס, קליידער, און צוזאַמען דערמיט איז געווען אָנגעוואָרפן מיט שמוציקע פּאַפּירענע קראַגנס, מאַנזשעטן, שטיקלעך פּאַפּיראָסן, פּאַפּירלעך, פאַרדאַרטע פענדזלען, צוקנייטשטע טובעס פאַרב, שפּאַכטלען און פּרעזערוואַטיוון.

נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל האָט איינער פון צווייטן געצייכנט קאַריקאַטורן. בייזע, גיפטיקע און איבערטריבענע קאַריקאַטורן. יעדנס שוואַכקייט איז אויסגעוואַקסן אין די גרעסטע פאָרמען. נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל האָט מען זיך דערציילט די זעלבע וויצן, די זעלבע חכמות, באַרעדט זיך איינער דעם אַנדערן, אימיטירט איינער דעם אַנדערן, אויסגעלאַכט זיך, באַוויזן יעדנס לעכערלעכקייטן, שוואַכקייטן, אַז יעדער האָט זיך געזען נאַקעט, צעגראַבלט, אַזוי מאוס נאַקעט, ווי דער טויטער קערפּער פון אַן אַלטער גאַסן־פרוי אויפן טיש פון פּראָזעקטאָריום.

וואָס שאַרפער איינער האָט אָנגעגריפן דעם צווייטן, וואָס מער קאָמיש איינער האָט געוויזן דעם אַנדערן, אַלץ מער האָט דער אָנגעגריפענער געמוזט אָפּצאָלן מיט נאָך אַ שאַרפערער פייל, מיט נאָך אַ שפּיציקערן עגבער. די חושים זענען געוואָרן קרענקלעך פאַרשפּיצט. די אויערן פאַרשאַרפט, די מוחות פאַרשליפן. יעדער איז געשטאַנען אויף דער וואַך ווי די חיה פאַרן רויבער.

עס האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז מען האָט מורא געהאַט זיך אָפּלאָזן אויף אַ ווײַלע איינער דעם אַנדערן, מען זאָל דערווייל אין דער אָפּוועזנהייט נישט נעמען אויפן „צימבל". מען האָט זיך נישט פאַרגונען אַוועקגיין אָפּטון אַ מענטשלעכע זאַך...

וואָס מער מען האָט זיך פיינט געהאַט, אַלץ מער האָט מען געקלעבט אין זיך. לערנערן האָט דער עולם תחילת צוגענומען מיט אָפענע אָרעמס. מיד, לאַנגווייליק פון די זעלבע רייד, פון די זעלבע געלעכטערן, פון די זעלבע וויצן, וואָס זענען שוין טויזנט מאָל

צעקייט און אויסגעבראָכן געוואָרן, האָבן זיי זיך מחיה געווען, די האָזן, מיטן נייעם מענטש, פאַר וועלכן אַלץ וועט זיין אַ נייעס. תּחלת איז עס לערנערן געפעלן געוואָרן, געווילט, נאָר באַלד האָט עס אים אָנגעהויבן שלאָגן צום האַרץ.

די מידע טעג נאָכן פעלד זענען שוין לאַנג געהאַט אַריבער ביי אים; דער ווילן צו רוען אויך. צוגעוווינט שטענדיק צו אַרבעט, צו באַוועגונג, צוגעוווינט צומערשט אין מיליטער, דערנאָך אין פעלד, צו דיסציפּלין, צו טוען, האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן דאָ דאָס ליידיקגיין, דעם מושב, דאָס צוזאַמענקוועטשעניש, די אומזיסטע רייד. אין די שטייפע מוסקולירטע הענט זיינע האָט געקיצלט, אין די פינגער האָט געביסן, דאָס בלוט האָט געקאָכט, געוואָלט עפּעס, און ער האָט נישט געקענט איינזיצן אויף קיין רגע.

ער האָט זיך אין אָנהויב גענומען צו גימנאַסטיק.

— חברה — האָט ער געזאָגט — שטעלט זיך אויס אין די רייען, וועל איך אייך מושטירן! — האָפּ!

ער האָט אויסגעשטעלט אַלע האָזן ווי די סאָלדאַטן, געגעבן יעדן אַ שטעקן אין האַנט אָנשטאָט אַ ביקס און קאָמאַנדעוועט מיט זיי פּונקט ווי זיין „ראטנער".

— פּראַווא, ליעווא! — אט! ווא!..

ער האָט זיי געלערנט שטעלן פיס, שפּרינגען, בויגן זיך און ער האָט זיך געקלאַפּט איבער די פיס און אַריינגעשטופּט מיט דער קני די אַרויסגעשטאַרטע בייכער ביי די האָזן אינגאַנצן ווי זיין אָפיציר.

— אַריין דעם בויך! וואָס שטייסטו ווי אַ טראָגעדיקע „באבע"?

אַן אַנדערן האָט ער געקלאַפּט איבער די קניען.

— די פיס רוק צענויף, דו קימפּעטאָרן צודאָסטע!...

אַלע אָפיצירישע ווערטלעך האָט ער באַנוצט און עס האָט אים אַ ביסל פאַרנומען. נאָר אינגיכן איז עס מיאוס געוואָרן אי אים אַליין, אי זיי, די האָזן. און ער האָט זיך ווייטער נישט געפונען קיין אָרט.

די האָזן האָבן אים אויפגערעגט, דענערווירט, איבערהויפּט דער

„מעצענאַט״ זייערער, דער באַלעבאָס פון זעקס-שטאָקיקן הויז חיים קלעפפיש, וואָס איז דאָ אָן אָפּטער גאַסט געווען.

אַ מאָדנער יידל איז ער געווען דער הויזווירט חיים קלעפפיש. גאַנצע טעג איז ער אַרומגעקראָכן איבער זיין גרויסן באַזאַר-הויף, וואָס איז פול מיט יאַטקעס, שטעלן און קראָמען און געמאָנט דירה-געלט.

— נו, נו, וואָס ט׳זיין? — האָט ער זיי געזאָגט מוסר, שלינגנ־דיק דערביי האַלבע ווערטער — געלט! געלט! שוין ד׳אַכטער... ד׳אַכטער!...

און אַז עס איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט, פלעגט ער זיך גאָר אַוועקזעצן ביים טויער, ער האָט געלאָזט אַוועקשטעלן אַ טישל, איבערגעדעקט עס מיט אַ גרין טישטוך, ווי אין אַ געריכט, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט דערלעבן אויף אַ בענקל און נישט דורכגעלאָזט קיין איין לאָקאַטאָר זיינעם, ער זאָל אים נישט פאַרהאַלטן און זאָגן מוסר:

— וואָס ט׳זיין?—ט׳זיין? שוין ד׳אַכטער!... געלט!... געלט!...

און אַז ר׳איז פאַרטיק געוואָרן מיטן דירה־געלט, וואָס ער האָט אַהיימגעשלעפט אין אַ גרויס לייוונטן זעקל, האָט ער זיך אַריינגע־כאַפּט אַ ביסל צו דעם זעקסטן שטאָק, צו די קינסטלער.

אויך צו זיי פלעגט ער קומען אָפטמאָל זאָגן מוסר, נאָר אויף פויליש.

— פאַנאָוויע — האָט ער געטענהט — איר זענט דאָך עפּעס אינטעליגענטנע מענטשן, איר ווייסט דאָך יאָ ווען דער „אַכטער״ איז.

ער האָט אָפּט אויך געשיקט דעם „קאָמאָרניק״ און אַרויסגע־וואָרפן די גיפּסן. געוויינלעך צרות האָט פון אים רובינטשיק געהאַט ביז ער האָט אים נישט געמאַכט פאַר אַ „מעצענאַט״.

רובינטשיק האָט דערזען, אַז ביים יידל דעם הויזווירט איז, אַ חוץ דער תאווה פון געלט, פאַראַן נאָך א תאווה, אַ שטאַרקערע, אַ הייסערע, אַ תאווה צו ווייבער. ער האָט דאָס געזען אי אין זיין אונ-טערשטער גראָבער ליפּ, וואָס קוקט אים אַרויס בלוטיק פון די קויל-שוואַרצע באָרד און וואָנסן; אי פון זיינע האַלב-פאַרחלשטע שוואַרצע

אויגן, וואָס זענען שטאַרק ענלעך צו די אויגן פון די אויסגעמאָלטע סולטאַנעס, וואָס הענגען אין די ביליקע פריזיר-הייזער...

ביי יעדער מאָל אַרויפקומען אויפן זעקסטן שטאָק, האָט חיים קלעפּפיש ווילדע בליקן געוואָרפן. אויף די ווענט האָבן געהאָנגען אַ סך נאַקעטע פרויען־אַקטן, פעט געמאָלט, דערצו האָט ער נישט איינמאָל געזען אַרויפגיין מאָדעלקעס, און ער איז געשטאַנען צו־טומלט איינגאַנצן.

רובינטשיק האָט אים דעריבער איינמאָל אָנגענומען פאַר אַ האַנט, אַריינגעפירט אים אין צווייטן צימער, ווו אַ מאָדעלקע האָט אַ נאַקעטע פאָזירט, און אים געפרעגט:

— געפעלט אייך, פאַניע קלעפּפיש?...

און קלעפּפיש איז געוואָרן אַ שטענדיקער איינגייער אויפן זעקסטן שטאָק. פון דירה־געלט האָט ער מער נישט גערעדט. פאַר־קערט, ער איז געוואָרן אַ מעצענאַט, ער האָט געקויפט בילדער, גע־געבן אַן הלואה און באַלעקט זיך אָפט די רויטע בלוטיקע ליפּן, וואָס קוקן אים אַרויס פון די קויל־שוואַרצע באָרד און וואָנסן.

— טע, טע, טע — האָט ער זיך ענטציקט ביי יעדער נייער מאָדעלקע — איי, איי, איי אַ מויד!...

אָט דעם קלעפּפישן האָט לערנער באַלד פיינד באַקומען ביי דער ערשטער באַגעגעניש. יענער איז צו אים צוגעקומען גוט-ברו־דעריש, אַרויפגעלייגט אים די האַנט אויפן אַקסל ביי דער ערשטער באַגעגעניש און מעשה מעצענאַט, פרייער מענטש, געזאָגט אים „דו".

— וואָס ביסטו? — האָט ער אים אַ פרעג געטון — אַ מאַלער, אַ סקולפּטאָר? נאַ דיר אַ פּאַפּיראָס!..

האָט אים לערנער האַסטיק אַראָפּגענומען די האַנט פון זיין אַקסל און אַוועק אָן איין וואָרט פון אים.

קלעפּפיש איז געבליבן שטיין צעקוועטשט. די רויטע אונטער־שטע גראָבע ליפּ האָט זיך איינגאַנצן געטרייסלט ביי אים. ער איז דאָ געווען צוגעוווינט אויפן זעקסטן שטאָק צו פרייקייט. ער האָט גערעדט, וואָס ער האָט געוואָלט און אויסגעהערט, וואָס מען האָט געוואָלט. אַז חברה האָט גערעדט וועגן זיין אייגן ווייב די מיאוסטע

ווערטער, האָט ער מיטגעלאַכט ווי אַ „מעצענאַט“ דאַרף און באַ־לעקט זיך.

ער האָט געשאָלטן, ווי אַן אמתער פרייער מענטש.

— אַז די זיבעטע נכּפה זאָל עס כאַפּן — האָט ער ליב גע־האַט זאָגן.

דערמיט, וואָס לערנער האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, איז ער ביי אים אויסגעוואַקסן אין די אויגן, און ער האָט שטאַרק געוואָלט זיך דערנענטערן צו אים. דאָס געפעלן ווערן לערנערן האָט ביי אים אָנגעהויבן ווערן אַן אידעע, אַ נויטווענדיקייט. ער האָט געזוכט אַלע מיטלען דערצו. נאָר געקומען איז גאָר צו עפּעס אַנדערש.

איינמאָל האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר אויפן זעקסטן שטאָק. דער עולם האָט זיך איבערגעשראָקן אַ ווײַלע און געוואַרט מיטן עפענען.

— ווער? — האָט מען געפרעגט — צו וועמען?

— צו לערנערן! — האָט אַ שטילע פרויען־שטימע געענט־פערט — מ׳קאָן?

עס איז געווען גנענדל. לערנער איז געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר גרויסע אויגן. ער האָט בשום־אופן נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי זי האָט געטראָפן אַהער. און ער האָט זי איינגעלאַדן אין אַטעליע אַריין. זי האָט אינגאַנצן געסאַפּעט פון מידקייט און אויפ־רעגונג. פון עולם האָט מען געקוקט אויפן מיידל, געקוקט מיט אויפגעריסענע גיריקע אויגן, וואָס זענען שוין אַ צייט אָפּגעוווינט פון אַ פרוי. גנענדל האָט זיך פאַרלוירן, זי האָט קיין וואָרט נישט גע־קאָנט אַרויסרעדן.

— דו שלעכטער! — האָט זי ענדלעך אַרויסגעזאָגט און אַרויס־געלאָפן גיך, קוים איינהאַלטנדיק זיך, זיך נישט פאַנאַנדערצעוויינען צווישן עולם.

לערנער איז איר נאָכגעלאָפן. אַז ער איז צוריקגעקומען אין אַטעליע, האָט דער עולם זיך אָנגעהויבן וויצלען איבערן מיידל. לער־נער האָט די וויצן נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

— חברה — האָט ער באַפוילן — שאַ! קיין איין וואָרט נישט מער!

אַלע האָבן געשוויגן. איין קלעפּפיש איז אַרויס פון די כּליב.

די אויגן זיינע, וואָס זענען ענלעך צו די אויגן פון די אויסגעמאָלטע סולטאַנעס אין די פּריזיר־הייזער, האָבן אינגאַנצן פייכט געגלאַנצט. די רויטע אונטערשטע גראָבע ליפּ האָט זיך נאָך מער אָנגעבלאָזן. ער האָט זיך באַמיט זאָגן אַ קלוג וואָרט, אַזוי, אַז לערנער זאָל אים ליב באַקומען.

— לערנער — האָט ער געשריגן — נעם זי צוריק אַריין, זי וועט די האָזן צונויף קומען...

לערנער איז צוגעגאַנגען צו קלעפּפישן, באַטראַכט אים אַ ווײַלע און מיט דער גאַנצער פאַרביטערטקייט און אויפרעגונג, אַרײַנגעפּאָרן אים מיט דער האַנט אין דער שוואַרץ־באַבערדלטער באַק.

— נאַ!..

חיים קלעפּפיש האָט געשלונגען טרערן, בלוט פון דער נאָז און ווערטער:

— דעזוערטיר! — האָט ער געשריגן — אין קייטן וועסטו ביי מיר פאַרפוילט ווערן!... איך לויף שוין צום סטרוזש...

לערנער איז געשטאַנען גלייך, בלאַס, און געוואַרט — „זאָל זיין” — האָט אים הנאה געטון—„בעסער אַזוי”.

נאָר באַלד האָט דער עולם קלעפּפישן אַרומגעוואַשן, באַרויקט, און ער איז געבליבן זיצן אין אַטעליע. ער האָט שוין מער נישט געאיילט זיך רופן דעם סטרוזש. ער האָט בלויז געדראָט.

— פּשידזשע קאָזאַ דאָ וואָזאַ! — האָט ער געזאָגט און געדראָט מיט אַ פינגער.

לערנער איז אַוועק און מער צו די האָזן נישט געקומען.

ער האָט צוריק געוואַנדערט איבער די גאַסן.

איבער די שטאָטישע גאַסן האָט זיך געשלעפּט מיליטער אָן אַ שיעור. פּאָלק נאָך פּאָלק. יונגע, פרישע שקצים מיט נייע שינעלן און שטיוול נאָר פון דער נאָדל אַרויס, האָבן געהילכט איבער די גאַסן מיט יוגנט און קראַפט, פאַרשפּרייטנדיק אַרום זיך ריחות פון דזיעגעכץ מיט פעלד צוזאַמען. ברוינע רייטער, טשערקעסן, טשוואַשן, טשעטשענצעס, סאַרדן, קאַלמיקען, אַבכאַזער, יונגען שלאַנקע, דינע, מיט רויבערישע אָדלער־נעז, מיט ברוינע געזיכטער, זענען פאַרביי-

געגאַנגען איבער דער שטאָט, שטשירענדיק די ווייסע ציין צו די מענטשן אויף די גאַסן. ווילדע, פאַרהידושטע, פרעמדע, האָבן זיי נאָר געוואַרט מען זאָל זיי הייסן עפּעס טון, שניידן—אַלצאיינס וועמען און וואָס, אַבי נאָר מען זאָל הערן דאָס וואָרט „פלי״. אַנדערע האָבן אפילו געפרעגט ביי די פאַרבייגייענדיקע:

— בערלין, האַ?

דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געוווסט, איז דאָס, אַז עפּעס אַ בערלין איז דער שונא, דער פיינט פון זייער פאַרוואָרפענער בערגיקער ערד, וואָס ליגט ערגעץ טויזנטער וויאָרסט ווייט פון דאַנען. און זיי האָבן זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן, ווען זיי וועלן שוין אַמאָל אָנקוקן דעם דאָזיקן פיינט. יעדער שטאָט, אַלע פרעמדע מענטשן, וואָס זענען נישט געווען ענלעך צו די, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו באַגעגענען, האָבן געקאָנט זיין די שונאים.

און אין די ראָגעס גאַסן, אַרום פריילעכע הייזלעך, זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט רייען סאָלדאַטן, געזונטע, יונגע און צעהיצטע, און מיט דער גאַנצער זעלנערישער דיסציפלין און געדולדיקייט אויסגעוואַרט אויף דער ריי. צומאָרגנס האָבן זיי געדאַרפט אַוועקמאַרשירן אין פעלד. יעדערער האָט פאַרן אַוועקגיין אויפן פראָנט באַקומען אַ קוויטל פון „ראָטנעם״, אַן ערלויבעניש צו „גוליאַיען״. און זיי האָבן געוואַרט שעהן-לאַנג. אַמאָל נאָר, אַז די, וואָס זענען אַריין אינעווייניק האָבן זיך גאָרנישט צוריקבאַוויזן, האָבן זיך דערהערט פּראָטעסטן אין די רייען.

— גענוג, זין היגטישע! — האָבן קולות אַרויפגעשריגן אינדערהויך — מיר וואַרטן שוין אַזוי לאַנג...

אַמאָל איז אַ יידענע אַראָפּגעקומען, אַ פעטע וואַרשעווער „מומע״, רויט ווי אָפּגעקאָכט, און טרייבנדיק מיט די הענט, געשריגן צו די וואַרטנדיקע סאָלדאַטן:

— אידיטיע, אידיטיע! — די מיידלעך קענען נישט מער, פאַשאָל...

נאָר די סאָלדאַטן האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. זיי האָבן אויסגעזען ווי די הינט, וואָס קומען זיך צוזאַמען אין אַ ווינטער-טאָג אַרום אַ שטוב, ווו עס דאַרף זיין אַ צויג, און כאָטש די באַלעבאַטים

טרייבן זיי מיט שטעקנס און שטיינער, וועלן זיי פאָרט נישט אָפּ־טרעטן ביז זיי באַקומען נישט זייערס...

אַז ס׳איז אים מיאוס געוואָרן, לערנערן, אַרומקריכן איבער די טראָטואַרן, איז ער אַרויס הינטער דער שטאָט. ער איז אַרומגעקראָכן איבער הפקרדיקע הינטערשטאָטישע געגנטן, איבער מיסטיקע פּלעצער, ווו ס׳וואַלגערן זיך אָפּט עפּעס אַ נאַכט־כּלי אָן אַ דנאָ, אַ געפּייגערטע קאַץ, אַן אויסגעריסן זעלבּעריש היטל אָדער שיריים פון אַן אויסגע־פליקטן נישט דערעסענעם פויגל. נאָך די היצן זענען רעגנס אָנגעקו־מען, וואָס האָבן געגאָסן געוואַלדיק געדיכט און פול. לערנער איז געקראָכן אין רעגן, געשלעפּט זיך איבער בערגער און טאָלן און גע־שניטן זיך אין ווינט, וואָס האָט אים געשמיסן אין פּנים. וואָס מער ער איז דורכגענעצט געוואָרן, וואָס מער דער רעגן האָט אים דורכ־גענומען ביזן ביין, האָט ער אַלץ מער דערגריינגערונג דערפילט, אַלץ מער לייכטקייט, גלייך ער וואָלט עפּעס אַ שווערע אויפגאַבע אָפּגעטון. דורכגעווייקט פון רעגן און ווינט, האָט אים דאָס בלוט הינטערן נאָסן העמד אויפגעקאָכט, פון נאַסקייט האָט אַ פּאָרע אָנגעהויבן גיין. אים האָט מער ווי אַלעמאָל דעמאָלט אַ באַהאַלטענער אומבאַוווסטער באַגער באַהערשט, פּונקט ווי הינט בעת רעגנס און שנייען, און פון אויפ־רעגונג און נאַסער הייסקייט, האָט ער נאָך גיכערע טריט געמאַכט, נאָך האַסטיקער געשפּאַנט, אָנשטויסנדיק מיט די שפּיץ שיך יעדער שטיינדל, יעדער שערבעלע, וואָס איז אים געלעגן אין וועג.

ער האָט אַרומגעבלאָנזשעט אין אַלע הינטערשטאָטישע געסלעך, געגעסן אין ברודיקע שענקלעך, ווו עס שפּילט כּסדר אַ קאַטאַרינקע, גוים מולאַרעס קושן זיך און שלאָגן זיך פון שכּרות, כאָטש מען טאָר קיין בראָנפן אין מלחמה־צייט נישט טרינקען. ער האָט גענעכטיקט אין די געפּערלעכסטע ערטער און מיטן טאָג צוגלייך ווידער זיך גע־לאָזט איבער די גאַסן, צוקוקנדיק זיך צו די פּאַרטיעס אַרעסטאַנטן וואָס זענען געגאַנגען אין די רייען, קלינגענדיק מיט די קייטן אי־די דרימלענדיקע פרידלעכע גאַסן.

דאָס האָבן שוין די פיינטלעכע האַרמאַטן אַלץ נענטער און נענטער זיך געלאָזט הערן אין שטאָט, איבערהויפּט פּאַרטאָג, ווען די שטאָט שווייגט. און מחנות אַרעסטאַנטן, אַלע אין ווייסע טורמע־קליי־

דער, מיט ווייסע לייוונטענע מיצלעך אויף די געגאָלטע קעפּ, האָבן זיך געשלעפּט געשמידטערהייט איבער די גאַסן, אַוועק צום פּעטערבורגער וואָקזאַל, כּדי צו עוואַקואירן זיך אין ווייטן סיביר. נאָך זיי זענען נאָכגעפאָרן קאַרעטקעס מיט חולאים אין קייטן געשמידט און געקלאַפּט מיט די שווערע רעדער אין ברוק. זיי זענען געגאַנגען גלייך, סימעטריש, פאַררייסנדיק די אויגן צו לויטערע פענסטער אין די רייכע גאַסן, צו די אַראָפּגעלאָזענע שטאָרן, וואָס דערציילן פון אַזויפיל סודות, גליק און ליבע; זיי האָבן באַטראַכט דעם איינציקן מענטש, וואָס גייט פאַרביי די גאַס. און לערנער האָט זיך געשעמט איצט, געשעמט זיך פאַר די אַלע פינסטערע בליקן, וואָס האָבן געקוקט אויף אים דעם „פרייען", דעם „אויסדערוויילטן"... ער האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו דער ערד, אַוועקגעדרייט זיך אין אַ זייטיקער גאַס, אויסצומיידן זיי, נאָר אין זיינע אויערן האָט נישט אויפגעהערט קלינגען דאָס דאָזיקע סימעטרישע מאָנאָטאָנע געקלאַנג פון די קייטן. עפּעס מיסטישעס איז געווען אין דעם סימעטרישן קייטן-געקלאַנג פאַרטאָג. דער רויטלעכער ראָסט, וואָס איז געגאַנגען פון די אַלטע קייטן, האָט זיך אויפן האַרץ געלייגט, געפרעסן. און פונוויטנס, פון עטלעכע מיילן ווייט, האָבן הילכן פון האַרמאַטן באַגלייט דעם קייטן-געקלאַנג טויב, טעמפּ און צעצויגן.

— בום... בום... בום...

אַ פאַרשמאָלצעוועטער באַלאַגאָלע, אַן אַרבעטער פון דער קאַנאַליזאַציע, איז דורכגעפאָרן מיט זיין רונדן קעסל מאוסקייט, טרייסלענדיק זיך פאַרשלאָפן אויף זיין געזעס, און אַריבערגעשריגן צו לערנערן, צווינקענדיק מיט איין אויג:

— פאַניע, „זיי" קלאַפּן... איר הערט, האַ?

אין דעם אומעטיקן געזיכט פון מענטש, וואָס האָט שטענדיק צו טון מיט אומריינקייט, האָט אַ שמייכל זיך באַוויזן, אַ שמייכל פול מיט צופרידנקייט דערפון, וואָס מען קלאַפּט, אַלצאיינס ווער, וועמען, אַבי מ'קלאַפּט... לערנער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַוועק ווייטער, ווייטער.

דער אַלטער געפיל, אַז די וועלט האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט און אַלע דאַרפן עפּעס טון, אַרבעטן, פאָרען זיך, האָט אים ווידער

עהערשט, אַרום אים האָט אַלץ זיך באַוועגט. דאָ האָבן מענטשן גע־קלונגען מיט קייטן, דאָרט האָבן אַנדערע געאיילט מיט געווער, פון ווייט האָט מען געקלאַפּט. דאָס אַלץ האָט אים געוועקט, גערופן, כאָטש צו נישט קלאָרס, צו נישט קאָנקרעטס. ער האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס אַזוינס ער דאַרף טון, וואָס מאַכן, נאָר געפילט האָט ער, אַז ווייטער אַזוי אַרומבלאָנקען, אַרומשלעפּן זיך, קאָן ער נישט.

אין הערץ האָט געגאָגט. אין די לאַנגע פּוסטע שעהן, וואָס האָבן זיך ווי אייביקייטן געצויגן, זענען טויזנטער געדאַנקען דורך, די ווילדסטע איינפאַלן. אויף טריט און שריט זענען געהאָנגען באַ־פעלן, רופנדיק דעזערטירן צום דינסט, דערפאַר וועט מען זיי שענ־קען יעדער שטראָף. און לערנערן איז איינמאָל איינגעפאַלן אַ גע־דאַנק:—אַוועק אויף פּראַגע און אָנגעבן זיך...

ער איז געגאַנגען מיטן פולן טריט, צוקלאַפּנדיק מיט די פּיס, כדי זיך אַליין צו פאַרטויבן. נאָר די גאַס אַליין האָט אים געשטערט אין זיין וועג. די שטאָט האָט איבערגעלעבט די לעצטע טעג. אין די הינטערשטאָטישע גאַסן האָט מען אויפגעריסן פאַבריקן, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן צום פיינד אין די הענט. הילכן, ציטערדיקע, צע־בראָכענע, געדרייטע, האָבן זיך געקייקלט אין דער לופט, אַרויס־רופנדיק שרעק, פאַרשטיינערונג און צופרידענעם נייגער גלייכציייטיק.

לערנערן האָבן די הילכן געפרייט, געריגט, ווי יעדער סאָל־דאַט, ווען ער דערשמעקט פולווער. אויף די גאַסן, אַרום די וואָק־זאַלן, קאַזאַרמעס און אַמטן האָבן גאַסן-מענטשן, מענער, ווייבער און קינדער, געשלעפּט שטיקער מעבל, פליושענע שטולן, קאַנדעלאַברעס, טישן, וואָס די אַרויסגעפאָרענע טשינאָווניקעס האָבן געלאָזט אויף הפקר, נישט קענענדיק אַלץ מיטנעמען. מען האָט זיך געשלאָגן אי־בער זיי ביז בלוט.

— זע נאָר — האָט אַ יידענע געשריגן צו אַ יונג, וואָס האָט זיך צוגענומען אַ פליושענעם פאָטעל מיט גאָלד געפוצט — זע נאָר „פאָניעס" בן־יחיד! ט'שוין געזען?

די גאַסן האָבן זיך געטונקען אין שטויב, נישט האָבנדיק קיי־נעם, ווער עס זאָל זיי באַשפריצן, און מיליטער, צולאָזן, אָן אַן אָרד־נונג, אויסגעמישט, צופלאָנטערט, קאַוואַלעריע מיט פוסגייער צוזאַמען,

האָבן געיאָגט צו דער פּראַגער בריק, טרייבנדיק די סיבירער קליינע פערדלעך מיטווילדע געיעגן. קיין ציווילן מענטש האָט מען צו דער בריק גאָרנישט צוגעלאָזט.

— נאַזאַד! — האָבן קאָזאַקן געשריגן, פאָכנדיק מיט די נאַהייקעס — צוריק!

לערנער האָט פאַרקערעוועט אויף צוריק און אַוועק צום „ווינע פּלאַץ", צום באַליבטן אָרט זיינעם, וואָס האָט אים מיטן טומל, גערודער און פלאָנטער פאַרכאַפּט, געשטילט.

ער איז שיער נישט אַריינגעפאַלן צו די קאָזאַקן אין די הענט.

צווישן די אויסגעפליקטע בוימלעך און אָפּגעגעסענע געלע גראָזן אַרום פעסטונג, באַדעקט מיט מיסט און אומריינקייט, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן סאָלדאַטן און „ראַגאזשוווקעס", אַלטע פאַרפוילטע שיכּורע פּראָסטיטוטקעס, וואָס טראָגן שטענדיק מיט זיך זייער „ראַגאזשע", זייער פאַרפוילט אומריין „ליבע-בעטל", גרייט עס אויסצוליייגן ווו עס לאָזט זיך. צענדליקער האָבן זיי זיך דאָ אַרומגעשלעפּט, פאַרקויפנדיק זייער ליבע אין מיט העלן טאָג, אין דערמיט פרייער וועלט, פאַר אַ פּלעשל שטינקנדיקן ספּירט, וואָס די סאָלדאַטן באַקומען צו די אויטאָמאָבילן, פאַר אַ חזיר-קישקעלע און אַפילו פאַר אַ ציגאַר־מאַכאָרקע. לערנער איז אַרומגעקראָכן צווישן אַלץ און אַלעמען, געגאַנגען דער געפאַר אין די אויגן אַריין, ווי ער וואָלט זיך וועלן רייצן מיט איר. נאָר דער אינסטינקט האָט אים אַרויסגעפירט פון אַלעם, ווי עס פירט אַרויס דעם הונט, וואָס דערשמעקט די פאָרנדיקע שטייג פון הינט-שלעגער.

די נאַכט האָט לערנערן באַגעגנט אַ פינסטערע, אַ פוסטע, אין וועלכער עס האָבן זעלטן אָפּגעקלאַפּט אַ פּאָר דערשראָקענע טריט פון אַ פאַרשפּעטיקטן דורכגייער. ווו נאָר ווו איז געשטאַנען אַ ציווילער מיליציאַנט מיט אַ ווייסן באַנד אַרום אַרבל, שרעקנדיק זיך אַליין פאַר דעם פּלוצלינגן און אומגעריכטן, וואָס ס'איז אָנגעקומען, נישט וויסנדיק, צי בלייבן אויף דעם אָרט אָדער נישט, צי גייען „זיי" טאַקע אַוועק, אָדער זיי פאַרבלייבן דאָ, ווו זיי האָבן אַזויפיל צענדליקער יאָרן געהערשט, געהאַלטן אין די הענט? די טויערן זענען געשטאַנען געשלאָסן, שטום אויף יעדער קלונג.

ער האָט איבערגעוואַכט די נאַכט אין אַ פאַרוואָרפן הויפל, אין וועלכן ער פלעגט פון צייט צו צייט אַמאָל נעכטיקן. צוזאַמען מיט אַ חברה בעקערס אין בלויזע אונטערשטע הויזן, איז ער געשטאַנען אויפן הויפל, צוגעהערט זיך צו די קנאַלן, שיסערייען און אויפרייסן און מיטאַמאָל זיך געכאַפּט ביי די אויערן און אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— טראַדדדך! — האָט געזעצט, אַז פון אַלע זייטן זענען שויבן געפלויגן. דער הימל האָט זיך אָנגעצונדן.

— מען צינדט אונטער די שטאָט!—האָבן ווייבער געלאַרמט — געוואַלד!...

לערנבער האָט געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן צום רויטן הימל, וואָס באַלייכט די פינסטערע שווערע מויערן און גיט זיי צו אַ פאַנטאַסטישן אויסזען. ער האָט באַטראַכט די מענטשן, וואָס האָבן ביים אָפּשיין פון רויטן הימל פייערדיקע געזיכטער באַקומען, און ער איז געווען צופרידן, ווי אַ קליין ייִנגל בשעת אַ שׂרפה.

— די וועלט גייט אונטער! — האָט אַ יונג געזאָגט, קוקנדיק אין הימל אַריין — זעט!

— מ׳עט מאַכן אַ נייע! — האָט אַן עלטערער ייִד אים געענטפערט.

---

צומאָרגנס פאַרטאָג האָט פון אַלע זייטן שטאָט אַריינמאַרשירט פרעמד מיליטער מיט געקאָוועטע שיך און מיט שפּיציקע פּיקל-הויבענס.

— זעט נאָר! — האָבן ייִדן זיך געוווּנדערט — אַזעלכע קליינע זענען זיי, די דייטשן, אויסגעדאַרטע, אַבי מען האָט געזאָגט...

זיי האָבן געצויגן אָן אַ שיער, מידע, פאַרשטויבטע, פאַרברענטע. אַ סך האָבן געהאַט בלומען צוגעטשעפּעט צו די רעקלעך, צו די ביקסן, צו די פּיקל-הויבנס. ביי אַנדערע זענען די פערד געווען אויסגעפּוצט אין בלומען. איינער האָט גאָר געפירט אַ באָק מיט בלומען אין די הערנער פאַרפלאָכטן.

— גוטמאָרגן! — האָבן יידן באַגריסט, אָפּעטעמענדיק פון די גרויע רוסישע בייזע שינעלן.

— ט׳מאָיען! ט׳מאָיען! — האָבן די דייטשן געענטפערט גלייכגילטיק, שלינגענדיק די ווערטער.

אויף די טעלעגראַפן־סלופעס און דעכער זענען אַרומגעקראָכן דייטשן, ווי די קעץ, געצויגן דראָטן און געגאָרגלט ווי די גענדז.

— קיין איין וואָרט פאַרשטייט מען נישט — האָבן יידן געהאַט פאַראיבל.

לערנער איז געגאַנגען אומעטום, אין אַלע גאַסן, צו אַלע אויפגעריסענע בריקן און געפילט זיך גוט, ווי אַלעמאָל, ווען עס טוט זיך עפּעס.

ביי דער דריטער בריק איז געשטאַנען אַ דייטש, אַ ברייטער, אַ הויכער, מיט אַ פיגור פון די אַלטע העלדישע גערמאַנען, וואָס ווערן געמאָלט אין די היסטאָרישע דייטשע ביכלעך, מיט הויכע שטיוול, וואָס די כאָלעוועס בויגן זיך איבער אין דער הויך און מען טראָגט נאָר אַזעלכע אין דער אפּערע, מיט א שפּיציקן פּיקלהויב, מיט גלאַנציקע שפּאָרן, מיט אַ געלער שטאַרקער האַרט־געשוירענער באָרד, מיט אַ פעסטער אַרויסגעזעצטער מעכטיקער ברוסט מיט דער האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דעם הענטל פון דער לאַנגער בלאַנקנדער שווערד — האָט ער אויסגעזען ווי אַ סטאַטוע פון זיג אויף דער פרעמדער ערד.

אַ קליין שוואַרץ יידיש מיידל מיט געפאַרבטע ליפּן און אַ צופּיל אָנגעפּודערט פּנימל האָט זיך דערנענטערט צום באַוואָפנטן ריז און געפרעגט:

— זי גייען, האר־לעבן?

דער ריז האָט זי באַטראַכט מיט אַ פּאָר העל־בלויע אויגן:

— וויפיעל קאָסט דאַס דען?

— פינף מאַרק, האר לעבן — האָט דאָס קליינע שוואַרצע גאַסן־מיידל געזאָגט.

— כאַ, כאַ, כאַ, גאָט! — האָט זיך דער ריז צעלאַכט, אַז אַלץ אויף אים האָט זיך געטרייסלט — אין בערלין בעקאָם איך עס פיר איין מאַרק, אונד זי פוצט מיר נאָך די שטיפעל אַב!...

## קאַפּיטל V

# אויף דער בריק

די אַרבעט ביים אַרויסשלעפּן די אויפגעריסענע אייזערנע בריק פון ווייסל אַרויס און אַוועקשטעלן זי צוריק אויף איר אָרט, איז געגאַנגען מיטן גאַנצן ברען. עטלעכע אייזערנע „בלאָקן" האָבן נישט אויפגעהערט אַ ווײַלע קלאַפּן. זיי האָבן געגראַגערט, געקרעקט זיך און אַלע מינוט געגעבן אַ שטויס מיט אַ ריזיקן אייזערנעם קאָפּ אי־בער אַ קלאָץ, אַזוי, אַז ער האָט זיך אויף עטלעכע צאָל אַראָפּגע־זעצט טיפער אין אָפּגרונט. הויכע ווינדעס, דורכגעפלאָכטן מיט שטאָ־לענע שטריק און קייטן, באַשיצט מיט ריזיקע רויבערישע אויסגעבוי־גענע האקנס, האָבן געכאַפּט הונדערט־פּודיקע אייזנס און אויסגעשפּיגן זיי מיט גיריקער שנעלקייט. האמערס, זעגן, שרויפן און עגבערס האָבן זיך געריסן מיט הייזעריקע קולות, איבעררייסנדיק איינס ס'אַנ־דערע. און עטלעכע הונדערט אַרבעטער, געפאַנגענע רוסן, צוואַנג־אַרבעטער און ציווילע לויך־לייט זענען אַרומגעקראָכן אַרום די ריזיקע משאות, אַרומגעשאַרט זיך ווי די מוראַשקעס אַרום אַ גרויסן בוים, געבויגן זיך, געשלעפּט, אָפּגעשפּרונגען, אָנגעשטרענגט זיך און גע־שריגן מיט אומפאַרשטענדלעכע קולות:

– האאאאפּפּ... האללייאא — ראא-אאא־זזז!...

מאיאר מ יי ע ר, אינזשעניער פון דער סאפּערן אפּטיילונג אין דער דייטשער אַרמיי, איז געשטאַנען האַרט ביים ברעג, געשטאַנען צוגעוואַקסן מיט זיינע מאַסיווע פיס צו דעם ליימיקן קלעפּיקן באָדן; ער האָט זיך געפּאַטשט מיט אַ שפּיצרוט איבער די הויכע וואַסער־שטיוול, וואָס האָבן אים דערגרייכט ביז די לענדן, גערויכערט אַ פּאָרצעלייענע פייף מיט ביסמאַרקס קאָפּ אויסגעמאָלט, און צוגעקוקט זיך צו דער אַרבעט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַ קילאָמעטער ווייט.

— אויב ס'זאָל אַזוי גייז ווייטער ווי איצט — האָט ער געזען— וועט די בריק זיין פאַרטיק נישט אין זעקס מאָנאַטן, ווי דער טער- מין איז געגעבן געוואָרן, נאָר אין קנאַפּע פינף מאָנאַטן. דער געפיל, אַז ער וועט אַוועקשטעלן די בריק מיט אַ גאַנצן מאָנאַט פריער, האָט אים אָנגעפילט מיט שטאָלץ. אַך, וואָסער מינע וועט דאָס מאַכן זיין עקסעלענץ דער גענעראַל האָלטץ — האָט מאַיאָר מייער געטראַכט — ווען ער וועט זיך מעלדן צו אים איינגיכן און זאָגן:

—בעפעל פאלבראַכט. בריקע פערטיג. ביטע געהאָרכזאַמס, אויער עקסעלענץ, דען לעצטען נאַגעל איינצושלאַגען...

זיין פאַנטאַזיע האָט אַפילו אָנגעהויבן אָנשלאָגן זייער ווייט. ער האָט זיך שוין געזען פאָטאָגראַפירט אין די צייטונגען מיט אַן אונטערשריפט, אַז דאָס איז ער דאָס, דער טאַפּפערער מאַיאָר מייער, וואָס האָט אויפגעבויט אין פינף מאָנאַטן אַ בריק, וועלכע די רוסן האָבן געבויט גאַנצע פינף יאָר. און דערנאָך? גאָט! דערנאָך רופט מען אים גאָר אַרויס אַהין — צו דער הויפּט־קוואַרטיר אַליין. דאָרט גריבלט און שווימלט פון רויטע לאַצן, לאַמפּאַסן, אַלע לאַכן צו אים, שמייכלען צו אים, און דערנאָך, דערנאָך קומט זיין מאַיעסטעט אַליין. ער לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן אַקסל און זאָגט:

—סאַפּערלאָט! דאָס איזט איין עכטער דויטשער זאָלדאַט!

און ער ענטפערט:

— גוט אונד בלוט פיר קייזער אונד פאַטערלאַנד...

אַ שטראָם הייס בלוט האָט אַ שלאָג געטון מאַיאָר מייער צום האַרץ און איינגאַנצן אויפגעקאָכט — האָט ער אַזאַ שמיץ געטון זיך איבער די הויכע שטיוול, אַז זיי האָבן איינגאַנצן געקנאַקט. און מיטן גאַנצן כח, מיטן גאַנצן אָטעם, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין ברייטער מעכטיקער ברוסט, האָט ער אַ געשריי געטון אויף דעם גאַנצן קילאָמעטער באַוועגונג:

— פאָררורווערטס, לויטע! — פאָררווערטס!

עטלעכע הונדערט פּאָר הענט, מיט אַזויפיל זעגן, העק, שרויפּן און מאַשינעס האָבן אָפּגעענטפערט מיט אַ געקלאַפּעריי, ווי די סאָל- דאַטן פאַר זייער גענעראַל:

— טפּררררר! — פּססססססס!

בנימין לערנער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן גליטשיקן ברעג, ער האָט אָנגעריבן די הענט, צו דערוואַרעמען זיך פון דעם הערבסטיקן ווינט און רעגן, וואָס האָבן אים אויסגעשמיסן דורך די עטלעכע מייל וועג גיין צופוס, און ער האָט אַראָפּגעלאָזט פון די פּלייצעס זיין רוק־זאַק, אין וועלכן ער האָט געהאַט עטלעכע העמדער, אַ רוסישע „גימנאַסטיאָרקע", עטלעכע לערן־ביכלעך און אַ ווערטער־בוך צו דערלערנען די דייטשע שפּראַך.

ער האָט אויסגעריבן די קאַלטע אויערן, אָפּגעווישט די פיס פון ליים, אין וועלכן דער גאַנצער ברעג האָט געזונקען, און ער איז אַריין אין נייעם אויסגעהיבלטן ביוראָ, וואָס איז געשטאַנען אויפן סאַמע שפּיץ ברעג, שיער נישט אַראָפּקייקלענדיק זיך אין וואַסער אַריין. אַן עלטערער אָרדינאַנס אַ לאַנדשטורמער מיט אַ העלער באָרד און מיט אַ קאָמיש אויסגעצויגענער פיגור, וואָס מאַכט דעם הינטן צופיל אַרויסשטאַרן, האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג ביים סאַמע שוועל און פאַרהאַלטן מיט דער האַנט, ווי מ׳פאַרהאַלט עפּעס אַ הונט, וואָס וויל זיך אַריינכאַפּן אין אַ פרעמדער שטוב.

— האַלט! וואָהין?

אַ ווײַלע איז לערנער געבליבן אַ ביסל פאַרלעגן. ער איז אַריין אין ביוראָ ווי מען דאַרף, ווי ער איז געוווינט געווען אַריינצוגיין אין אַ קאַנצעלאַריע אין דער אַרמיי, נאָר דעם דייטשן לאַנדשטורמער האָט עס נישט אינגאַנצן באַפרידיקט. שטאָלץ דערמיט אי וואָס ער איז אַ דייטש, אי וואָס ער איז זייער אַ פּינקטלעכער אָרדינאַנס ביי זיין הער דעם מאַיאָר מייער, אי דערמיט, וואָס ער שטייט גרייט אַלעמאָל „צו בעפעהל", מיט די הענט אויף די נעט, מיט די קרומלעכע פיס צוזאַמענגערוקט, מיט דעם הינטן אַרויסגעשטאַרט און מיט אַ הייזעריקן „יאַ־וואָהל" אויף די ליפּן, איז ער געווען זייער שטרענג צו יעדן „רוסישען שווײַנע", צו יעדער „יודע קוואַטש" און צו יעדן „פערפלוכטע פּאָלע", וואָס האָבן דאָ געאַרבעט ביי דער אייזערנער בריק. ער האָט זיי געלערנט דרך־ארץ ביי יעדער געלעגנהייט.

— האַלט! וואָהין?

לערנער האָט זיך אויסגעגלייכט און שטיל געפרעגט:

— אויף אַרבייט פערשרייבען. היער?

— היער, היער — האָט דער בערדיקער דייטש געענטפערט — האַלט, פערשטאַנדען?

דורך דער האַלב-געעפנטער טיר פון צווייטן צימער האָט אַרויסגעקוקט אַ שטיק וואַנט מיט אַ מאַפּע, אַ זילבערנער עפּאָלעט און אַ געגאָלטער קאָפּ, אַזאַ רויטער, אַ בלוטיקער, ווי מען וואָלט פון אים אָפּגעשונדן די הויט. אין דער פאָדערשטער שטוב, ווו לערנער האָט געוואַרט, זענען די ווענט געווען באַהאָנגען מיט לעדערנע הויזן, מיט הויכע וואַסער־שטיוול, סמאָלענע יאַקן און ברייטע לעדערנע טויך־קאַפּעליושן. ביי דער טיר האָבן געהאָנגען עטלעכעעדליי פעלד און יע-גער ביקסן, אַ יעגערישער שופר און אַ מאַסע גלאַנצנדיקע שטאָלענע אינסטרומענטן, מוסטערן פון זעגן, העק, שרויפן, צוואַנגען און עג־בערס, אַלע אויף רויטן טוך אויסגעהאָנגען, וואַרפנדיק אַרום זיך קאַלטע, גלאַנצנדיקע און אָפּשרעקנדיקע שטראַלן.

נאָך עטלעכע צענדליק מינוט וואַרטן, האָט זיך דער געגאָלטער רויטער קאָפּ אויסגעדרייט און אַ פּאָר אויגן, בלויע שטאָלענע אויגן, אין וועלכע די אַפּלען שטייען נישט אין דער מיט, נאָר פאַררוקט אין אַ זייט, האָבן אַ קאַלטן בליק געטון פון רויטן שטיק פּנים.

דער בערדיקער אָרדינאַנס האָט זיך אַזוי אויסגעגלייכט, אַז פון אים איז שוין גאָרנישט געבליבן. זיין גאַנצער איך איז איבערגע־גאַנגען אין הינטן... די רויטע געגאָלטע מאַסע האָט אַרויסגעלאָזט אַ וואָרט, איין איינציק וואָרט מיט אַ העסישן אַקצענט:

— וואַס?

— איין אַרבייטער, הערר מאַיאָר! — האָט דער אָרדינאַנס גע-ענטפערט, קוקנדיק גלייך מיט זיינע קליינטשיקע בייזע אויגעלעך אין רויטן אָפּגעשונדענעם פּרצוף אַריין.

— קאָם מאַל הער!

לערנער איז געבליבן שטיין אויף אַן אָרט. ער האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס רויטע שטיק פלייש קאָן רעדן. אין דער גאַנצער מאַסע רויטקייט האָבן זיך קוים אָנגע-

זען די שטריכן פון אַ נאָז און ליפּן. אויסער דעם האָט ער זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער „קאָם מאַל הער" מיינט אים. ער האָט זיך אַזויפיל געהאַט אָנגעהערט וועגן דער דייטשער העפלעכקייט, און ער האָט נישט געגלויבט, אַז אַן אַרבעטער זאָגט מען „דו". דער בערדיקער אָרדינאַנס האָט אים ברוטאַל אָנגענומען ביי אַ האַנט, צו־געפירט עטלעכע טריט, אונטערברומענדיק שטיל.

— מאַרש, קוואַטש! זאַקראַמענט...

דאָס רויטע פּרצוף זהאָט אים באַטראַכט אַ ווײַלע, באַטראַכט מיט אַזאַ דורכדרינגלעכקייט, אַז לערנער האָט אַזש געגעבן אַ צוק מיט אַן אַקסל, ווי מען זאָל אים אָנרירן אַ נאַקעטן. נאָך אַ לענגערע ווײַלע שווייגן איז געקומען אַ וואָרט, ווידער נאָר איין וואָרט:

— בערוף?

לערנער איז געבליבן שטיין. מאָדנע, ווי אים איז גאָר קיינ־מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז ער וועט דאַרפן אַמאָל ענטפערן אויף אַזאַ איינפאַכער פראַגע. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, נישט אויסהאַלטנ־דיק די צוויי שטאָלענע בליקן, וואָס האָבן אים דורכגענומען און געוואַרט אויף אַן ענטפער. ס'האָט זיך געצויגן אַ פיינלעכע ווײַלע.

דער מאַיאָר האָט איבערגעפרעגט, שוין מיט כעס:

— נו, וואָס, קרייץ דאָנער! צימערמאַן? שלאָסער? טישלער? שמיעד? מעכאַניקער?

ער האָט פאַרבויגן איינציקווייז אַ פינגער ביי יעדן פאַך, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, ביזן לעצטן. אין ביורא איז געווען שטיל, אַזוי אָנגעשטרענגט שטיל, אז מען האָט געהערט דאָס שטילקייט. בלויז פון דרויסן האָט געכוואַליעט דאָס וואַסער, שלאָגנדיק זיך אין ברעג. לערנער האָט אַרויסגעשטאַמלט, קוים וואָס מען האָט געהערט:

— פרייע פּראָפעסיאָן.

— פרייע פּראָ—פע—סיאָן?...

דאָס רויטע פּרצוף האָט איינגאַנצן זיך געטרייסלט פון פרייד. די דינע ווענט, דער שרייב־טיש, די לעדערנע הויזן אויף די ווענט האָבן זיך מיטגעטרייסלט פון געלעכטער.

—כאַ, כאַ, כאַ... גאָטט! טאַדעללאָז...

ביי לערנערן האָט אָנגעהויבן ציטערן אַ ליפּ. ער האָט געמאַכט

אַ טריט אויף צוריק און געוואָלט אַוועק. נאָר אין דעם אויגנבליק האָט אים דער מאַיאָר אָנגענומען ביי דער האַנט, אַ טאַפּ געטון די מיסקולן און, איבערצייגנדיק זיך, אַז זיי זענען נישט שלעכט, האָט ער אויפגעהערט לאַכן. אין זיין שטימע איז געווען אַ שאָטן פון דרך-ארץ.

— ס׳גוט... זי בלייבן אַלזאָ אין דער וואַסער־מאַשינען אַבטיי־לונג, אַם שוץ-וואָל. אַלזאָ לאַסט-טרעגער, ניכט וואַר?...

לערנער האָט געוואָלט רעדן עפּעס. די לעצטע ווערטער האָבן אים נישט באַפרידיקט און ער האָט געהאַט צו זאָגן עפּעס קעגן דעם, דערציילן, אַז ער וואָלט פעיק געווען צו וויכטיקערע זאַכן. נאָר דער מאַיאָר האָט אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. ער האָט אים דערלאַנגט אַ בלעכערנעם נומער אין האַנט און פאַרענדיקט:

— נומער דריי הונדערט איינס. עסען פּאָם קעסעל, שלאָפען אין „פּאראק", דרייסיג פפעניג טעגליך. פייערטאַגע גיבטס ניכט. קריעגסצייט—פערשטאַנדען ?

לערנער האָט געהאַלטן דעם נומער אין האַנט, גרייט אַרויסצו־לאָזן אים, נישט באַגרייפנדיק, וואָס מיט אים קומט דאָ פאָר. נאָר דער מאַיאָר האָט שוין אַריינגעקוקט אין די פּאַפּירן, וואָס זענען געלעגן פאַר אים, און דער בערדיקער אָרדינאַנס האָט אָנגענומען לערנערן ביי דער האַנט און מיט כּעס אים געשלעפּט אַרויס.

— מאַרש! דיין אַאופזעהער איסט געהילפס-מאָנטער גערלאַך, איין מאַטראָסע. גראַדע אַאוס.

אַ געקלאַפּעריי פון שטאָל, אייזן און כּליופנדיק וואַסער האָט אַ ריס געטון אין לייכט-געעפנטן טירל, אַרויסגעכאַפּט לערנערן און נאָכגעברומט:

— פּססססס... פּררררר...

---

אַ גאַנצן טאָג, פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, איז לערנער געווען איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט.

לענגאויס דעם בלאָטיקן, ליימיקן ברעג זענען געלעגן אָנגע־לייגט קופּעס קלעצער און באַליעס, זינקענדיק איז דער ערד. די

דאָזיקע קלעצער האָט מען געדאַרפט אַריבערפירן צו דער בריק, כדי זיי אַריינצוקלאַפן אין וואַסער, אָדער מאַכן פון זיי שוץ-וואַלן אַרום די שטיינערנע בריקן־פיס, נאָך איידער די ווייסל וועט געפרוירן ווערן, ס'זאָל נישט צוקומען קיין אייז. די קלעצער זענען געשלעפט געוואָרן מיטן וואַסער, לענגאויס דעם ברעג. און לערנער איז אַ גאַנצן טאָג געווען צוגעשפאַנט צו די קלעצער, ווי אַ פערד צום וואָגן. איבער זיין ברוסט איז געווען פאַרלייגט אַ גראָבער שטריק, דער צווייטער עק איז געווען צוגעבונדן צום קלאָץ, און אַזוי איז ער געגאַנגען האַרט ביים וואַסער, שלעפנדיק דעם שווימענדיקן קלאָץ.

די ערשטע באַגעגעניש מיט די אַרבעטער אויפן פלאַץ איז געווען נישט בעסער ווי אין ביוראָ, ביים פאַרשרייבן זיך אויף דער אַרבעט.

אויף אַ פרייען ליימיקן פלאַץ, וואָס איז פאַרוואָרפן מיט ציגל, צובראָכענע פלעשער, שאַכטלען פון קאָנסערוון, שטעכעדיקע דראָטן און אומריינקייט, האָט ער עטלעכע פאַרשוינען באַגעגנט, פאַרקענדיק זיך אַרום אָנגעוואָרפענע קלעצער. איינער פון זיי איז געווען אַ יונג מיט אַ געלער נישט געגאָלטער מאָרדע און מיט אַ זאַק אויף די פליי-צעס אָנשטאָט אַ רעקל; אַ צווייטער איז געווען אַ געזונטער שוואַרצער בחור מיט קורצע קלאָצעוואַטע פיס אין נאָך קורצערע כאָלעוועס; אַ דריטער איז געווען אַ געשטופלטער פאַרשוין מיט שוואַרצע געקרייזל-טע וואָנסן און מיט אַ דינעם רעגן־מאַנטל, נישט אויף זיין פיגור באַשטעלט; דער פערטער, דער לעצטער, איז געווען אַ קליין נפשל מיט אַ בלאַס פנים און מיט אַן אויסגעוואַקסן רעקעלע מיט אַ שטריקל פאַרבונדן, אַ פאַרשוינדל, וואָס מען קען נישט וויסן, צי ער איז אַלט פיפצן אָדער דרייסיק יאָר, און תמיד ציטערט ער אין דינעם אויס־געוואַקסענעם רעקעלע.

קיינער האָט אים צום עולם נישט צוגעפירט, נישט געזאָגט, וואָס ער האָט צו טון.

— גראַד—אַאוס — האָט אים אַ דייטש אין אַ לעדערנעם קאָס־טיום אָנגעוויזן און מער גאָרנישט אים געזאָגט.

ער איז צו צו די פאַרשוינען אַרום קלאָץ, מיט וועלכע ער דאַרף אַרבעטן, און זיך באַגריסט.

— גוט מאָרגן.

קיינער האָט אים נישט געענטפערט.

— מען האָט מיך דאָ אַהערגעשיקט אַרבעטן.

— טוט מיר הנאה — האָט דער געלער יונג מיטן זאַק אויף די פּלייצעס געענטפערט.

— כאַ, כאַ, כאַ, — האָט דער עולם געלאַכט מיט אַ רויען געלעכטער פונם ענטפער.

לערנער איז געשטאַנען און נישט געוווסט וואָס אָנצוהייבן. ער איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר איבריקע פרעמדע הענט.

דער געלער יונג האָט זיך געטוליעט אין זאַק, און מיט געבויגענע פּלייצעס, איינגעקורטשעט, רחמנותדיק, זיך צוגעשאַרט צו לערנערן.

— זיי אַ יאָט — האָט ער אים געזאָגט — צי מיר אויס די רעכטע האַנט. זי איז מיר אַנטשלאָפן געוואָרן.

לערנער האָט אַ בליק געטון אויף דעם יונג, באַטראַכט אים אַ ווײַלע און געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— האָסט נישט געטראָפן דאָס אָרט.

די יונגען זענען געשטאַנען און געוואַרט מיט אומגעדולד. יעדן נייעם אַרבעטער האָט מען דאָ אַזוי באַגעגנט: מען האָט אים געהייסן אויסציען אַ האַנט אָדער אַ פוס, און אַז יענער האָט געצויגן, האָט ער באַקומען אַ שייבעם דאַנק צוזאַמען מיט אַ מאוסן ריח. לערנער האָט דורכגענומען דעם געלן יונג און געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— צי דיר אַליין. נישט געטראָפן...

— נישט קיין „פרייער" — האָט דער עולם געזאָגט און גערייצט זיך מיט דעם געלן יונג — נו, שמואליקל זשולטיק, צי דיר דעם פוס...

איצט ערשט האָבן זיי לערנערן דערלאַנגט אַ נאַסן שטריק. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט אַ קלאָץ אין וואַסער אַריין, איין זייט שטריק צוגעבונדן צום קלאָץ, די צווייטע העלפט פאַרלייגט אין אַ לויזן קניפּ און אַ געשריי געטון אויף אים, ווי אויף אַ פויל פערד:

— האָפּ, האָפּ, האָ!...

לערנער איז געגאַנגען ביים ברעג, געקראָכן אין ליים, בלאָטע, און געווען בייז.

— וואָס שרייען זיי אַזוי? — האָט אים געקרענקט, וואָס „האָ-פען" זיי אַזוי, ווי אַ באַנדע באַלעגאָלעס נאָך אַן אַלט פערד?

ער איז נישט געווען צופרידן, לערנער, ניין.

גייענדיק צופוס צו דער בריק, וווּ מען האָט געפּאָדערט מענ-טשן צו בריקן־בויעריי, איז ער געגאַנגען מונטער, פריילעך. ער האָט פון אַלע צייטן געטרוימט צו פאַרנעמען זיך מיט גרויסע בויערישע און ריזיקאַלישע אַרבעטן, פאָרן אויף ימען, בויען בריקן, לאָזן זיך אין עקספּעדיציעס, פון יינגלווייז אָן, לייענענדיק די פּאַסירונגען פון ים־רייזעס, בויען טונעלן, האָט עס אים פאַרכאַפּט, פאַרטראָגן, און ער האָט געטרוימט אַליין אַמאָל צו זיין איינער פון די, וועלכע ווערן דערמאָנט אין די ביכלעך אָדער געמאָלט אין וואַלטער־סקאָטס ראָמאַ-נען: אַ שטרענגער, אַ ריזיקאַלישער, אַ האַלב־ווילדער און אַ פאַרגע-טערטער ביי פרויען. שפּעטער, עלטער ווערנדיק, האָט זיין פאַנטאַזיע געמאָלט מער קאָנקרעטע בילדער.

אים איז אויסגעקומען, אַז ע ר וועט דאָ זיין דער מיטלפּונקט פון דער גאַנצער אַרבעט. צווישן גאַנצן פּלאָנמער פון מאַשינען, באַ-וועגונג, וואַסער און מענטשן וועט ער זיין אַ הויפּט-נערוו, וואָס אַלץ דאַרף דורכגיין דורך אים און ער דורך אַלעמען. זעענדיק ביים אָנקומען דעם ברייטן שטח באַוועגונג; דאָס יאָגן פון וואַסער, וואָס רייסט זיך דורך דעם איינגעצוינקענעם „בראָך"; די שוץ-וואַלן, אין וועלכע די כוואַליעס צושלאָגן זיך; די זעק זאַמד, וואָס ווערן געוואָרפן אין טייך, כדי צו פאַרהאַלטן דעם שטראָם; די פאַרשידנערליי מענטשן, געפאַנגענע, מאַטראָזן, אַרבעטער, מאַשיניסטן, טויכער, אין זייערע מאָדנע וואַסער-קליידער, באַלויכטן אין אַ קאַלטער פאַרגייענדיקער, בלוטיקער זון, פאַרהילט פון נעבלדיקן וואַסער; הערנדיק דאָס רוישן פון די מאַשינעס, די הייזעריקע זעגען, שרויפן און העק, די גאָרגל-דיקע דייטשע „פאָרווערטס" און „האַלטס", די פאַנטאַסטישע „האָפּ-האָפּס", וואָס רייסן זיך פון אַזויפיל ברוסטן אַרויס,—איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון גרויסן בילד, אויפגעזאָטן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער רירעווודיקער באַוועגונג.

איצט איז ער געקראָכן צוגעשפּאַנט צו אַ קלאָץ! די גאַנצע אַרומיקע אַרבעט, דאָס בויען די בריק, אַלע מאַשינעס, ווינדעס, קוי־מענס, רעדער, זענען געווען פאַרהוילן פון זיין אויג, בלויז זייערע ווידער־קולות, זייער פייפן, זשומען און קלאַפּן האָבן דערגרייכט אַהער. דאָ איז נישט מער געווען ווי אַ שטיק ברעג, אַ שטיק ליימיקער ברעג, פול מיט שטרויכלונגען און אומריינקייט.

פאַר די אויגן אַ שטריק, וואָס שניידט זיך איין אין ברוסט, הינטער זיך אַ קלאָץ, וועלכן מען מוז כסדר האַלטן אויפן אויג, ער זאָל נישט איינשניידן זיך מיט אַ קאַנט אין ליימיקן ברעג, און איבער זיך „האָפּ, האָפּ, האָפּ״.

ער האָט געקוקט אויף זיך, ווי ער וואָלט זיך אַליין וועלן איבערצייגן, צי ער איז דאָס טאקע ער. עפּעס האָבן זיך אים כסדר געפּלאָנטערט אין קאָפּ די בלינדע אַלטע פערד, וואָס ווערן צוגע־שפּאַנט פון אַ זייט צו די קלעצער, וואָס מען פירט אין וואַלד און וואָס מען טרייבט זיי אַזוי לאַנג ביז זיי פאַלן פון די פיס.

צו מיטאָג צו האָט ער ווידער געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט די אַרבעטער.

עס איז געווען אינמיטן דער אַרבעט, אין מיט שלעפּן אַ קלאָץ, שוין נישט ווייט פון פּלאַץ, ווו מען האָט אים געדאַרפט צופירן, — ווי אין דער לופט האָט אָנגעהויבן ציטערן דאָס פייפל, רופנדיק צום מיטאָג.

לערנער האָט נאָך נישט געוווּסט דעם כוח פון פייפל.

אויף דעם גאַנצן פּלאַץ איז דאָס פייפל געווען דער גרעסטער הערשער, דער מעכטיקסטער באַפעלער. פּונקט אַזוי ווי קיין שום בעסטער שלאָף, קיין גוטע מינוט האָט זיך נישט געקענט געגנשטעלן דעם פייפל, ווען ס׳האָט גערופן צו דער אַרבעט, אַזוי האָט קיין שום זאַך אין דער וועלט נישט געקענט פאַרהאַלטן, ווען דאָס זעלבע פייפל האָט גערופן אַוועקלייגן די אַרבעט. מען האָט געמעגט האַלטן אין מיט שלעפּן אַ משא, זייענדיק נאָך איין מינוט בלויז פון אָרט, ווו זי האָט געדאַרפט ווערן אָפּגעלייגט, אָבער אַז דאָס פייפל האָט גערופן צום מיטאָג, האָט מען גלייך אַראָפּגעוואָרפן די משא פון אַקסל און מ׳איז פייל־אויס־בויגן געלאָפן צום פּלאַץ, ווו די קיך איז געשטאַנען.

געגן דעם האָט קיינער נישט געקאָנט זאָגן, נישט די דעקאָלטירטע מאַטראָסן, נישט די מאַשיניסטן אין די סמאָלענע הויזן, נישט דער מאַיאָר מייער און אפילו נישט דער פּראַקטישער שכל, וואָס האָט גע־הייסן בעסער צוטראָגן די משא צום אָרט, אַבי נישט האָבן דערנאָך מער אַרבעט ביים אונטערהויבן זי נאָך אַמאָל. אַזאַ כוח האָט שוין דאָס פּייפל דאָ געהאַט!

לערנער האָט געדאַרפט טוען אַ קלייניקייט: אַריסכאַפּן דעם קאָפּ פון פאַרלייגטן שטריק און זיך לאָזן לויפן, מעג דער קלאָץ פאַר־פאָרן אַזש ביז דאַנציג. נאָר ער האָט עס נישט געטון און ווייטער געשלעפּט אים ביזן פּונקט.

לענגאויס דעם ברעג זענען גרופּקעס אַרבעטער פאַרבייגעלאָפן, אָנכאַפּנדיק זיך מיט אַ האַנט אינם סלופּ, וואָס שטייט אויפן וועג. זעענדיק לערנערן אין קלאָץ געשפּאַנט, האָבן זיי געוואָרפן אויף אים פיינדלעכע בליקן. אַנדערע האָבן אָנגעהויבן חוזק מאַכן פון אים.

— ים־קאַטער, לאָז אָפּ! — האָט געשריען צו אים אַ יונג מיט אַרומגעבונדענע ציין — יאַלדעק, ווילסט רייך מאַכן יעקען?...

— ניע פּושטש, שוואַבסקי ליזוך. — האָט איבערגעשריען אַ שיי־געץ, האַלטנדיק זיך ביי די זייטן פון געלעכטער — זעץ דיך בעסער רייטן אויפן קלאָץ...

— העי, גאַלאַנדסקי!... — האָט אַריינגעוואָרפן אַ רוסישער גע־פאַנגענער, אַ בערדיקער קאַצאַפּ מיט איין שטיוול און מיט איין שמאַטע אויף די פיס, וואָס איז געגאַנגען צו מיטאָג אונטער דער וואַך פון אַ קליינינקען דייטשן זעלנערל.

לערנער האָט געקוקט מיט טעמפּע בליקן אויף די פאַרשויגען, וואָס באַפאַלן אים פון רעכטס און לינקס און אַליין נישט געוווּסט, וואָס צו טוען איצט — אָפּלאָזן אָדער נישט?

ער האָט אַרויפגערוקט דעם הוט פון איבער די אויגן, ווי ער וואָלט בעסער וועלן באַגרייפן, וואָס דאָ טוט זיך. אַ שטראָם בלוט האָט אים אַ שלאָג געטון אין דער שלייף, אין דעם דורכגעשניטענעם שראַם, וואָס גייט פון די האָר ביז אין דער ברעם אַריין. ער איז גרייט געווען זיך קעגנשטעלן קעגן אַלע מיטאַמאָל, אַזאַ כעס האָט

אים אַרומגענומען. נאָך איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין פון די אַרבעטער קיין זכר נישט געווען.

זיי זענען געלאָפן אין משוגענע שפרונגען אַהין, דאָרט ווו דער קעסל קאָכט, כדי צו פאַרכאַפּן באַצייטנס אַ געדיכטערע זופּ און אפשר אַמאָל אַ שטיק אָקסישע קני.

לערנער איז געבליבן אַליין מיט זיין קלאָץ און חרפּה.

אַז ער איז ענדלעך אַרויס צום ברייטן פּלאַץ, אַרום די באַראַקן, ווו דער קעסל איז געשטאַנען און געקאָכט, האָט ער שוין געפונען דאָס סאַמע לעצטע, הוילע וואַסער. דער קוכער, אַ הינקעדיקער דייטשער סאָלדאַט מיט גרויסע ברילן, פאַרבונדן מיט שטריקלעך צו די אויערן, האָט זיך אָנגעבויגן איבערן קעסל, געפּאָרקעט מיט די האָריקע פאַרריסטע הענט, געזוכט אין שוואַרצן תהום מיט די פאַרלאָפענע ברילן פון פאַרע, געשריגן:

— שיב דיך, קוואַטש, עס גיבט נאָך עטוואַס דרעק...

און אַריינגעגאָסן לערנערן אין קעסעלע אַריין אַ ביסל מאָנטנע שיטערס, וואָס האָט טאַקע אויסגעזען, ווי ער, דער קוכער, האָט עס נאָר וואָס אָנגערופן.

לערנער האָט געגעבן אַ בליק אויפן קעסעלע שיטערס, אַ בליק אויף דעם עולם, וואָס זיצט יעדערער ביי זיין קעסעלע און לעקט עס אויס, אָדער נאָגט פאַרעקשנט אַ ביין, און נישט געקאָנט זיך באַשליסן, וואָס ער זאָל טון דערמיט. די עטלעכע שעה אַרבעט האָבן אים אויסגעהונגערט און דער ריח פון פאַרע, אייל און גרויפן האָבן אים פאַרדרייט די נאָז. נאָך עסן דאָס, וואָס דער דייטש האָט אַזוי אָנגערופן, האָט ער נישט געקאָנט, נישט געוואָלט. ער האָט געטראַכט, אַוועקגעבן עס עמיצן פון די זיצנדיקע עסערס. נאָך דערמאָנענדיק זיך אין דער פריערדיקער סצענע ביים פּלאַץ, האָט ער גענומען ס׳קעסעלע און עס אַ גיס אויס געגעבן אין מיטן פּלאַץ. דער עולם איז געבליבן זיצן פאַרגאַפט, נישט ווויסנדיק נאָך ווי אַזוי צו האַנדלען — לאַכן, אָדער האָבן דרך ארץ? נאָך דער דייטשער קוכער האָט אויפגעהויבן דעם מיש-לעפל אין דער הויך איבערן קאָפּ און מיט כעס געשריגן:

— יודע! איך פערהאַפטע דיך זאָפאָרט!

זיין גאַנצער קוכערישער שטאָלץ איז באַליידיקט געווען אין די אויגן פון עולם, און ער האָט אַ פּאַך געטון מיטן ריזיקן מיש-לעפל — גרייט אַראָפּלאָזן לערנערן איבערן קאָפּ. לערנער האָט באַצייטנס אַ כאַפּ אַפּער געטון דעם קאָפּ און אַוועק צוריק צום ברעג אַ הונגעריקער, אַ צערייצטער, אַ פאַרביטערטער.

דער עולם האָט אים באַגלייט מיט אַ געלעכער.

— ווילסט פליישׂ? — האָט מען אים נאָכגעשריגן — כאַפּ דיך אָן ביים טאָכעס.

באַנאַכט אין באַראַק איז געווען ענג, שטיקנדיק.

צו וועלכן ווינקל לערנער איז צוגעגאַנגען זיך מאַכן אַ געלעגער אין שטרוי, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ פאַרשוין, פאַרשטעלט מיט ביידע הענט דעם פּלאַץ און געשריגן:

— הע, הע, וווּ קריכסטו? גיי ווייטער, דאָרטן איז פריי!

פון דאָרט האָט מען אים אָפּגעשיקט צו אַן אַנדערן. יעדער האָט אים געשיקט ערגעץ אַנדערש.

לערנער, דער סאָלדאַט, דער „פראָנטאָוויק", וואָס האָט אומעטום אויף אַלע פראָנטן און-שוין-גריבער זיין שטעטל גוט געקאָנט באַשטיין, האָט דאָ, אין טונקעלען ריזיקן באַראַק, נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן. דאָס ערשטע מאָל איז ער געווען צווישן אַזאַ קאָמפּאַניע און ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיך איינצוּאָרדענען, ווי-אַזוי זיך איינצולעבן דאָ, אין גרויסן טונקעלען באַראַק מיטן אויסגעבעטן צעפּוילטן שטרוי.

געדיכט איז געווען אין באַראַק. די לופט איז געווען פול מיט ריחות פון פאַרשוויצטע פיס און אָניטשעס, מיט פאַרפוילטע זעק, אומריינע וועש און שנאָרכן. תחילת, אַז מען איז נאָר אַריינגעקומען, האָט מען אָנגעוואָרפן אין די אייזערנע אויוונס אַזוי פיל קוילן, אַז ס'איז געוואָרן הייס ווי אין אַ באָד. האָט זיך דער עולם אויסגעטון אָדם-נאַקעט, אַראָפּגעצויגן די צוהודערטע העמדער און לייבלעך און ס'איז אַוועק אַ יאַגד. ס'איז געגאַנגען אַ געוועט, ווער ס'וועט מער פאַנגען, און אַלעמאָל האָט געווונען דער געלער יונג מיטן זאַק אויף די פּלייצעס.

— בראַוואָ! — האָט מען אַפּלאָדירט — שמואליקל זשולטעק האָט

שוין ווידער איבערגעיאָגט, אַ כוואַט שמוליקל...

נאָר באַלד האָט די היץ אָפּגעלאָזן און ס'איז אַזוי קאַלט גע־וואָרן, אַז ס'האָט געשווידערט אין אַלע ביינער. קיין פייער האָט מען נישט געטאָרט ברענען שפּעט ביינאַכט, אויס מורא פאַר אַ שריפה. אויך קיין פּאַפּיראָס האָט מען נישט געטאָרט רויכערן, אפילו רעדן איז געווען פאַרבאָטן. אַרום און אַרום האָבן זיך געצויגן פאַרצוימונגען פון שטעכעדיקן דראָט, דייטשע לאַנדשטורמער האָבן זיך געדרייט אויף דער וואַך און אַלע ווייל'ע געקלאַפּט מיט ביקסן אין די ווענט.

— שנאוצע האַלטען, שווייגע! —

נאָר אין די באַראַקעס האָט מען זיי ווינציק געהערט. אין די פינסטערע ווינקעלעך זענען געזעסן גרופּקעס, יונגע, אַלטע, יידן, גוים, און ביים פייער פון די פּאַפּיראָסן געשפּילט אין פאַרשמאָלצעוועטע קאָרטן.

— אַ „באַקער״? — האָט זיך אַלע ווייל'ע געהערט.

— ניין, אַ „באַלאַני״ האָט אַ הייזעריקע שטימע געענטפערט.

— גיב איך אַ „באַקער־באַלאַני״ מיטאַמאָל — האָט אַ דריטער אַריינגעוואָרפן.

לערנער האָט זיך געדרייט אין ביסל מאָגערן שטרוי, וואָס ער האָט ענדלעך געפּאַקט, געטוליעט די געפרוירענע הענט אין אייגענעם לייב און נישט געקאָנט שליסן די אויגן. נעבן אים, מיט די פיס צו דער סאַמע נאָז זיינער, זענען געלעגן אויסגעלייגט עלטערע גוים און אַזוי געשנאָרכט, אַזוי געסאָפּעט, אַז, אָט, אָט, האָט זיך געדאַכט, ווערן זיי אַלע דערשטיקט. פאַרשטיקטע שטימען האָבן זיך געטראָגן פון דער זייט פון די קאָרטן שפּילער.

— אַז אָך און וויי צו „יעקען״ — האָט שמוליקל זשולטעק גע־זאָגט — אַ קלאָג צו יעקע נאַרס יאָרן, אַז שמוליקל דאַרף אַרבעטן.

ער איז געווען אַ „סם'ער״ אין פּאָניעס צייטן, דער שמוליקל, טאָמער האָט זיך איין באַלאַגאָלע צוקריגט מיטן אַנדערן און געדאַרפט אָפּסמען יענעם אַ פערדל, האָט ער עס געטון. ביי די דייטשן איז זיין ממשלה אונטערגעגאַנגען און ער האָט זיי פיינד געהאַט מיט דער גאַנצער שנאה פון זיין גניבהש האַרץ.

— וואַרט, וואַרט — האָט ער געוואָרנט מיט אַ פינגער — זייער

צייט וועט נאָך אויך קומען. וואַרט, יעקע גנבֿ!

— אַ כאָלירע זאָל זיי אויסדישען! — האָט אָפּגעענטפערט שי־לעמל „נאָז", אַ יונג, וואָס אָנשטאָט אַ נאָז איז ביי אים אויפֿן פּנים געווען אַ שוואַרץ שייטל, פֿאַרבונדן אויף בענדלעך איבער די אויערן — אויף זיידענע קאָלדרעס בין איך געלעגן ביי פּאָניען, עטלעכע נקיבֿות געהאַט אַרומגיין אין גאַס און איצט דאַרף איך דאָ ליגן אין שטרוי...

— צאָ טאַם גאַדאַטש? האָט זיך אַריינגעמישט יאַנעק קלודקאַ, אַ שייגעץ מיט אַ געשפּאָלטענער ליפּ, אַ פֿערד־גנבֿ — מיט אַ יאָר צוריק אין דער צייט איז מען אין אַזאַ נאַכט נישט געשלאָפֿן. גדזיע טאַם!

דער געשפּרעך איז געגאַנגען אַזאַ שטילער, אַ האַרציקער, פֿול מיט בענקשאַפֿט נאָך פּאָניעס צייטן און שנאה צו די „יעקעס", נאָר אָט ווערט עפּעס טומלדיק און עס הייבט זיך אָן אַ מחלוקת. צום ערשט גייט עס אין ווערטער, מאַמעס, אומבאַקאַנטע מאַמעס ווערן גע־שאָלטן, געזידלט, באַשמוצט מיט די געמיינסטע רייד. די נאַרישסטע קאָמפּליצירטסטע געמיינהייטן ווערן געבוירן אין טונקל־באַלויכטענע צעקודלטע קעפּ און פֿאַלן אין דער נאַכט אַריין. אַז עס פֿעלן ענדלעך אויס ווערטער, גייט איבער צו פּעטש, צו קלעפּ.

— נאַ דיר, חזירשער פּרעסער!

— האָסטו, קרעציקע פּעל!

— וואָס, אַ מעסער? אַ מעסער?

די טירן עפֿענען זיך מיט אַ טומל און די וואַכן מיט די ביקסן אין די הענט לאָזן זיך, ווי אויף אַן אַטאַקע.

— האַלט, שווינע! מאַן ווירד אויך ווי די הונדע נידערשיסען...

נאָר פֿון די שלעגער און קאָרטן־שפּילער איז שוין קיין זכר נישטאָ. יעדער ליגט אין שטרוי און כראָפּעט, ווי געהרגעט. די טעמ־פּע לאַנדשטורמער גייען פֿון איינעם צום צווייטן, קוקן ביים שיין פֿון עלעקטרישן לעמפּל יעדן אין די אויגן און פֿרעגן:

— קוואַטש, דו שלאַפֿסט?

און פּאַקן, פּאַקן זיי גראָד דעם, וואָס איז גאָט די נשמה שול־דיק און שלאָגן אים אָן מיט די „פֿריקלאַדן" פֿון די ביקסן. אַלס שטראָף מוז ער נאָך אַרומקריכן אַ גאַנצע נאַכט אויף דער וואַך אין

באַראַק און אינדערפרי אַרויסטראָגן דאָס שאַף מיט אומריינקייט.

ענדלעך ווערט שטיל. בלויז אַ כראַפּעריי טראָגט זיך אין לופט. יעדער ליגט צוזאַמענגעדרייט, איינגעקנוילט, מען וואַרעמט זיך אין איי-גענעם לייב. און איידער מען שלאָפט זיך אויס, הויפט מען אָן וועקן-ביקסן קלאַפּן אין די דינע ווענט.

— אַאופשטעהען, פּאַולע באַנדע!

אין באַראַק ווערט אַ טומל, אַ געפּולדער. קולות לאָזן זיך הערן:

— ווו איז מיין היטל?

— געוואַאַלד! — מען האָט מיר אויסגעשניטן די קעשענעס. די לעצטע עטלעכע מאַרק אַרויסגענומען!

— יעזז מאַריאַ!—די שטיוול! אַ פּאָר נייע שטיוול!

נאַכט ביי נאַכט טוט זיך אָפּ דאָס זעלבע. אין באַראַק איז פינס-טער, דאָס פייפל רופט נאָך עטלעכע שעה פאַרטאָג. עס דריידלט זיך אַזוי לאַנג אין דער לופט, רייסט זיך מיט אַזאַ עגבערנדיקער קווי-טשעריי, אַז עס בויערט אַזש די הייטלעך פון די אויערן. אַ ווײַלע הערט עס אויף, כדי זיך נאָך אמאָל צוצולאָזן. און דער עולם יאָגט זיך, איינער טוט אָן די אָניצעס, אַ צווייטער צלמט זיך, אַ דריטער רייסט מיט די ציין פון אַ שוואַרצער קישקע און פאַרזיפּט מיט וואַ-סער, אַ פערטער לויפט אַרום אַ האַלב־נאַקעטער און זוכט דאָס אָנטון וואָס מען האָט אים באַהאַלטן, אַ פינפטער פייפט אַ פריילעכס, און איינער אַ ייד מיט אַ צעקאָלטנט בערדל שטייט אויף אַן אָרט און וויל זיך נישט רירן.

— ברענגט מיר אַביסל וואַסער, יידן — בעט ער זיך — נאָר אָפּצוגיסן די נעגל.

ער האָט זיך אונטערגעלייגט ביי נאַכט צוקאָפּנס אַ פלאַש וואַ-סער, כדי זיך אינדערפרי אָפּצוגיסן נעגל-וואַסער. האָט עס אים עמע-צער אַרויסגעשלעפּט און אויסגעטרונקען. איצט קען ער נישט אַוועק-גיין פון אָרט. ער טאָר קיין פיר איילן נישט מאַכן און ביז צום קעסל וואַסער איז אַ מהלך.

חברה האַלט זיך ביי די זייטן פון געלעכטער.

— פישט זיך אויף די הענט, ר׳ ייד! — גיט מען אים אַן עצה.

און אין אַ צווייטער זייט שטייט אַ שייגעץ מיט אַ צושויבערטן

קאָפּ, מיט אַ ציגערן צלמל אויף דער דאַרער ברוסט און דראָט מיט אַ פינגער.

— אַזוי וועל איך גיין צו דער בריק אַ נאַקעטער, אויב מען וועט מיר נישט אָפּגעבן די קורטקע. יאַק באָגאַ קאָכאַם...

דאָס האָט ער בײנאַכט געשפּילט אין קאָרטן. אַז עס האָט אים אויסגעפעלט געלט, האָט ער געשפּילט אויף דער איינציקער קורטקע זיינער. ער האָט זי פאַרשפּילט, נאָר איצט האָט ער חרטה. ער וויל צוריק זיין מלבוש, נאָר קיינער ענטפערט אים נישט — האָט ער נישט געקערט שפּילן — זאָגט מען — אַ נאַר גיט, אַ קלוגער נעמט. נישט אַזוי?

— אַוודאי...

ענדלעך גיט דאָס דריטע פייפל אַ שנייד אין דער לופט, און דער עולם לאָזט זיך צום ביוראָ ווי אויף אַ שריפה.

די וויסל שטורמט, כוואַליעט. געיאָגט פון ווינט און נאַכט, שטויסט זי אין די שוך-וואַלן, נאָר זיי איבערצורייסן. אויף דעם ברייטן פלאַץ, באַלייגט מיט אייזנס, באַלקנס און מאַשינען, זענען די געהילף-מאָנטערן, די מאַטראָסן שוין דאָ. זיי לויפן אַרום מיט לאַמטערנעס אין די הענט, יעדער אַכטונג געבנדיק אויף זיינע מענטשן. מיט די סמאָלענע הויזן, הויכע וואַסער-שטיוול, לעדערנע יאַקן און היט, באַלויכטן פון די ציטערנדיקע קאַראַביד-לאַמטערנעס,—זעען זיי אויס אין דער שטורמדיקער נאַכט ווי פּיראַטן, וואָס גרייטן זיך אָנפאַלן אויף זייער רויב. אַרום זיי טוליען זיך די אַרבעטער, פאַרשלאָפענע, צעבראָכענע, נישט אויסגערוטע, ווער אין אַ רוסישן שינעל, ווער אין זעק אויף די פיס, ווער מיט אַ פאַרבונדן אויג, ווער אין אַ ווייבערישן פליושענעם זשאַקעט מיט אַן אי גגעצויגענער טאַליע און מיט ברייטע בופן-אַרבל מיט פאַטשערקעס פאַרפוצט...

אַן אמתער דור-הפלגה איז דאָ געווען צווישן די בויער פון דער אייזערנער בריק. אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטן, וואָס די רוסן האָבן אַרויסגעלאָזט פון די טורמעס פאַרן אַוועקגיין און פרומע קליינשטעטלדיקע יידן, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימען אָדער געוואָרן נשרפים; דאַרע שניידערס און אויסגעפּאַשעטע קוילער-יונגען; צעוואַקסענע זאַמד-שקצים און דאָרפישע באַלעבאַטישע זין מיט

לאַנגע אויסגעוואַקסענע הענט און נאַיווע פּנימער; רוסישע קליינע טשינאָווניקלעך, וואָס האָבן זיך נישט באַוויזן עוואַקוירן; געפאַנגענע זעלנער, קאָטאָרזשניקעס, וואָס מען האָט געשיקט פון סיביר אויפן פראָנט, און געפאַנגענע באַלעבאַטעשע קאַצאַפּעס, וואָס קוקן מיט אומשולדיקע אויגן אויף אַלעם און טראָגן איבער אַלע פּיין אין דער וועלט אונטערטעניג, שטיל, ווי „גאָטס ווילן איז". אַלץ איז דאָ, יעדער מיט זיין פאַרגאַנגענהייט, מיט זיין לעבן, נאָר דאָ אויפן ברייטן פּלאַץ איז קיינער מער נישט ווי אַ נומער, אַ נומער, וואָס געהער צו איינעם פון די סמאָלענע מאַטראָסן, צו מאַטראָס גערלאַק אָדער מאַטראָס האַרט, צום מאָנטער פּופּ אָדער געהילפס-מאָנטער ווינצעל. פון הילצערנעם ביוראָ, וואָס שטייט אויפן שפּיץ בערג, שיער נישט אַריינפאַלנדיק אין וואַסער, עפנט זיך ענדלעך די טיר און ער אַליין, דער מאַיאָר מייער, אין אַ גרויער קורטקע, איבערגעמאַכט פון אַ רוסישן שינעל, מיט דער פאַרצעלייענער פּייף אין מויל, באַווייזט זיך אויף דער שוועל און באַגריסט זיך נאָר מיט די מאַטראָסן.

— ט'מאָיען. זינד אַלע אַם פּלאַץ?

דער אָרדינאַנס מיטן אַרויסשטאַרנדיקן הינטער שטייט שטייף, אויסגעצויגן און לייענט פון אַ ליסטע, קרעכצנדיק זיך ביי די שווערע רוסישע און פּוילישע נעמען, אָנרופנדיק יעדן מיטן קאָפּ אַרויף און מיט די פּיס אַרויף.

— נומער איינס! טע-טשע-טשענקאָ איפּאַן!

דאָס דאַרף זיין אַ ריין אוקראַינישער טערעשטשענקאָ, וואָס איז צעקאַליעטשעט געוואָרן אין בייערישן מויל. נאָר איידער יענער באַווייזט זיך אָנרופן, גייט שוין אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צוואַנציקסטער. אַלע שטייען גרייט, יעדער אונטער זיין סמאָלענעם אויפזעער. נאָר ביי עטלעכע פעלט עפּעס. ביי איינעם אַ הוט, ביים צווייטן אַ פּאָר שטיוול, ביים דריטן אַ פּאָר שמאַטעס אויף די פּיס — און מאַיאָר מייער וואַרפט אַ פּאָר שטאָלענע בליקן איבער אַלע פאַרשאָטנטע קעפּ און גיט אַ קורצן באַפעל:

— אַכטונג! אין רייען!

אַלע שטייען אין רייען, איינער נעבן אַנדערן. די סמאָלענע מאַטראָסן גייען דורך די רייען, באַרירן יעדן מיט די פינגער, ווי

זיי וואָלטן איבערקוקן בהמות און ציילן:

איינס, צוויי, דריי... זעקס, ניין, צען, הערראאוס!

דער צענטער מוז אַלעמאָל ליידן, אַלצאיינס, צי ער איז אַ פּראַגער מעסער־שטעכער אָדער אַ שמש פון אַ קלויזל. וואָלט ער אַרויסגעקומען דער זעקסטער, דער אַכטער, דער ניינטער אפילו, וואָלט גאָרנישט נישט געשען. נאָר ער איז דער צענטער. — און ער מוז זיין פאַראַנטוואָרטלעך, ער מוז זעען, אַז דער פאַרשפּילטער זאָל צוריק באַקומען זיינע שיך, דער באַגנבעטער זיין היטל.

אָן פּעטש גייט עס נישט. מאַיאָר מייער האַלט פון פּעטש. מערסטנס האָט ער ליב שטיין און קאָמאַנדעווען.

— פּופּ, גערלאַך! רופט ער די מאַטראָסן — ראַשר אַן! דען דיעבס פּאָגעל הערראאוס קיצעלען!

פּופּ איז אַ יונג פון העכער צווייהונדערט פונט מיט אַ העלער באָרד, וואָס פון פאָרנט איז זי געגאָלט און אונטן, אויפן האַלז, וואַקסט זי. אַז מען דאַרף צו אַנקערן אַ ווינדע צום ברעג, בינדט ער דרייצאָליקע שטריק אַזוי גיך ווי שפּאַגאַט. גערלאַך איז אַ דאַרער, אַ לאַנגער, מיט שרעקלעך צעצויגענע הענט און פיס, נאָר געשיקט ווי אַ קאַץ. אַז ער גיט אַ פּאַטש, טרעפט ער תמיד אַזוי קינציק, אַז דאָס בלוט הויבט אָן צו לויפן פון אַלע זייטן, אי פון דער נאָז, אי פון די ציין, ביידע ווילן זיי נישט פאַרשעמט ווערן אין די אויגן פון מאַיאָר מייער און זיי לייגן אַריין אַזוי פעסט, אַז יענער לייגט זיך גלייך אַוועק אויף דער ערד, ווי אַ בוים, וואָס ווערט אונטער־געשניטן פון דער זעג.

נאָך די פּעטש וואַקסן שוין אויס די געגנבעטע שטיוול אָדער דאָס היטל, פון אונטער דער ערד וואַקסט עס אַרויס. נאָר אַמאָל, אַז די ערשטע פּעטש העלפן נישט, גייט מאַיאָר מייער אַליין צו און איז מכבד. ער גיט צום ערשטן דעם אָרדינאַנס זיינעם דעם אַרבל צו פאַרקאַשערן אין דער הויך, דאָס רויטע פּרצוף ווערט אים נאָך רוי־טער, אַזוי, אַז אָט, אָט, דאַכט זיך, וועט עס באַלד אויפפּלאַצן. די שטאָלענע אויגן לייכטן ביי אים אויף.

— אַכטונג! — גיט ער א געשריי און גלייך נאָך דעם גייט אַ קנאַל צום טאַקט. אַז ער האָט אָפּגעטון זיינס, גיט ער דעם אָרדי־

נאַנס צוריק דעם אַרבל, ער זאָל אים אַראָפּלאָזן און ער באַפעלט.

—פריצבֿען, וואָס פעסט! האַבע איינע שוויינס-באַקע אַנגעגריפּען״

לערנער איז געגאַנגען ביים ברעג, געפירט זיין קלאָץ, נאָר ער האָט נישט געוווסט, וואָס מיט אים טוט זיך דאָ.

לערנער דער סאָלדאַט האָט אויפן פעלד ערגערע זאַכן דורכגעמאַכט, שרעקלעכערע זאַכן געזען. נאָר דאָך איז אים דאָרט געווען ליבער, אייגענער, ווי דאָ. דאָרטן זענען די סאָלדאַטן זיך געווען נענטער. די שטענדיקע געפאַר, דאָס לעבן אונטער דער קויל האָט צוגעוווינט אַלע צו לעבן צוזאַמען, געמיינזאַם, ווי איין פאַמיליע. דאָס פעלד האָט צוגעגעבן די מענטשן אַ לויטערקייט, אַ באַהאַלטענעם פּחד פאַר עפּעס העכערס, אומפאַרשטענדלעכעם, אַ פיין דורך וועלכער מען ווערט ווי געהייליקט. דאָ האָט מען געלעבט צווישן זיך ווי שונאים, איינער דעם צווייטן האָט אָפּגענאַרט, באַשווינדלט, באַגנבעט, און ס׳איז געווען נישט איבערצוטראָגן.

דאָרטן איז ער געווען סאָלדאַט. דאָ איז ער דאָך געווען אַ פרייער מענטש, אַ לוין-אַרבעטער — און אין אים האָט דאָס בלוט געזאָטן פון כּעס צו די פאַרשוינען אין לעדער. יעדער מאָל, ווען ער איז געקומען פאַרטאָג צום ביורא, ווו מען האָט אויסגערופן די מענטשן, איז ער געווען אויף ס׳ניי צערודערט, צעטומלט עטלעכע שעה דערנאָך.

אים איז נאָך דערווייל נישט געהאַט אויסגעקומען צו זיין דער צענטער און כאַפּן אַ פאַטש פאַר פרעמדע זינד. דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון מזל. אָבער נישט דאָס האָט אים געשראָקן.

שטייענדיק אַזוי אין דער ריי, זעענדיק אַרום זיך די גרויסע גרויע פאַרשאָטנטע מאַסע מענטשן, די לעדערנע מאַטראָסן מיט די לאַמטערנעס אין די הענט, דעם מאַיאָר מייער, דעם גאַנצן פאַרלייגטן פלאַץ מיט האָלץ, אייזן און שטיינער, דעם שוואַרצן טייך, וואָס רייסט, ברעכט און יאָגט, דעם פאַרטאָגיקן ווינט, וואָס רייסט די לאַמטערנעס, וואַרפנדיק שטיקער צעהאַקטע ליכט דאָ אויף דעם בינטל מענטשן, באַלד אויף אַן אַנדערס,—איז ביי אים אויסגעקומען, אַז ער איז עפּעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדער באַשעפעניש, אין אַן אַנדער לאַנד, אַז ער איז איינער פון די טויזנטער נעגערס, וואָס

ווערן געטריבן אויף אַרבעט אין די פּלאַנטאַציעס אונטער ריטער און ביקסן. דאָס געפיל איז בײַ אים געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט געמוזט זיך אָנרירן מיט דער האַנט אין פּנים, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, צי ער איז טאַקע ער אַליין.

די פאַרשוינען אין לעדער זענען בײַ אים אויסגעוואַקסן אין שרעקלעכע פאָרמען, הונדערטער מאָל גרעסער ווי זיי זענען. פּונקט אַזוי גרויס איז געוואַקסן זיין שנאה צו זיי.

דערצו האָט ער שוין געהאַט די ערשטע באַגעגעניש מיט אַ מאַטראָס.

ער איז געגאַנגען צוריק פון אָרט, צו וועלכן ער האָט צוגע־פירט אַ קלאָץ און געשלעפּט דעם שטריק איבער דער ערד, כּדי אים באַלד צובינדן צו אַ צווייטן קלאָץ און ווייטער אים פירן אי־בערן וואַסער. אים איז אַנטקעגנגעקומען זיין אויפזעער דער גע־הילפס־מאַנטער גערלאַק.

ער האָט אים געדאַרפט באַגריסן, אַלנפאַלס זיך אָפּרוקן עטוואָס אין אַ זייט, אָפּטרעטן אים דעם וועג, כאָטש דער פּלאַץ איז גענוג ברייט. ער האָט דאָס נישט געטון. האָט אים דער דייטש אַליין אָפּ־געשטעלט.

— האַלט! וואָהין קריכסט דען?

— צום פּלאַץ נאָך אַ קלאָץ.

— וואָ האַסט דען די „פּראַצען!" — האָט דער דייטש זיך צעשריגן.

לערנער האָט געוווּסט, אַז ער דאַרף אַרויסנעמען די הענט פון די קעשענעס. נאָר ווי אַלעמאָל, האָט אים אויך איצט אַ שלאָג געטון אין קאָפּ צוויי געפילן מיטאַמאָל: — שרעק און הפקרות, און ער האָט די הענט נישט אַרויסגענומען. ער האָט בעסער ערקלערט:

— איצט גיי איך דאָך צוריק צו דער אַרבעט

— מיט הענדע ראַאוס:

— דאַרף מען דען שלעפּן דעם שטריק מיטביידע הענט?

— הענדע ראַאוס, דאָנער וועטער!

דער האַס צו די לעדערנע פאַרשוינען איז בײַ אים אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז אַלץ איז פאַרשווונדן פון זיין קאָפּ. בלויז שנאה

האָט זיך דאָרטן געגעסט. די דייטשן האָבן דאָ אַלץ אַזוי געהאַלטן אין די הענט, אַז נישט בלויז די מאשינען און די מענטשן זענען זיי געווען פאַרקנעכטעט, נאָר אויך די געפילן. און דערפאַר טאַקי, פילבדיק דעם גאַנצן אוממאַכט, די גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט, זענען זיי אויסגעוואַקסן ביי אים אין פאַנטאַזיע טויזנטער מאָל גרעסער, שטאַרקער ווי אין דער אמתן.

וואָס שטאַרקער זיי, די לעדערנע דייטשן, זענען ביי אים אין די אויגן געוואַקסן, אַלץ שטאַרקער איז געקומען די אייגענע געפּאַלנקייט, די אייגענע נישטיקייט. דאָס האָט געבוירן איבערטריבענע פאַנטאַזיעס, קרענקלעכע נקמה־געפילן. גייענדיק צוגעשפּאַנט צום קלאָץ, האָט לערנער קיין זאַך נישט געזען, אויסער זיי, די דייטשן, און פאַנטאַזיעס האָבן געאַרבעט אין זיין צעהיצטן מוח.

אים איז פאָרגעקומען, אַז ער אַליין וואַקסט עפּעס מיטאַמאָל אויס אין ריזיקע געשטאַלטן, אַז ער ווערט באַהערשט מיט אוממענטשלעכע כּוחות, אַז ער שטייט אין שפּיץ פון דעם גאַנצן עולם גרויע, צעהויקערטע און אָפּגעהאָרעוועטע, אַז ער קאָמאַנדעוועט מיט זיי, און מיט ווילדער רציחה, מיט אַ משוגענעם אימפּעט, לאָזן זיי זיך אַלע אויף זיין באַפעל און ברעכן, רייסן, שלאָגן אַלץ, וואָס געפינט זיך זאָ אַרום ברעג—די לעדערנע קאָסטיומען און זייערע מענטשן, די מאַשינען און די לאַנד־שטורמער, די קלעצער און די שטיינער, די באַראַקן און די שטעכעדיקע דראָטן. זיין פאַנטאַזיע האָט איצט געאַרבעט פונקט אַזוי קראַנק, איבערטריבן, ווי יינגלווייז, בעת ער האָט געלערנט אין חדר, ווי אַזוי די מצריים האָבן געפּייניקט די יידן, פונקט ווי ער פלעגט אַמאָל קריגן אויסגעשמיסן פון זיין מלמד און, נישט קענענדיק נעמען קיין נקמה אויף דער אמתן, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט נקמה אין די משונהדיקסטע געשטאַלטן, אין די ריזיקסטע בילדער.

ער האָט געפירט איצט די קלעצער מעכאַניש, אַליין נישט ווויסנדיק, וואָס ער טוט, ווי עפּעס אַן אַלט פערדל, וואָס אַז עס הערט שרייען „וויאָ” לויפט עס. זיינע אויגן האָבן געקוקט פאַר זיך, אָפן, ברייט־געעפנט, נאָר זיי האָבן קיין זאַך נישט געזען, אפילו דאָס, וואָס טוט זיך אים פאַר דער נאָז.

אַרום דער בריק איז פאָרגעקומען אַ וויכטיקע געשעעניש.

לענגאויס דעם ברעג איז געגאַנגען ער, דער מאַיאָר מייער אַליין, צוקוקנדיק זיך מיט הנאה, ווי די בריק וואַקסט, ווי זי ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער.

דערפילנדיק זיין אָנוועזנהייט, האָבן די עטלעכע הונדערט אַר־בעטער אָנגעשטרענגט אַלע גלידער. דער פּלאַץ האָט אינגאַנצן גע־זאָטן פון באַוועגונג. מאַיאָר מייער האָט אַזש אַ שמייכל געטון פון גרויס צופרידנקייט. ער איז גרייט געווען אַ פּאַטש טון מיטן שפּיץ־רוט אין די הויכע שטיוול זיינע און אויסשרייען: „פּאָרוועטס לוי־טע"—נאָר אָט האָט ער פּלוצלינג דערזען אַ מאָדנע זאַך:

איבערן בריק גייט עפּעס איינער אַ געהילץ־פירער און פּילט גאָרנישט אפילו, אַז ער, מאַיאָר מייער, געפינט זיך דאָ, אַזוי פאַר־טראַכט איז ער. מאַיאָר מייער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווילע. ער האָט פיינט געהאַט, מ'זאָל אים נישט באַמערקן. ער איז נישט געווען געוווינט דערצו. שטענדיק, ווען ער האָט זיך באַוויזן, האָבן נישט בלויז די מענטשן, נאָר אפילו די מאַשינען, אפילו דאָס וואַסער האָט זיך אָנגערופן, אַ סימן, אַז זיי הערן אים. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דעם פאַרשוין, וואָס שלעפּט דעם קלאָץ, און זיין רויטע צורה האָט אַ קרומע גרימאַסע געמאַכט.

ער האָט אים דערקענט. אָט דאָס איז ער, דער זעלבער! ער האָט פאַרצויגן אַ ווילע די שטאָלענע אויגן־אַפּלען אין אַ זייט, וועלנ־דיק זיך עפּעס דערמאָנען. ער האָט אַ ברייטן שמייכל געטון.

— „פּרייע פּראָפעסיאָן" — איז אים געקומען אויפן געדאַנק — יאַ, יאַ.

ער האָט אַ ווינק געטון צו אַן אַרבעטער, וואָס איז געשטאַנען דערלעבן און אויסגעלייגט קלעצלעך.

— ראַש, דומקאָפּף!

דער אַרבעטער איז צו פייל אויס בויגן, אויסגעהערט, וואָס מען רעדט צו אים, און שטיל און פּאָרזיכטיק געכאַפּט אַ קלעצל אויף די פּלייצעס, אונטערגעלייגט עס שטילערהייט איבערן וועג, ווו לערנער דאַרף דורכגיין, און געקוקט מיט הינטישע אויגן אויף דעם מאַיאָר, צי עס געפעלט אים.

די גאַנצע בריק האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

ווערט ער זיך כאַפּן, דער ים־קאָטער, וואָס פאַר אַ פּאָרציע מען גרייט אים צו, אָדער נישט? אַלע קוקן זיך צו. מאַיאָר מייער אַליין רוקט זיך אַוועק אין אַ ווינקל, באַהאַלט זיך אויס און קוקט.

הונדערטער בליקן קוקן אָנגעשטרענגט אויף לערנערן, נאָר ער איינער זעט גאָרנישט. ער גייט געשפּאַנט אין קלאָץ, גייט מיט אַ פּאָר פאַרגלאָצטע אויגן אַלץ ווייטער, ווייטער. ער איז שוין צען טריט פון אונטערגעלייגטן קלעצל, פינף, דריי, איין טריט! אָ, אָ, דאַכט זיך, אַז ער האַלט זיך אָפּ, ששששא... ער רוקט זיך, דאַכט זיך, צוריק, און מיטאַמאָל באַץ! — ער דרייט זיך איבער איבערן קלעצל, ער פאַלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. ער קלעמערט זיך מיט די הענט אין לופט, וויל אָנכאַפּן עפּעס, אויפשטעלן זיך, נאָר דער קלאָץ אין וואַסער גיט אים אַ ריס ביים שטריק און שלעפּט אים מיט צו זיך אין וואַסער אַריין.

מאַיאָר מייער לאַכט. די רויטע צורה זיינע טרייסלט זיך אינגאַנצן. פון האַלז גאָרגלט זיך אים אַ געדיכטער הייזעריקלעכער געלעכטער:

— כאַ, כאַ, כאַ, גאָטט!...

און די גאַנצע בריק, אַלע מענטשן, מאַשינען, אייזנס, שטיינער און אפילו דאָס וואַסער לאַכן מיט.

— כככככךךך...

— — — — — — — — —

דאָס קאַלטע שניידנדיקע וואַסער, אין וועלכן לערנער האָט זיך אָפּגעטונקען, האָט אָפּגעשוואָנקען ביי אים, צוזאַמען מיט די קליידער און לייב, אויך זיין פרעמדקייט, צוטומלטקייט און פאַרטראַכטקייט.

באַלד צו מיטאָג נאָך האָט ער זיך איינגעקויפט אויפן פּלאַץ.

אַ קורצער געפּאַקטער שייגעץ מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער פון אַ צו קורץ און צו לייכט רעקל, איז פאַרבייגעגאַנגען לעבן אים און אים פאַרטשעפּעט.

ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד, צוגעלייגט צוויי פינגער צו די נאָז־לעכער, געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי מען וויל זיך אונטערטונקען, און געמאַכט זיך ניסן.

— העפּטשי! — האָט ער געזאָגט און געוווּנקען מיט איין אויג צו לערנערן, דערמאָנענדיק אים אין דער געשיכטע ביים טייך. האָט לערנער אויסגעצויגן אַ האַנט און דעם שייגעץ אַראָפּגערוקט דאָס אָפּגע־קראָכענע היטל איבער די אויגן.

— נו, ניס אַ ביסל!

דער שייגעץ האָט צוריק אַרויפגערוקט דאָס היטל. דאָס פּנים האָט זיך אים אָנגעגאָסן מיט בלוט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט צוויי קרומע אַקסלען, גרייט צו שלאָגן זיך.

— וואָס רוקסטו אַ היטל, הינטישער זון?—האַ?

לערנער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן, מיטביידע פיס פעסט אויף דער ערד, גרייט אויפצונעמען דעם געשלעג.

דער עולם האָט זיך אַרומגעשטעלט אין אַ האַלבן ראָד.

— יענדרעק, דאַי מו, זשידאָווי! — האָבן שקאָצים אונטערגע־געבן חשק — מאָצנאָ...

— „קאַפּעליוש", וואַש אים די רויטע יוך — האָבן די יונגען געמונטערט לערנערן, דעם איינציקן אויף דער בריק, וואָס האָט גע־טראָגן אַ קאַפּעליוש.

דער קורצער געפּאַקטער שייגעץ האָט אויסגעשטעקט דעם קאָפּ, אָנגעשטערנגט אים, ווי אַ ביק, און אַ שטויס געטון נידריק, צילנדיק לערנערן אין בויך.

נאָר לערנער איז אָפּגעשפּרונגען צו דער זייט. דער אָנגע־שטרענגטער שקאָצישער קאָפּ האָט זיך געגעבן אַ וואַקל אין דער לופט, האָט אים לערנער אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט און אים אַראָפּ־געשטופּט צו דער ערד.

דער האַלבער ראָד האָט איינגאַנצן געקאָכט.

— ניע דאַי שע, יענדרעק! — האָבן גוים געשריגן

— דישע, קאַפּעליוש—שטיק אים! — האָבן די יונגען געשריגן.

ביידע האָבן זיך געקייקלט אויף דער ערד, אויפגעשטעלט זיך, באַטראַכט איינס ס'אַנדערע, ווי צוויי הענער, און צוריק זיך געוואָרפן איינער אויפן אַנדערן.

לערנער האָט אים, ענדלעך, צוגעשטיקט צו דער ערד, דעם שיי־

געץ, ער איז געווען אַ סך העכער פון אים. און די יידן האָבן אים געפּאַטשט בראַוואָ.

— בראַוואָ, קאַפּעליושניק! גוט אַזוי...

פון דער געשיכטע ביי דער בריק האָט קיינער מער נישט דערמאָנט, קיין וואָרט נישט. עס איז ווי פאַרגעסן געוואָרן.

ביינאַכט האָט אים שמואליקל זשולטיק געוואָלט דווקא מאַכן אַ געלעגער לעבן זיך.

— קום אַהער, קאַפּעליוש! — האָט ער אים גערופן און ער איז צו צו אַ בינט שטרוי, אין ווגלכן עס איז געלעגן עפּעס אַ פאַרהיל־טער נפש, אַ צי געטון אים ביי די פיס און אַרויסגעשלעפּט פון גע־לעגער אַרויס.

— שמאַיע, רוק דיך אַרויס! — האָט ער באַפוילן צום פאַר־הילטן נפש — קאַפּעליוש, דאָ וועסטו שלאָפן, אַהער!

לערנער האָט געהייסן דעם פאַרהילטן נפש צוריק זיך לייגן אויף זיין אָרט און אַליין זיך אויסגעלייגט אויף זיין צעקנאָדערטן ביסל שטרוי.

— זאָל ער ליגן! — האָט ער געזאָגט.

אין באַראַק האָט מען אָנגעהויבן פאַר אים האָבן דרך ארץ.

— אַ גוטער יונג, דער קאַפּעליוש — האָט מען אויף אים גע־זאָגט — אַ כוואַט!...

# קאַפּיטל VI

# ראָסט

שטאַרקע ווינטן, דורכגעוואָרפן מיט ערשטע שיטערע שנייען, האָבן געבלאָזן איבער דער ווייסל, יאָגנדיק אירע בלייערנע כוואַליעס קאָפּ אויף קאָפּ. טריבע הימלען, שווערע, צעאַקערטע און אָנגעזאַפּטע זענען געהאָנגען נידריק איבער דער וועלט און געטשעפּעט זיך צו אַ שפּיץ פון אַ דאָרפישן אויסגעבויגענעם צלם, צו אַן אָפּגעשיילטער נאַקעטער ליפּע און צו אַ פאַרלאָזענער פויגלשער נעסט פון אַן אָנגעסמאַליעטן דאָרפישן דאַך.

אַרום בריק האָבן די כוואַליעס זיך געריסן מיט פאַרשטיקטע עקשנותדיקע קולות, געוואָיעט, געפּליקט און געטרייסלט די שוץ־וואַלן, געוויגט מיט דעם גאַנצן אייזערנעם סקעליעט, נאָר אים איבערצודרייען, אויסרייסן, פאַרוואַרפן אין די אָפּגרונטן, זיי זאָלן מער נישט שטיין אין וועג, נישט פאַרהאַלטן דעם שטראָם.

נאָר אונטן, האַלב פאַרזונקען די הויכע שטיוול אין וואַסער, זענען געזעסן די מאַטראָסן, געמאָסטן די טיפענישן מיט לאַנגע מאָסן, געפּאַרקעט זיך ביי די שוץ־סלופּעס, ביי די זעק זאַמד און אַריינגעשריגן אין די טעלעפאָנישע טרייבלעך, וואָס האָבן זיי געהאָנגען פון די אויערן, די זעלבע גאָר־גלדיקע אויסרופן:

— העלא, יא, ס׳גוט, העלא!..

לערנער האָט מער נישט געאַרבעט ביים ברעג ביים שלעפן די קלעצער, נאָר אין דערהויך, אויף דער בריק אַליין.

די אַרבעט איז געגאַנגען הייס, ברענענדיק.

איבער דער גאַנצער לענג פון בריקן־סקעליעט זענען געלעגן אויסגעלייגט שוועלן, פּראָוויזאָרישע שמאָלע שוועלן, אָפּגערוקט איינע

פון דער צווייטער אויף אַ גאַנצן פוס-טריט. אין די ווינקלען האָבן די „בלאָקן״ געקלאַפּט קלעצער אין טייך.

אַרום יעדער בלאָק איז געשטאַנען אַ רעדל געפּאַנגענע רוסן. זיי האָבן געצויגן ביי די שטאָלענע שטריק, געהויבן דעם בלאָקישן גרויסן אייזערנעם קאָפּ אין דערהויך און אַראָפּגעלאָזן האַסטיק. און ביי יעדער צי האָבן זיי צוגעזונגען מיט רויע קולות, געזונגען אַ לידל אַזוינס, מיט די נאַרישסטע און ברודיקסטע ווערטער. גלייך צום טאַקט פון די שרויפן און קאָלבעס, האָט זיך מיטגעשרויפט אַ צע־דרייטער שטייגערנדיקער צעוויקלטער רוסישער „פּאָ־מאַטיערי״, וואָס האָט זיך געהויבן פּונקט אַזוי שווער און טעמפּ, ווי דער בלאָקישער קאָפּ און גלייך מיטן קאָפּ אַראָפּגעפּאַלן האַסטיק, כּדי באַלד ווייטער זיך איבערצוחזרן.

איבער די אויסגעלייגטע שוועלן האָבן זיך פּאַרטיעס אַרבעטער געשלעפּט. טייל מיט קלעצער, אַנדערע מיט רעלסן, אייזנס און ברעטער. די משאות זענען געטראָגן געוואָרן פּאַרווייז, פּאַרלייגט אויף די אַקסלען. און נאָר יעדער מאָל, וואָס איינער אַ טרעגער האָט נישט אַוועקגעשטעלט ווי געהעריק דעם פוס אויף דער שמאָלער שוועל און שיער נישט אַראָפּ אין וואַסער, מיטציענדיק מיט זיך די משא מיטן הינטערשטן טרעגער צוזאַמען, — האָט זיך אַ דערשראָקן קול געלאָזט הערן אויף ווייט אַרום און אַ קללה האָט זיך געטראָגן אין דער לופט ווייט ערגעץ צו אַן אומבאַקאַנטער מוטער פון אַ שלימזלדיקן זון:

— האַלט! אין דיין מוטער די זונהשע — העי!

לערנער איז .געגאַנגען איבער די שיטערע שוועלן לענגאויס דער בריק זיכער, פעסט, ווי איבער דער ערד.

דער אַקסל זיינער איז געווען שוין איבערווייטיקט איצט, אַזוי, אַז ער האָט קיין שום ווייטיק מער, ווי אין די ערשטע טעג, נישט געפילט. די הענט זיינע זענען געווען אַזוי צעשטאָכן, האַרט און דורכגעאַקערט מיט מאזאליעס דורך די עטלעכע וואָכן אַרבעטן ביים געהילץ און אייזן, אַז קיין זאַך האָט זיי מער נישט געאַרט. צוגע־וווינט צו די שוועלן, איז אויך דער טריט זיינער געווען זיכער. ער האָט מער נישט געדאַרפט קוקן אויף די שוועלן שטעלנדיק אַ טריט.

ער פוס אַליין האָט שוין געטרעטן, אַפילו ביי פאַרמאַכטע אויגן.
ער איז געווען פון די בעסטע אַרבעטער אויפן בריק.

נאָר מיט זיין אויפזועער גערלאַק האָט ער נאָך אַלץ נישט געלעבט בשלום. ער האָט אים נישט אָפּגעטרעטן דעם וועג, ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט אים, ווי אַלע האָבן געטון; ער האָט אים נישט באַגריסט, ווי אַלע, מיט אַן אויסגעטראַכטן טיטול „הער קאַפּיטאַן", נאָר מיט אַ געוויינלעכן „גוט מאָרגן", ווי אויף יוצא זיין. און אַ שטילע שנאה האָט געהערשט צווישן זיי ביידע, צווישן דייטשן מאַנטער און דעם יידישן טרעגער. זיי האָבן זיך באַטראַכט מיט שסומע דורכדרינגלעכע און פיינדלעכע בליקן.

ביי יעדער מעגלעכקייט האָט אים גערלאַק אָפּגעטון עפּעס. איצט האָט ער אים געגעבן אַ שלעכטן שותף צו איבערפירן משאות.

— העי, דו „שטאַרך"! — האָט ער אַ געשריי געטון איינמאָל צו אַ הויכן דאַרן יונגערמאַן מיט אַ לאַנגן רבנישן אויסגעקראָכענעם טכויערנעם פוטער, אין וועלכן ער האָט אויסגעזען נאָך דינער און לענגער — דו וועסט אַרבעטן צוזאַמען מיט דריי הונדערט איינס. מאַרש!

און די גאַנצע בריק האָט שיער נישט געפּלאַצט פון געלעכטער, ווען דער יונגערמאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן לערנערן, אים העלפן טראָגן רעלסן.

— „קאַפּעליוש", אַ שיינעם שותף האָט ער דיר געגעבן! — האָט מען געשריגן — שיק אים אין באָד אַריין!

— וואַרף אים אַראָפּ אין וואַסער! — האָבן אַנדערע געגעבן אַן עצה — אַ נישט וועסטו פון אים נישט פטור ווערן.

— לולב, הויב דיך! — האָבן זיך געטראָגן קולות פון אַלע זייטן צום הויכן יונגערמאַן — לויתן-קו-קו!-שבת-הגדול, דערלאַנג אַ מיירע !...

דער הויכער יונגערמאַן איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט רויטע פלעקן אין בלאַסן פאַרשעמטן פנים און געשמייכלט.

מען האָט אים נישט ליב געהאַט, דעם הויכן יונגערמאַן אין לאַנגן רבנישן טכויערנעם פוטער.

דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען העכער פון

אַלע און דינער פון אַלע, מיט אַ גרויסן גוט-אַנטוויקלטן קאָפּ אויף אַ דינעם לאַנגן האַלז. ער איז אינגאַנצן געווען ענלעך צו אַן אויסגע־וואַקסענעם הויכן זומער-רויז אין די לעצטע טעג פון זומער, ווען ער לאָזט אַראָפּ דעם שווערן קאָפּ אין אַ זייט. געגאַנגען איז ער מיט לאַנגע שפּרייזן, נאָר מיט נישט-זיכערע, וואַקלענדיקע. זיין לאַנגער אויסגעריבענער טכויערנער פוטער מיט די רבנישע לאַצן, וואָס שלעפּט זיך נאָך ביז די טריט, האָט אים געמאַכט נאָך לענגער און קאָמישער ווי ער איז געווען.

מען האָט אים גערופן מיט אַ סך צונעמען אויף דער בריק.

די דייטשן האָבן אים גערופן „שטאָרך"; די פּאָליאַקן—„מאַקוור־קאַ"; די יונגען מיט פאַרשידענע נעמען: „לולב", און „שבת הגדול", און „לאָקש", און ווי איינעם האָט זיך געוואָלט.

ער איז נישט געווען איינער דאָ אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע אויף דער בריק.

פון אַלע זייטן האָבן זיך איצט געצויגן צו דער בריק יידן און יונגעלייטלעך מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט חסידישע קאַפּאָטעס, אין וועלכע די בעסטע פיגור ווערט לענגלעך, ווייבעריש און שלימאַזלדיק. מער פון אַלץ זענען געקומען יונגעלייט, ווייכע יונגעלייטלעך מיט געקרייזלטע בערדלעך און ווייסע פּוכקע הענטלעך, פאַרשווינגן, וואָס דאַרפן עסן אייביקע קעסט ביי אַ רייכן שווער און אַלע יאָר מאַכן אַ ברית. און מען האָט זיי דאָ, אויף דער בריק, נישט ליב געהאַט.

די יונגען האָבן פון זיי אַ סך צרות געהאַט אויסצושטיין.

איבער דער גאַנצער בריק איז איצט געגאַנגען אַ וועט-אַרבעט, אַ געיעג צווישן די רוסן, פּאָליאַקן און יידן, ווער ס'וועט פלינקער און גיכער אָפּטון זיין אַרבעט. מאַטראָס פּופּ איז געווען באַשטימט פאַר די רוסן, מאַטראָס ווינצעל—פאַר די פּאָליאַקן און מאָנטער גער־לאַק איבער די יידן. די אַרבעט איז געגאַנגען צעטיילט. ווי נאָר עס איז געקומען אין דער פרי האָט זיך יעדער מאַטראָס גענומען זיינע מענטשן און פאָרגענומען אַ שטיק אַרבעט אָפּצוטון אין משך פון טאָג.

די קעלטן זענען געווען גרויס, נאָר די אַרבעט איז געגאַנגען אין גאַנצן ברען. מאַטראָס פּופּ, וואָס האָט געהאַט אַן אויפגאַבע, אַז

זיינע רוסן זאָלן איבערפירן אַלע שטיינער אויף יענער זייט בריק, האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז ווינצעלס „פערפלוכטע פּאָלען" זאָלען נישט איבעריאָגן זיינע רוסן און אַוועקשטעלן זיי צו שאַנד און שפּאָט. ער האָט געהאַלטן אין איין פּאָכען מיט אַ שפּיצרוט אין די לופטן און געשריגן:

— ראַשער שוויינע, די פערפלוכטע פּאָלען קאָמען אונז פאָר!

מאַטראָס ווינצעל האָט אויך נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז די רוסן זאָלן איבעריאָגן זיינע „פּאָלען", האָט ער געקנאַלט מיט אַ שטיק עלעקטרישן שנור און געיאָגט וואָס גיכער אויפצוהויבן די בריקן־הענגער און אַוועקטראָגן זיי צו די בריקן־פּיס. ער האָט זיך שיער נישט צעריסן.

— מענשען־קינדער — האָט ער געוואַלדעוועט, — די רוסישע שוויינע פערשעמען יאַ אויך.

מאָנטער גערלאַק, דער גרעסטער און שטאַרקסטער פון אַלע מאַטראָסן און מאָנטערן, האָט גאָר געהאַלטן גרייט אַ שטיק בלייענעם שטריק אין דער האַנט. ער האָט געגאָרגלט ווי אַ געקוילעטער חזיר, נישט אַרויסלאָזנדיק דערביי די לולקע פון מויל:

— פאָר־ווערטס! די שוויינע און די פערפלוכטען זינד שאָן ווייט פאָראאוס!..

די אַרבעטער זענען אַריין אין אַזאַרד, אין אַמביציע, און האָבן זיך פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן. זיי האָבן געוווסט די יידישע יונגען, אַז די יידן האָבן דאָ, ווי אומעטום, אַ שלעכטן שם, אַז מען האַלט זיי פאַר שוואַך און נישט געשיקט. און מיט דער גאַנצער יידישער היץ, מיט דער פיבערישער עקשנותדיקייט האָבן זיי איבערגע־קוילערט די שווערסטע אייזנס, אַריבערגעפירט אַזוי פיל ברעטער, באַלקנס צום ברעג, אַז עס האָט שוין אויסגעפעלט פּלאַץ דערויף.

נאָר די יונגעלייטלעך אין די לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן זיך נישט שטאַרק איבערגענומען מיט דעם גאַנצן געיעג.

אַוועקשטעלנדיק זיך מיט אַ גאַנצער פּאַרטיע יונגען ביי אַ הונ־דערט־פּודיקן אייזן, האָבן זיי זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, געקוועטשט זיך, נאָר קיין האַנט האָבן זיי נישט צוגעלייגט. זייערע הענט האָבן בעסער געפּאַסט אויסצופּרוּוון אַ חלף אָדער באַטראַכטן

אַן אתרוג אַ הדר, איידער אַרבעטן ביי בריקן־הענגער. אויף זייערע אַקסלען, רונדע, ווייבערישע, האָט זיך קיין משא נישט געהאַלטן, אַראָפּגעגליטשט זיך. און זיי האָבן זיך אפילו נישט באַמיט צוצוגע־וווינען, צוצוהעלפן.

— וואָס יונגען קאָנען? — האָבן זיי געשמועסט מיט בטול צווישן זיך — ווילן זיך גאָר פּראָבירן מיט עשון די כּוחות! שוין געהערט אַזאַ משוגעת?...

זיי האָבן זיך גאָר ווינציק איבערגענומען מיט דער וועט־אַר־בעט. זיי האָבן מער געקרעכצט, ווי געטון. און די יונגען האָבן זיך פון די כּוחות אַרויסגעשלאָגן און געוועזן בייז.

— הערט אויף קרעכצן, קימפּעטאָרענס! — האָבן זיי געשריגן, אויפגערעגט פון שלימּמאַזלדיקן צוקרעכצן, וואָס שלאָגט אָפּ יעדער ווילן צו אַרבעט און מאַכט יעדער משא אַ סך שווערער, ווי זי איז.

די יונגעלייט האָבן געפּרווט נאָכטוען די יונגען, שרייען ווי זיי „האָפּ, האָפּ”, נאָר דער האָפּ האָפּ איז אַרויסגעקומען שלימּמאזל־דיק, אָפּגעלאָזן, יוצא־צו־זיין בלויז. און די יונגען האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

— הערט אויף „האָפּען”, יאָלדאַקעס צעדאסטע! שאַ!

בלויז די עלטערע יידן, יידן מיט קורצע כאָליעוועס, איבער וועלכע עס באָמבלען זיך נאָך געלבלעכע ציצית, יידן אויסגעהאָרווע־טע, שווערלעכע, האָבן געטון זייער אַרבעט גוט און לאַנגזאַם, פּונקט ווי די עלטערע גוים, וואָס האָבן דאָ געאַרבעט. זיי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אויף די יונגעלייטלעך מיט רחמנות.

— אַ וועלט געוואָרן—האָבן זיי געהאַט פּאַראיבל — אַז אַזעלכע טייערע קינדער, זיידענע, זאָלן מוזן ווערן טרעגערעס, האַ!..

ערגער פון אַלץ אָבער איז געוועזן מיט די געשלעגן.

ביים מיטאָג, אין דערפרי און ביינאַכט אפילו, ליגנדיק שוין אין די באַראַקן, איז כּסדר איצט געקומען צו געשלעגן.

אויפגערייצט פון די דייטשן איינער קעגן אַנדערן, יאָגנדיק זיך מיט דער אַרבעט, איז אויסגעוואַקסן אַ געוואַלדיקע פיינדשאַפט פון די רוסן צו די פּאָליאַקן, פון די פּאָליאַקן צו די רוסן, פון זיי ביידע צו די יידן און פון די יידן צו זיי ביידע. נאַכט ביי נאַכט

האָט מען זיך געקריגט איבער די געלעגערס. שטיוול און פּייכטע אָניצעס זענען געפלויגן אין די לופטן. ביים מיטאָג האָט מען זיך איבערגעוואָרפן מיט שטיקלעך ציגל, סמאָלע. מען האָט זיך אונטער־געשטעלט פיס, פאַרטשעפּעט מיט אַ שטריקל אין גאַנג, געוואָרפן זיך שטיינדלעך אין שניי פאַרוויקלט.

די יונגען, מערסטנס פּראָווינצער שמייסער, אָקסנפּירער, טרע־גערעס און גאַסן־יונגען האָבן זיך אַן עצה געגעבן. נאָר מיט די יונ־געלייטלעך אין די קאַפּאָטעס איז געווען צרות. די יונגען האָבן זיי געהאלטן אין איין לערנען, ווי אַזוי געבן אַ קלאַפּ, „אָנרייבן אַ מאָר־דע". די יונגעלייט האָבן נאַריש צוגעשמייכלט, צוגעזאָגט:

— גוט, גוט, בלי נדר...

נאָר אַז עס איז געקומען צו אַ געשלעגל, טאָמער האָט אַ שיי־געץ פאַרטשעפּעט, האָבן זיך זייערע דינע פיגורן נאָך מער אויסגע־בויגן, די אַקסלען האָבן זיך אונטערטעניק פאַרהויבן און די עלענ־בויגנס האָבן זיך שפּיציק באַשיצט פון אַ קלאַפּ.

אין די ערשטע צייטן, ווען אַ שייגעץ האָט, דערזעענדיק אַ יונגנמאַנטשיק, אַראָפּגעזעצט זיך אויף דער ערד, געגעבן אַ ביל ווי אַ הונט און געשריגן:

— מאָישע, ניע באָי שע...

האָבן די יונגען זיך אַריינגעמישט. שפּעטער צו איז עס זיי מאוס געוואָרן. דערצו האָבן די שקאצים געהאַט טענות:

— יעדער דאַרף זיך אַליין אָפּשלאָגן. קיינער דאַרף זיך נישט אַריינמישן, אַז איינער גייט אויף איינעם...

די יונגען האָבן געוווּסט, אַז אַזוי איז עס טאַקע און זיי זענען געשטאַנען פון אַ זייט, נאָר די יונגעלייטלעך האָבן זיי מיט זייער פּחדנות שטענדיק פאַרשעמט און זיי האָבן באַקומען צו זיי אַ שנאה ערגער נאָך פון די שקאצים אַליין.

די יונגעלייטלעך האָבן איבערגעטראָגן די רדיפות פון די שקאַ־צים און יונגען מיט דער ספּעציפישער גלייכגילטיקייט און בטול, וואָס יידן לומדים פילן צו דער וועלט.

— חמורים — האָבן זיי גערעדט צווישן זיך — אַז ס'האָט גאָרנישט קיין צורה פון קיין מענטשן.

און נישט אָפּגעטראָטן פון זייערס.

דער קאָמישסטער, דער מער געפּלאָגטער פון אלע איז געווען דער הויכער יונגערמאַן אין רבנישן טכזיערנעם פוטער, וואָס גערלאַק האָט צוגעשאַרט לערנערן פּאַר אַ שותּף.

די יונגעלייטלעך האָבן פאַר אים דרך ארץ געהאַט. כאָטש ער איז געווען מיט זיי אין איין עלטער, אַ יונגערמאַן מיט אַ קליין דין בערדל, וואָס וואַקסט אַרויס שפּיציק און ערגעץ פון אַ זייט, ווו מען ריכט זיך גאָרנישט דערויף, האָבן זיי אים שטאַרק בכבוד געהאַלטן. זיי האָבן אים גערופן נישט בלויז ביים נאָמען, נאָר מיט אַ „ר׳״, — ר׳ יחיאל מאיר. ער האָט געדאַרפט זיין עפּעס אַ רבינס אַן אייניקל, כאָטש ער האָט דאָס נישט דערציילט. אַז מען האָט גערעדט צו אים, האָט ער כסדר געשמייכלט. אַז אַ יונג פלעגט אים אַ פרעג טון:

— שבת־הגדול, ס׳איז אמת, אַז אייער זיידע איז אַ גוטער ייד?

האָט ער גוטמוטיק געשמייכלט און אַוועקגעמאַכט מיטן קאָפּ.

— וואָס איז די נפקה־מינה?.. אַ ייד מיט אַלע יידן צוגלייך...

אַז ער איז אָנגעקומען אויפן פּלאַץ דעם ערשטן מאָל צוזאַמען מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע אַרבעטער, איז אויף דער בריק געווען פריילעך.

— האָליאַ! — האָט אַ שייגעץ אויסגעשריגן, אָנגעכאַפּט זיך בייביידע קניען און אויסגעשטעלט אַ פּאָר בלויע אויגן מיט אַ רייע טעמפּע ציין פון אַ פּאָר פאַרקאָפּטשעטע ליפּן, — זעט, ווי אַ „מאַ־קוווקע״ זעט ער אויס.

אַ רוסישער געפּאַנגענער, אַ גלייכגילטיק פּויערל, וואָס האָט קיינמאָל קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, און אַלע האָבן געמיינט, אַז ער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן דעם לשון, האָט מיטאַמאָל אויפגע־עפנט אַ מויל און, אויסשפּייענדיק דורך די ציין מיט גרויס אויפרע־גונג, גלייך עמעצער זאָל אים דורך דער גאַנצער צייט מלחמה דאָס ערשטע מאָל באַליידיקן, האָט ער אָפּגעמאָסטן דעם אָנקומענדיקן „ברי־קען־בויער״ און פאַרגליכן אים מיט גאָרנישט קיין שיינעם פאַרגלייך.

— עך דו „דאָס״ צעבראָכענער... — האָט ער אָנגעשריגן — אָט דאָ דאַרף מען דיך צערייבן...

דערביי האָט ער אָנגעוויזן אויף זיינע קורצע טעמפּע צעקאַליע־

טשעטע פינגער, וואָס האָבן שטאַרק חשק געהאַט צוצושטיקן דעם די־
נעם קנאָפּיקן האַלז פון הויכן יונגנמאַן.

שמואליקל זשולטעק, וואָס איז אומעטום געווען ז'ער ערשטער, האָט אַ ווינק געטון צום עולם מיטן אויסגערונענעם אויגל און אַ זאָג געטון:

— ווי געפעלט אייך דער שבת־הגדול?

דערביי האָט ער אַ רוף געטון דעם יונגנמאַן און געפרעגט:

— ר' לויתן, שוין אַ טאטל צי אַ קאַוואַליער?...

מאָנטער גערלאַק האָט שוין חשק געהאַט אים פּאַרטרייבן. נאָר פּונקט איז אויסגעוואַקסן אומגעריכט דער מאַיאָר מייער אַליין און, דערזעענדיק דעם פּאַרשוין, איז אים אַזאַ ווילדער געלעכטער באַפאַלן, אַז דער גאַנצער קאַרק איז אים פאַרלאָפן אויף ברוין און בלוי, ווי ער זאָל האַלטן ערב אַן אַפּאָפּלעקסיע.

— דער איסט יא הערליך! — האָט ער אויסגערופן מיט ענטצי־קונג — פּראַכטפאָל!...

ער האָט אים באַטראַכט מיט די זייטיקע שטאָלענע אַפּלען און באַפוילן:

—בלייבסט היער, מענש. וואס ביסט דו דען?

דער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן שטאַמלען. ער האָט געוואָלט אויסזוכן אַ פּאַסנדן אויסדרוק, וואָס זאָל געבן דעם רויטן ערל צו פאַרשטיין, אַז ער איז אַ קעסט־קינד. נאָר ער האָט נישט געקאָנט פּאַקן דאָס ריכטיקע וואָרט. אַ זייטיקער ייד, וואָס איז מיטגעקומען מיט אים, אַ געזונטער ייד מיט ברייטע פּלייצעס מיט אַ פּנים פון אַ סטאָליאַר, האָט זיך אַריינגעמישט און געענטפערט:

— האר גענעראַל, ער איז אַ תּלמודיסט.

— איין טאַלמודיסט? — האָט מאַיאָר מייער נישט פארשטאַנען.

— יא — האָבן עטלעכע יידן צוגעגעבן — איין גאָטספאָרכטי־קער מאַן...

— אַך זאָ! — האָט ענדלך מאַיאָר מייער פאַרשטאַנען און פאַר־ענדיקט — דו בלייבסט היער, שטאָרך!

און גלייך האָט ער אים פאָטאָגראַפירט.

דעם ערשטן טאָג האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט מיטן

גאַנצן ברען, מיט דער גאַנצער התמדה זיינער פון אַ יונגנמאַן אַ לערנער.

ער האָט געדאַרפט גראָבן שמאָלע גריבער, אויף אַריינצושטעלן סלופּעס, האָט ער זיך געכאַפּט צו דער לאָפּאַטע און מיט אַזאַ גיכ־קייט אָנגעהויבן וואַרפן לאָפּאַטעס ערד, ווי מען וואָלט אים געיאָגט מיט בייטשן.

דערנעבן זענען געשטאַנען עטלעכע עלטערע גוים און אויך געטון די זעלבע אַרבעט. נאָר זיי זענען געשטאַנען רויק, אָנגענומען אַ לאָפּאַטע ערד, אַרויסגעוואָרפן, אָפּגערוט זיך אַ ביסעלע און דערנאָך ווידער פאַרשטעקט די לאָפּאַטע. דער הויכער יונגערמאַן, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַלטן קיין לאָפּאַטע אין האַנט, האָט זיך אַזוי צוגעכאַפּט צו דער נייער אַרבעט, אַז ער האָט אפילו קיין בליק נישט געטון, צו זעען ווי אַזוי אַנדערע מאַכן עס.

די גוים האָבן אים אָנגעקוקט, באַטראַכט ווי גיך ער אַרבעט און געשמייכלט, נאָר ער האָט עס נישט געזען. אָפּאַרבעטנדיק אַזוי עטלעכע געציילטע מינוט, האָט ער גלייך דערפילט אַ מאָדנע ווייטיק אין די דינע זייטן און אין די דאַרע הענט. ער האָט איצט געפילט, אַז ער וואָלט זיך דאַרפן אָפּרוען, נאָר ער האָט נישט געוואָלט זיך נאָכ־געבן און ווייטער געגראָבן. האָט די לאָפּאַטע אָנגעהויבן זיך געגנ־שטעלן, אָנשטאָט האַלטן די אויסגעגראָבענע ערד אויף זיך, האָט זי זי צוריקגעוואָרפן הינטער זיך. די לאַנגע פּאָלעס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרטשעפּען אין דער ערד, קריכן אונטער דער לאָפּאַטע.

די גוים האָבן איצט גאָרנישט נישט געזאָגט.

ער האָט געוואָרפן בליקן צו זיי, געווישט זיך דעם שטערן, וואָס איז אינגאַנצן באַדעקט געוואָרן פון שווייס, ער האָט געפילט, אַז די אויגן קריכן אים פון קאָפּ, ווילן אַרויס, די לופט אַרום טאַנצט, שאָקלט זיך. ער האָט געפרווט זיך אָפּרוען, זעען, וואָס די שכנים זאָגן עפּעס דערצו, נאָר קיינער פון זיי האָט נישט גערעדט קיין וואָרט, ווי אויף צו להכעיס, און נאָר געגראָבן זיך אַזוי רויק און סיסטעמאַטיש ווי פריער.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט ביים יונגנמאַן אויסגעזען דאָס פּנים ווי ביי אַ גוסס. די האָר זענען געווען נאַס, צעשויבערט,

דאָס בערדל צעיאַכמערט, שפּיזיק, דער דאַשעק פון היטל אויפן קאַרק, די אויגן פאַרלאָפן און דאָס גאַנצע פּנים איז געווען אַזוי אויסגע-שמירט אין בלאָטע, גלייך ער זאָל גראָבן נישט מיט דער לאָפּאַטע, נאָר מיט דער נאָז.

צו מיטאָג איז ער געפאַלן פון די פיס און נישט געקאָנט פאַרזוכן פון שטיקל שוואַרצן ברויט, וואָס דער קוכער האָט אים דער לאַנגט. פון דער זופּ האָט ער אפילו נישט געוואָלט הערן. אַרום אים זענען געזעסן די איבריקע יונגעלייטלעך. זיי האָבן אויך נישט גע-וואָלט עסן פון טרייפענעם קעסל, נאָר אָנשטאָט דעם מיטאָג, גענו־מען פופצן פעניק. זענען זיי געזעסן אין רעדל אויף דער ערד, גע-געסן טרוקן ברויט און געהאַלטן אין איין זאָגן עפּעס שטילערהייט. זיי האָבן מער געבענטשט ווי געגעסן. אויף דעם הויכן יונגנמאַן האָבן זיי געשאָקלט מיטן קאָפּ.

ר׳ יחיאל מאיר, — האָבן זיי געזאָגט — ס׳איז נישט פאַר אייך קיין אַרבעט. גייט צוריק אַהיים.

דער פאַרחלשטער יונגערמאַן האָט געסאַפּעט שווער, אין האַלז איז אים געלאָפן גיך דער דאַרער קנאָפּ. ער האָט געזאָגט מיט אַ הייזעריקלעך קול, קוים מען האָט אים געהערט:

— נישקשה, כ׳וועל זיך צוגעוווינען. בעזרת השם-יתברך... עפּעס גלאַט אַזוי דער קאָפּ זיך פאַרדרייט...

אָט מיט דעם יונגנמאַן האָט דאָס גורלאַק איינגעשפּאַנט לער־נערן אין דער אַרבעט. זיי האָבן דאָס געדאַרפט טראָגן רעלסן לענג-אויס דער בריק. און לערנער איז געווען בייז, אויפגערעגט.

דעם גאַנצן כּעס האָט ער אויסגעלאָזט צום שותּף זיינעם.

— רירט זיך! — האָט ער געשריגן צו אים יעדער מאָל, וואָס יענער האָט אַוועקגעשטעלט אַ וואַקלענדיקן טריט אויף אַ שמאָלער גליטשיקער שוועל — וועלכער רוח האָט אייך דאָ אַהערגעבראַכט?

גרויסע צרות האָט ער געהאַט, לערנער, פון זיין שותּף. ער איז געווען אַ שטיק העכער פון לערנערן, מאָדנע איבערגעוואַקסן, און זייערע אַקסלען זענען געווען נישט גלייך, אַזוי, אַז די משא איז נישט געלעגן, נאָר זיך געגליטשט. שיקן אים פריער-אויס אַלס פאָ־רנדיקן טרעגער איז געווען אוממעגלעך. עס איזט נישט געווען פאַרן

יונגנמאַנס כּוחות און ער וואָלט געפאַלן אונטער דער משא. אפילו אַלס הינטערשטן טרעגער איז געווען אוממעגלעך אים אַוועקצושטעלן. ער האָט געהאַלטן אין איין בייטן די משא פון איין אַקסל צום אַנדערן. דערצו האָט די משא נישט געוואָלט איינליגן. די הינטערשטע טייל איז געלעגן העכער פון דער פאָדערשטער און אַראָפּגעשטופּט.

נאָר ערגער פון אַלץ זענען געווען פאַר לערנערן די חרפּות און בושות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פון אים: וואָס ער, לערנער, האָט ערוואָרבן מיט זיין כּוח און געשיקטקייט, האָט אים קאַליע געמאַכט דער שותּף זיינער מיט זיין שלימזלדיקייט און קאָמישן אויסזען. און אַז מען האָט געלאַכט פון יונגנמאַן, האָט זיך געדאַכט לערנערן, אַז מען לאַכט פון אים אַליין.

נישט איינמאָל האָט ער באַשלאָסן אים אַוועקצוטרייבן פון זיך. ער האָט געוווסט, אַז דער מאָנטער גערלאַק וועט זיך געגנשטעלן, נאָר ער האָט נישט געקוקט דערויף.

— זאָל זיין וואָס עס וויל — האָט ער ביי זיך געטראַכט.

נאָר אין דער לעצטער מינוט, אַז ער האָט אַ קוק געטון אויף דעם יונגנמאַן, האָט אים אַזאַ רחמנות אַרומגענומען אויף אים, אַז ער האָט אים נישט געקענט אָפּטרייבן פון זיך

אַ גאַנצע וועלט צאַרטקייט האָט אַרויסגעקוקט פון יונגנמאַנס שוואַרצע ווייכע און באַחנטע אויגן. זיינע דינע ליפּן, ווי ביי אַ יונג מיידל, האָבן שטענדיק געשמייכלט. ביי די גרעסטע צרות און באַליידיגונגען געשמייכלט. אין זיין הויכן און חריפותדיקן שטערן האָבן שטענדיק עטלעכע דינע בלויע אדערלעך געציטערט, ווי ביי רבישע קינדער.

זיין גאַנץ וועזן האָט זיך געבעטן, מען זאָל אים נישט באַליידיקן, נישט מצער זיין. און דערפאַר האָט אים לערנער נאָכמער נישט געקענט פאַרטראָגן, אפילו אַ האַס האָט ער צו אים דערפילט, אַ האַס מיט מיטלייד צוזאַמען.

ער איז געווען גוט, דער יונגערמאַן, אָן אַ גרענעץ גוט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער אַליין פאַרשטייט, אַז ער איז ווערט די אַלע רדיפות אויפן פלאַץ. ער האָט אפילו מיטגעשמייכלט מיטן עולם.

—נישקשה, נישקשה—האָט ער געזאָגט—מען וועט זיך צ ג׳וווינען.

און פאַרגעסנדיק מיט וועמען ער האָט צו טון, האָט ער אַריינגע־
וואָרפן אַ שטיקל תורה:

— „הרגל נעשה טבע" אַוודאַי אַזוי...

אָבער וואָס מער גוט ער איז געווען, אַלץ מער פיינט האָט אים דער עולם געהאַט. וואָס מער צאַרט ער איז געווען צו יעדן, אַלץ מער צרות האָט מען אים אָנגעטון. גייענדיק מיט לערנערן צו־זאַמען, האָט מען דעם יונגנמאַן פאַרטשעפּעט פון אַלע זייטן.

— הע, לויתן! — האָבן יונגען געשריגן — מאַך דיר אַריין! ס'הענגט זיך דיר עפּעס נאָך!

ער האָט זיך אומגעקוקט, געזוכט עפּעס און קיין זאַך נישט געפונען, און דער עולם האָט געקוואָלן פון נחת.

שקאָצים האָבן אים געסטראַשעט. יעדער מאָל פאַרבייגיין, האָט אַ שייגעץ אויפסניי זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד און אַ ציל גע־טון מיט אַ ליידיקער האַנט, מאַכנדיק זיך וואַרפן אין אים אַ שטיינדל. דער יונגערמאַן האָט אַ ציטער געטון, אויסגעדרייט אין אַ זייט דעם קאָפּ און דער שייגעץ האָט באַוויזן אַלע ציין:

— ניע באָי שע, ראַבין! נישט פאַר מוירע שייגעץ... גוטע...

לערנער האָט זיך אַריינגעמישט, אָנגענומען זיך פאַר אים. ער האָט זיך צעקריגט מיט אַלע צוליב אים און דערפאַר אים נאָך מער געהאַסט.

עפּעס האָט ער געהאַט אַ געפיל, ווי ער וואָלט זיין זיינס אַן אייגנס און אַ ביטערס, פון וועלכן מען קען נישט פּטור ווערן. אַ מין אומגליקלעכער זיווג, וואָס איז אַ שווערע לאַסט און מען קען זיך נישט שיידן דערמיט.

אויפן גאַנצן פּלאַץ האָט דער יונגערמאַן געגילטן ווי דער סימבאָל פון די יידן. האָבן יידן. האָבן געמעגט אָפּטון די שווערסטע אַר־בעטן, די שווערסטע אייזנס הויבן, האָבן די גוים עס נישט געזען. געזען האָבן זיי נאָר אים, דעם יונגנמאַן, וואָס דרייט זיך אין זיין רבנישן פוטער, וואָס פאַרטשעפּעט זיך אין אַ שטרוי. און אַז זיי האָבן געלאַכט פון אים, האָט זיך די יונגען געדאַכט, אַז מען לאַכט פון זיי. אַז מען האָט אים פאַרטשעפּעט, האָט עס אויסגעזען, אַז מען טשעפּעט זיי, אַז מען שפּעט פון זיי. און די שנאה צו איס

פון די יונגען איז געווען שטאַרקער ווי די פאַראַכטונג פון די גוים.

— אַהיים! האָבן זיי געשריגן צו אים — רוק זיך אָפּ בעסער, דו וועסט שלעכט אָפּשניידן ביי אונדז...

געיאָגט פון אַלע, פון די גוים און פון די יידן, האָט ער זיך באַמיט אַרבעטן מער וויפל ער האָט געדאַרפט. ער האָט זיך פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן, געקוקט יעדן אין די אויגן, ווי אַ פאַרבלאָנ־דזשעטער הונט, וואָס וויל געפעלן ווערן. נאָר דערמיט האָט ער זיך נאָך לעכע־לעכער געמאַכט.

זעענדיק, אַז אַלע יאָגן אים, האָט ער זיך אָנגעהויבן צושאַרן שטאַרק צו לערנערן. עפּעס האָט ער דערקענט אין אים אַן אַנדערן, אַ בעסערן. מער פון אַלע אַנדערע האָט ער דאָך זיך אָנגענומען פאַר אים. ער האָט אים איינמאָל אַפילו אַ פרעג געטון:

— איר מוזט זיין אַ בן־תורה. האָב איך געטראָפן? זאָגט!

לערנער האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נישט געוואָלט צולאָזן אים צו נאָנט צו זיך. נאָר דער יונגערמאַן האָט צו אים גע־קלעפּט, געזוכט אַ שוץ אין אים און געקוקט אים אין די אויגן אַריין.

איינמאָל ביינאַכט איז ער צוגעקומען אַפילו צו לערנער׳ס געלעגער.

אין באַראַק איז געווען פינסטער, די פאַרקאָפּטשעטע לעמפּלעך האָבן געוואָרפן טונקעלע שאָטנס און אַלץ איינגעהילט אין זיך. אין די ווינקעלעך זענען געזעסן קופּקעס יונגען און דערציילט זיך שטיל מעשיות. אין אַנדערע ווינקלען זענען געשטאַנען לאַנגע שאָטנדיקע יידן און געדאַוונט מעריב, אַרויסרופנדיק מיטן שאָקלען זיך מאָדנע שאָטנס אויף די האַלב־טונקעלע ווענט.

עפּעס אַ שווערע דריקעניש האָט זיך געלייגט אין טונקעלען באַראַק. און דער הויכער יונגערמאַן האָט שטיל, ווי אַ לונאַטיקער, זיך צוגעשאַרט צו לערנערס שטרויען געלעגער און געפרעגט פּלוצ־לינג אַן אומדערוואַרטעטע פאַרקלעמטע פראַגע:

— פאַרוואָס, איך בעט אייך, האָט איר מיך אַלע אַזוי פיינט?

דער טונקעלער באַראַק, די שאָקלענדיקע יידן, די ציטערנדיקע שאָטנס און די פּלוצלינגדיקע דערנענטערונג פון הויכן יונגנמאַן האָבן

אויף לערנערן שווער געדריקט. ער האָט אַ קוק געטון אויפן יונגגע־מאַן, ער האָט דערזען זיינע שוואַרצע אויגן, וואָס שניידן זיך מיט זייער וויי̄כער טיפער שוואַרצקייט פון דער טונקלקייט אַרויס, און אים האָט עפּעס פאַרקלעמט.

אין זיין גאַנצער הויכער געבויגענער פיגור, אין זיינע בליקן, אין זיין שטילן סודותדיקן רעדן, איז געלעגן דער צער פון אַ קינד, וואָס אַ מאַמע האָט אונטערגעוואָרפן. לערנערן איז געקומען אויפן געדאַנק דער פאַרבלאָנזשעטער בן־מלך, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן צו פויערן פאַר אַ שקלאַף, וועגן וועלכן זיין מאַמע האָט אים אַמאָל דער־ציילט אין שאָטנדיקן שבת־צו־נאַכטס, פאַרן אָנצינדן די ליכט.

ווי אַלעמאָל האָבן אים צוויי געפילן באַהערשט מיטאַמאָל—מורא און הפקרות. אַ ווײַלע האָט אים אַ געוואַלדיקער מיטלייד אַרומגענומען. עפּעס אַ שטאַרקע נאָענטקייט צווישן יונגערמאַן און זיך האָט ער דערפילט און ער איז גרייט געווען אים צוטוליען צו זיך, אָבער באַלד איז אָנגעקומען אַ צווייטער געפיל, אַ צעלאָזענער, אַ בייזער, און ער האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט, אַבי נישט צו קוקן אויף די בעטנדיקע ווייכע אויגן, און ער האָט אים געטריבן פון זיך.

—וואָס בלאָנקעט איר זיך אַרום? — האָט ער זיך געבייזערט— שלאָפן גייט!

דער יונגערמאַן איז אַוועק, פּלאָנטערנדיק די פיס אין שטרוי, און לערנער האָט זיך אויסגעדרייט און אים נאָכגעשריגן:

— און אַרבעטן מיט אייך וועל איך אויך נישט! איר קענט זיך גיין ווו איר ווילט...

נאָר אינגיכן האָט אַ צופאַל ווידער דערנענטערט די צוויי מענטשן.

עס איז געווען אַזוי:

צו מיטאָג האָבן די שקאָצים געכאַפּט אַ שטשור לעבן שפּייכ־לער, האָבן זיי גענומען און אים אַריבערגעוואָרפן צו די יידן. זיי האָבן געצילט צום יונגנמאַן, דעם „רב", נאָר געטראָפן האָבן זיי דעם יונג מיט די קלאָצעוואַטע פיס אין די קורצע כאָלעוקעלעך גלייך אין קאָפּ אַריין. האָט ער גענומען אַ האַלבע צעבראָכענע פלאַש און געטראָפן איינעם אַ גוי גלייך אין פּנים אַריין.ביידע האָבן זיי נישט געטראָפן, ווו זיי האָבן געצילט, און דערמיט האָט עס זיך

געדאַרפט פאַרענדיקן, נאָר געקומען איז צו אַ געשלעג. פויסטן זענען געפאַלן אין געזיכטער, שטיינער זענען געפלויגן און קולות האָבן גע-שפּאָלטן די לופט:

— בראַטשאַ — האָבן שקאָצים געשריגן — ברידער, די יידן שלאָגן אונדזערע!...

האָבן גוים געוואָרפן די לאָפּאַטעס און געלאָזט זיך לויפן.

פון אַ צווייטער זייט האָבן יונגען געשריגן:

— קינדער, מען שלאָגט יידן! אַהער!...

האָבן יונגען געכאַפּט אייזנס אין די הענט און זיך געלאָזט לויפן.

די אייניציקע, וואָס האָבן זיך נישט אַריינגעמישט, זענען געווען די יונגעלייטלעך. זיי האָבן זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט. בלויז איינער אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אַ ייד מיט ברייטע פּלייצעס און מיט אַ בלוט־רויטער באָרד האָט גענומען אַ שטיין אין האַנט און געקלאַפּט רויק, סיסטעמאַטיש איבער גוישע קעפּ, ווי ער וואָלט שטויסן מצות. דער „לויתן", איבער וועלכן די גאַנצע קריג איז אַרויסגעקומען, האָט זיך מיישב געווען און אַוועקגעלאָפן צום מאַיאָר מייער אין ביורא.

— האַר! — האָט ער געשריגן, נישט טויט, נישט לעבעדיק, און נישט קענענדיק אויסדריקן, וואָס ער וויל, האָט ער אַריינגע־וואָרפן: — אָט, זיי, צעבונטעוועט...

דערביי האָט ער געוויזן מיט אַ פינגער צום פּלאַץ.

פון דעם דערשראָקענעם יידיש, האָט מאַיאָר מייער אויפגעכאַפּט בלויז „געבונטעוועט"—און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט.

— וואָס? בונד?

ער האָט אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון וואַנט און געשאָסן איז דער לופט.

דער סוף איז געווען ווי אַלעמאָל: אַ לאַנגע רייע; יעדער צענטער אַרויס פון רייע—און מאַיאָר מייער מיט אַלע מאַטראָסן און מאָנטערן האָבן געטיילט פּעטש.

פאַר דער צייט, וואָס מ'האָט זיך געשלאָגן און דערווייל גע-שטערט די אַרבעט, האָט מען געדאַרפט אַרבעטן צוויי איבריקע שעה „פייער־אָוונט" ביז עלף באַנאַכט.

— אַלע מיסען דאַס טון — האָט מאַיאָר מייער באַפוילן, וואַשנ־דיק זיך די הענט נאָך די פּעטש — פּופּ, וויינצעל, גערליאַך! אַאופּ־פּאַסען ד'ראַאוף!

— יאַ־וואָהל, הערר מאַיאָר! — האָבן אַלע מאַטראָסן געענטפערט מיטאַמאָל, אויסציענדיק זיך ווי די סטרונעס.

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע.

אַ נאַסער שניי האָט געיאָגט אין פּנים, געשמיסן און געקלעבט זיך. די שטימונג אויף דער בריק איז געווען אַ געדריקטע. אַ ריזיקע שנאה האָט געהערשט אַרום פּלאַץ, בלוטן האָבן געקאָכט, געוואָלט זיך אויפרודערן, שלאָגן זיך, שניידן זיך—און געשטערט געוואָרן דורך די „לעדערנע", וועלכע האָבן אַליין די שנאה אַרויסגערופן...

מיד זענען אַלע געווען, צעבראָכן. דער געוויינלעכער אַרבעט־טאָג איז גאַנץ גענוג געווען צו פאַרמאַטערן, צוצעברעכן, אַזוי, אַז מ'זאָל קיין אבר נישט פילן אין זיך. דער נאַסער קלעביקער שניי האָט געגעסן, געשמיסן, געקראָכן אין די באַהאַלטנסטע ערטער, גע־לייגט זיך אין די אויערן, אונטער די קאָלנערס, דורכגענעצט די שמאַטיקע פּיס און צעהודערטע קליידער, אַריינדרינגענדיק ביזן לייב. עפּעס האָט אַלץ געגליווערט, נעפּרירט, געלאָשן זיך, נאָר איין האָס אַליין, וואָס האָט זיך נישט געקילט, נישט אָפּגעשטאַנען, נאָר גע־וואַקסן אַלץ מער און מער.

אַז ס'זענען געקומען די איבעריקע צוויי שעה פייער־אָוונט און די מאַטראָסן האָבן געהייסן צוואַרפן פּודיקע שטיקער קאַראַביד און צוגיסן אַ סך עמערס וואַסער אין די קעסלדיקע באַוועגלעכע קאַראַ־ביד־לאָמפּן, האָט דער צאָרן אויף דער בריק געקאָכט גלייך מיט די פּודיקע שטיקער לעשנדיקן קאַראַביד...

— טשעקאַיטשע — האָבן די גוים געביילט הענט צו די יידן— ווי די גענז מיר'ן אייך שעכטן...

— וואַרט. וואַרט — האָבן די יונגען צוריקגעוויזן — מיר'ן נאָך ווייזן...

די קאַראַביד־לאָמפּן האָבן געפלאַקערט, אָנפילנדיק די לופט מיט שטיקנדיקע גאַזן. דאָס וואַסער האָט גערוישט און די „לע־דערנע" האָבן געגאָרגלט אין דער נאַכט אַריין:

— פאָרווערטס שוויינע, פאָרווערטס!

זיי זענען געווען בייז, די מאַטראָסן, אַלמאַי זיי דאַרפן אַלטונג געבן אומזיסטע שטונדן, און כסדר געפּאַכעט מיט די דראָטן אין דער לופט.

— אַרבייטען, פערפלוכטע באַנדע! ראַש!

דער עולם האָט געאַרבעט. די גאַנצע שנאה, אויפרעגונג, מיד־קייט, הונגער און קעלט האָט מען אַריינגעוואָרפן אין די קאַלטע אייזנס, וואָס מ׳האָט געשלעפּט, אין די פאַרשנייטע שטיינער, וואָס מ׳האָט איבערגעפירט, אין די האַלב־פאַרזונקענע צוגעפרוירענע קלע־צער, וואָס מ׳האָט געריסן מיט די נעגל פון דער ערד אַרויס. אפילו די יונגעלייטלעך, וואָס האָבן אַלעמאָל מער געקרעכצט ווי געאַרבעט, האָבן איצט אין די נאַכטיקע אומזיסטע פייער-אָוונט שעהן צוגעלייגט אַלע כוחות.

אַן אָנגעשטרענגטקייט, אַן איינגעהאַלטענע שטילע אָנגעשטרענגט־קייט האָט באַהערשט, אַ דריקונג אַזאַ, וואָס לייגט זיך אויף הערצער, ווי זשאַווער.

יחיאל מאיר דער „לויתן" האָט זיך געכאַפּט צו די גרעסטע אַרבעטן, געזוכט צו פאַרשטעקן זיך צווישן די אייזנס, משאות, אַזוי, אַז מ׳זאָל אים וואָס ווייניקער באַמערקן, ביי אים איז געווען אַ גע־פיל, אַז ער, נאָר ער, איז שולדיק אין דעם אַלעם, און ער איז זיך אַליין גרויס געווען אין די אויגן.

— הו, האָפּ — האָט ער מיטגעשריגן, פּלאָנטערנדיק זיך אין זיין לאַנגן אויסגעקראָכענעם פּוטער, כדי געפעלן צו ווערן אין די אויגן פון די יונגען, נאָר זיי האָבן אים אין ערגעץ נישט צוגעלאָזט, פאַרשטעלט פון אים די משא פון אַלע זייטן און אַרויסגעשטויסן אים פון רעדל אַן איבעריקן, אַן אָפּגעטיילטן.

די איינגעהאַלטענע שנאה, פאַרביטערונג, וואָס האָט נישט גע־האַט קיין פּלאַץ, ווו זיך אויסצוגיסן, האָט געפונען איר אויסדרוק אין אים, דעם דינעם, דערשראָקענעם יונגנמאַן און יעדער האָט אים געווייכט, נישט געוואָלט אים האָבן פאַר קיין שכן לעבן זיך.

— רוק זיך, לאַנגער — האָט איינער געשריגן — אַוועק פון מיי־נע אויגן.

— פּאַר, לאָקש — האָט געשריגן אַ צווייטער, צו וועלכן דער אָפּגעשטויסענער האָט זיך געפּרווט צוטוליען.

— צי אָפּ, לולב! — האָט אים געוואָרנט אַ דריטער, צו וועמען ער איז צוגעוואָרפן געוואָרן — זאָלסט זיך מיר נישט וואַגן שטעלן אונטער דער האַנט!...

ער איז געוואָרפן געוואָרן, ווי אַ באַל, וואָס יעדער שטויסט מיטן פוס נאָך איידער ער שטעלט זיך אָפּ... דער דאַרער יונגער־מאַן האָט געגלאָצט מיט די אויגן. אַ גאַנצע וועלט צער, שטומער צער, האָט אַרויסגעקוקט פון די דערשראָקענע אויגן זיינע. לערנער האָט געכאַפּט אַ בליק צו אים און אים איז אַ שווידער דורך.

אַזעלכע אויגן האָט ער נאָר אַמאָל געזען ביי אַן אומגליקלעכן הינטישן זיווג, וואָס גאַסן־יונגען האָבן געשלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ — עפּעס הכנעה, בושה און שרעק גלייכצייטיק איז געלעגן אין זיי.

איצט איז געווען דאָס צווייטע מאָל, וואָס די אויגן האָבן גע־קוקט אויף אים, געזוכט הילף, נאָר לערנער האָט באַגראָבן זיין בליק צו די אייזנס און נישט געוואָלט זען. ער האָט זיך נישט געפילט אַזוי שטאַרק אין דער קאַלטער מיאוסער נאַכט, אין דער שפּעטער אומזיסטער „פּייעראָווענט"־שעה צו שטעלן זיך קעגן אַלע, צוצוטוליען צו זיך דעם שוואַכסטן, געערודפסטסטן, קאָמישסטן און טראַגישסטן מענטש.

אין דער אַרבעט האָט אים לערנער פאַרגעסן.

נאָר באַלד, מיט אַ ווייַלע שפּעטער איז ער אים ווידער אַרויס.

מ'האָט געשלעפּט אַ בריקן־„הענגער", אַ שווערן הענגער, וואָס איז געווען צוגעפרוירן און איינגעזונקען אין דער ערד. צענדליקער פּאָר הענט האָבן געפּאָרעט זיך, צענדליקער ברוסטן האָבן זיך צוגע־טוליעט צום פאַרראָסטן געפרוירענעם אייזן, געקליגט זיך, געעצהט זיך אים אַרויסצונאַרן פון זיין וואַרעמער נעסט. קולות האָבן געשריגן.

— פּאָרזיכטיק — העפּ! — לאַנגזאַם!

עפּעס איז געלעגן דאָ אין די גרויסע פאַרראָסטע אייזנס אַזוינס, וואָס האָט געצויגן זיך צו מענטשלעכע אברים, אָנצוכאַפּן, אָפּצובייסן, אָפּצופליקן, ווי די ציין פון אַ ווילדער חיה. דאָס איז

געלעגן אין דער אומגעלומפּערטער משא פון די אייזנס, אין רויט־לעכן ראָסט פון זייער פאַרלעגעניש, אין פּראָסט, וואָס איז געלעגן אויף זיי און אָפּגעריסן שטיקער הויט ביי יעדער פינגער, וואָס האָט זיך צוגערירט צו זיי. אַלע, וואָס האָבן דאָ געאַרבעט, האָבן געמוזט עפּעס אָפּגעבן דעם שווערן, פאַרראָסטן גאָט פון אַרבעט, אָפּגעבן ווער אַ פינגער, ווער אַ נאָגל, ווער אַ האַנט און ווער ס׳גאַנצע לעבן.

ענדלעך האָט מען אים גענומען דעם „הענגער". איבערן נאַסן שניי האָבן זיך געפּלאָנטערט צענדליקער פיס, געטרעטן, געשלעפּט, און די מאַטראָסן מיט די ציטערנדיקע לאַמטערנעס אין די הענט האָבן קאָמאַנדעוועט:

— פאָרווערטס, לאַנגזאַם!

קולות האָבן געענטפערט — העפּ, האאאפּ — האָליאַאַ!..

— רעכטע שולטערן אַב — איין טריט צוריק! — האָט גערליאַק קאָמאַנדעוועט און אָפּגעטראָטן הינטער זיך, ער זאָל נישט באַשפּריצט ווערן מיט בלאָטע פון אַראָפּפאַלנדיקן „הענגער".

— אַב!...

עטלעכע צענדליק פּאָר פיס האָבן געגעבן אַ שפּרונג אָפּ, ווי די קעץ, פאַרשטעלנדיק זיך פון בלאָטע, וואָס האָט זיי פונדעסטוועגן אײַנגעגאַנצן באַשפּריצט. — אַלע האָבן אָפּגעעטעמט, צופרידן פון דעם בייגעקומענעם ריז, און נאָר איין איינציקער איז געבליבן שטיין האַרט ביים הענגער און געשאָקלט זיך איבער אים, ווי אַ דינע ווערבע איבער אַ טייך.

אין דער ערשטער רגע האָט קיינער נישט פאַרשטאַנען. עפּעס אַ קול האָט געשריגן:

— לולב, אַוועק!

נאָר גערליאַק האָט גלייך זיך אַ לאָז געטון פון אָרט און אָנ־געהויבן זידלען:

— אַך, קאַפּוט די פיסע דיינע, דאָנער וועטער! — לויטע!

איצט האָבן אַלע שוין געזען, ווי ער, דער הויכער יונגערמאַן שטייט מיט די פיס אונטערן „הענגער". פון זיין מויל הערט מען גאָרנישט. בלויז דער קערפּער שאָקלט זיך, וויל פאַלן און קען נישט.

אין איין אויגנבליק איז דער שווערער „הענגער״, דער זעלבער „הענגער״, וואָס האָט געפּאָדערט אַזויפיל אָנשטרענגונג, געפלויגן איצט פון אָרט ווי אַ שפּענדל. גערליאַק האָט נישט אויפגעהערט זיד־לען און באַפעלן גלייכצייטיק:

— דאָנערוועטער, זאַקראַמענט! אַן באַראַק, פערפלוכטע, מאַרש!

און די יונגעלייטלעך, וואָס זענען אַלעמאָל געווען צו יעדער זאַך די לעצטע, זענען איצט גראָד געווען די ערשטע, און נאָך איי־דער די יונגען האָבן באַוויזן כאַפּן דעם אויסגעצויגענעם יונגנמאַן מיט די צוגעפּלאַטשטע פיס, איז ער שוין געלעגן ביי די יונגעלייט־לעך אויף די אַקסלען.

נאָך קיינמאָל איז קיין משא נישט געלעגן אַזוי גוט אויף זיי־ערע רונדע אַקסלען ווי איצט; קיינמאָל זענען זיי נאָך נישט געווען אַזוי צוגעפּאַסט ביים טראָגן עפּעס, ווי אין דעם מאָמענט. שוואַרצע, פאַרשאָטנטע, מיט טונקעלע בערד און לאַנגע קאַפּאָטעס, טוליענדיק זיך אַלע צוזאַמען, האָבן זיי אויסגעזען איצט ווי אַ מחנה נושאים, וואָס טראָגן עפּעס אַ חשובן נפטר צום גוטן אָרט. אפילו אין זייער איילן זיך, אין זייער אונטערלויפן מיט דראָבנע פלאָנטערנדיקע טריט איז געלעגן חברה־קדישהדיקס, עפּעס ווי מ׳וואָלט זיך איילן מקבר זיין אַ מת־מצוה. און פונדערווייטנס איז געשטאַנען אַ שייגעץ, אונ־טערגעשפּאַרט מיט אַ האַנט דעם גאָרגל, ווי אַ ציגן־בערדל, און געמעקעט.

— מעע! איי וויי! מע!...

---

די נאַכט איז לערנער אינגאַנצן נישט געשלאָפן. דעם יונגנמאַנס אויגן האָבן געקוקט אויף אים, געקוקט פאַרשטאַרט, פונקט ווי פריער, ווען ער האָט געזוכט זיין הילף, פונקט ווי דעמאָלט באַנאַכט, ווען ער איז צו צו זיין געלעגער און געפרעגט מיט אַ וויינענדיק קול.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַרוואָס האָט איר אַלע מיך אַזוי פיינט?

ער האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, נאָר אומעטום האָבן אים אויסגעזוכט די אויגן, די טונקעלע אויגן, און געמאָנט;

- פֿאַרוואָס, איך בעט אייך, האָט איר מיך אַלע אַזוי פֿיינט?

אין מיטן נאַכט האָט לערנער זיך אַראָפּגעשאַרט פֿון זיין געלעגער, אַוועקגעגעבן די לעצטע עטלעכע מאַרק דעם פֿאַרהילטן דייטש, וואָס האָט געהאַלטן וואַך ביי דער טיר, און אַריבער צום צווייטן באַראַק, וואָס איז געווען פֿאַר די געפֿאַנגענע און ס'איז געלעגן איצט דער פֿאַרוואונדעטער יונגערמאַן...

דאָרט, אָפּגעצוימט, אָן אַ זייט, האָט זיך געפֿונען דער „האָספּיטאַל" מיט אַ רויטן קרייץ אויסגעמאָלט אויף דער טיר. אויף שטרוי, שוואַך באַלויכטן, מיט געבאַנדאַזשירטע הענט און פֿיס זענען געלעגן אויסגעלייגט עטלעכע צענדליק אָפּגעריסענע חולאים, פֿאַרדעקט אין שמאַטעס. אין אַ ווינקל, מיט אַ פּאָר אויסגעצויגענע שטאַרע און צעקוועטשטע פֿיס איז געלעגן דער יונגערמאַן און געיאָמערט.

ערשט שפּעטער האָט ער דערפֿילט דעם גאַנצן ווייטיק זיינעם און געיאָמערט אין דער נאַכט אַריין. עפּעס אַ געפֿאַנגענער מיט אַ געל געזיכט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד טון זיין באַדערפֿניש און געשאָלטן.

— קודי, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ — טשעוואָ אָריאָש?...

אַן עלטערער רוסישער דאָקטאָר מיט אַ בערדל און מיט אַ רויטן קרייץ אויף דעם אַרבל האָט זיך אָפּגערופֿן שטיל:

— טישע, וואַניאַ — זעסט דאָך, אַז ר'איז אומגליקלעך.

מיט דער זעלבער גוטסקייט, ווי ער האָט איינגענומען דעם בייזן סאָלדאַט, האָט ער זיך געווענדט צו לערנערן:

— באָזשע, ביז טאָג איז נאָך אַזוי לאַנג און דאָ איז גאָרנישט נישטאָ! נישטאָ אַפֿילו קיין שטיקל באַנדאַזש אַרומצובינדן.

לערנער האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס רעקל פֿון זיך, אויסגעטון דאָס העמד פֿון לייב, צעריסן אויף צוויי העלפֿטן און געבעטן ביי דעם מאַן מיטן רויטן קרייץ:

— נעמט, מענטש ליבער, ראַטעוועט אים!...

דער געפֿאַנגענער דאָקטאָר איז צו צום יונגנמאַן און גענומען פֿאָרען זיך ביי די פֿיס, בעטנדיק זיך ווי אַ מאַמע ביי אַ קינד:

— שטילער, ליבער, ס'וועט בעסער ווערן...

לערנער איז געשטאַנען, צוגעהערט זיך צו די געוואַלדן און אײנגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג און צער.

פאַר אים זענען אַלץ געשטאַנען די אויגן, וואָס דעמאָלט בײ־נאַכט, און געפרעגט:

– פאַרוואָס, כ'בעט אײך, האָבן מיך אַלע אַזוי פײנט?

וויפל וואָלט ער געוועןו איצט געגעבן, ווען ער זאָל קאָנען טײלן זיך מיט אים מיט זײן ווײטיק!

דער געפאַנגענער דאָקטאָר האָט שטיל געזאָגט:

— העלפט מיר, גאָלובטשיק, האַלטן די קניען, אָט אַזוי.

און שטילער, קוים וואָס מ'הערט, האָט ער אײנגערוימט לערנערן:

— מ'וועט ווארשײנלעך מוזן מאָרגן אַראָפּנעמען...

דאָס יאָמערן אין דער פינסטערער נאַכט האָט זיך געשטאַרקט. פון שטרוי האָבן זיך אויפגעכאַפּט קראַנקע. טײל האָבן געקרעכצט, אַנדערע געשאָלטן. עס האָט געשמעקט מיט עסיג, געשווילעכטס און ווײטיק.

עס האָט געדריקט דער גאַנצער צער פון אַ מיטן־נאַכט אין אַ שפּיטאָל, ווען קראַנקע כאַפּן זיך פּלוצלינג אויף אַלע מיטאַמאָל און דערפילן זײער ווײטיק, וואָס איז אַזוי חושך, לאַנג און יאושדיק ווי די נאַכט.

דער דאָקטאָר מיטן בערדל האָט פאַרלײגט די הענט, באַטראַכט אַלץ, די קראַנקע אין שטרוי, דעם יאָמערדיקן יונגערמאַן, דעם גאַנצן שפּיטאָל, און געשאָקלט מיטן קאָפּ צו לערנערן.

— בעזאומסטוואָ! — האָט ער געמורמלט — סטראַשנאָיע בע־זאומסטוואָ!

און ער האָט געקוקט מיט גרויסע טרויעריקע אויגן אויף לער־נערן, ווי ער וואָלט וואַרטן אויף אַן ענטפער.

לערנער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, גלײך ער וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער קאָן שוין דעם מענטש יאָרן־לאַנג, פון קינדווײז אָן, און ער האָט געקוקט פאַרעקשנט אין שטרוי.

פון דרויסן האָט אַ הונט געבילט, אָפּגערוט זיך אַ ווײלע און ווײטער אָנגעהויבן, מאנאטאָן, הײלנדיק און פאַרעקשנט

# קאפיטל VII

# דער רויטער פעלץ

אַהיימגייענדיק צומאָרגנס נאָך אַ שפּעטן פייעראָוונט צום באַ-ראַק, שלעפּנדיק זיך מיד, צעבראָכן איבער דעם באַרגיקן גליטשיקן ברעג, האָט זיך אַ הויכער פאַרשוין אין אַ רויטן שעפּסענעם פעלץ צוגעשאַרט צו לערנערן.

— איר דערקענט מיך? — האָט דער „פעלץ" געפרעגט.

לערנער האָט אַרויפגערוקט דעם קאַפּעליוש פון איבער די אויגן. דער „פעלץ" האָט אַרויפגערוקט זיין באַראַנקאָווע זעלנעריש היטל. לערנער האָט דערזען אַ גוייש פּראָסטיק פּנים מיט אַ העל ליכטיק בערדל, וואָס איז צו העל און צו פרעמד צום רויטן געזיכט. אַ פּאָר גרינע שטרענגע אויגן האָבן אים גלייך געקוקט אין די אויגן אַריין.

— איר דערקענט נישט? — האָט דער פעלץ געזאָגט מיט אַ שמייכל,אַראָפּרוקנדיק דאָס היטל צוריק איבער די אויג־

— ניין.

— איר דערמאָנט זיך אין גראָז ביי דער ווייסל?

— שטשיגעל? - פון שאָליעץ?

— שטילער רעדט! — האָט דער פעלץ געזאָגט שטיל — איך הייס איצט קלאָס. אַדאַם קלאָס.

— און שוין לאַנג זענט איר דאָ אויף דער בריק? — האָט לערנערן געוווּנדערט.

— גלייך מיט אייך.

— און איך האָב גאָרנישט געוווּסט — האָט לערנער געזאָגט און נאָכאַמאָל איינגעקוקט זיך אין זיין באַקאַנטן — ווו האָט איר גענומען אַזאַ באָרד? — האָט ער זיך געוווּנדערט — און ווי גייט עס אייך?

— דאָס איז נישט אינטערעסאַנט — האָט דער פּעלץ געזאָגט, אַוועקמאַכנדיק מיט דער האַנט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און צוגעבויגן זיך צו לער-נערן.

— לייגט אייך היינט שלאָפן אויף אַן אַנדער אָרט — האָט ער געזאָגט פלוצלינג מיט אַ באַפעלערישקייט אין זיין טאָן — אין ווינקל אויף רעכטס, קעגן טיר, איך האָב מיט אייך אַ סך צו רעדן... צום ווידערזען.

לערנער האָט געעפנט די ליפּן און געוואָלט עפּעס פרעגן. נאָר שוין איז זיין באַקאַנטער געווען אָפּגערוקט פון אים אין אַ זייט, שפּאַנענדיק מיט גרויסע שפּרייזן אין שניי.

לערנער איז אַוועק צום באַראַק.

לאַנג האָט ער זיך געדרייט אין שטרוי אויף זיין נייעם געלע-גער. די פלוצלינגדיקע באַגעגעניש, דאָס האַלטן זיך פון זיין באַקאַנטן, דער ערוואַרטנדער געשפרעך, דאָס אַלץ האָט אים געררייצט, אינטרי-גירט און ער האָט בשום אופן נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן נאָך דעם גאַנצן טאָג אַרבעט. די מינוטן האָבן זיך געצויגן ביי אים ווי אייביקייטן. אַ ווײַלע איז אים אויסגעקומען, אַז יענער וועט שוין מער נישט קומען, און דאָס האָט אים אָנגעהויבן באַאומרויקן, נאָר באַלד איז דער פאַרשוין אין פּעלץ אויסגעוואַקסן לעבן אים אַזוי אומגעריכט, ווי ער וואָלט פון דער ערד אַרויס, און לערנער האָט אים געמאַכט פּלאַץ אין שטרוי לעבן זיך.

— נו, איצט דערקענט איר מיך? — האָט דער פּעלץ געפרעגט.

— קוים — האָט לערנער געענטפערט.

ווײַלע האָבן זיי געפירט אַ געוויינלעכן געשפרעך. דער פּעלץ האָט געזאָגט, אַז זיי זענען זיך דעמאָלט פאַנאַנדערגעגאַנגען ביים שלאָס לעבן קעניג זיגמונד, און לערנער האָט זיך געשפּאַרט.

— נישט לעבן קעניג זיגמונד, נאָר ווייטער, לעבן „פּאַשקע-וויטשן".

נאָר באַלד האָט דער פּעלץ איבערגעריסן דאָס געשפרעך.

— נישט אינטערעסאַנט — האָט ער געזאָגט, ווי פריער, און ער האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

לערנער האָט באַמערקט, אַז אַ האַלבער פינגער איז ביי אים אָפּגעהאַקט. ער האָט אויפגעהערט רעדן און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַ וואָרט פון זיין באַקאַנטן. נאָך אַ מינוט שווייגן האָט יענער אָנגעהויבן רעדן.

— איר זעט, וואָס דאָ קומט פאָר אויף דער בריק?—האָט דער פעלץ פלוצלינג אַ פרעג געטון.

— אויף דער בריק?

דעם פעלצס פראַגע איז געקומען אומגעריכט, שאַרף, קאַנטיק, ווי אָפּגעהאַקט מיט אַ האַק.

— נו יאָ, אויף דער בריק — האָט דער פעלץ איבערגעחזרט— איר זעט, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ?

— נישט איך זע, נאָר איך פיל.

— נו? — האָט דער פעלץ געפרעגט שאַרף, ווי מיט אַ שטאָך פון אַ שפּיז.

— וואָס?

— געפעלט עס אייך?

לערנער האָט אויף דעם פעלץ אַ בייזן בליק געטון.

—און אַז נישט? — האָט ער געפרעגט מיט אַ קרומען שמייכל— קען מען זיך העלפן?

— מען קען! — האָט דער פעלץ געזאָגט פעסט.

ער האָט אָנגעקוקט לערנערן, באַטראַכט אים דורכדרינגלעך מיט זיינע גרינע שטרענגע אויגן און אַ פרעג געטון:

— איר זענט גרייט העלפן?

— וועמען?

— אַלעמען.

דער פעלץ האָט געוויזן מיטן אָפּגעהאַקטן פינגער אויף דעם גאַנצן פלאַץ שנאָרכנדיקע ברואים, פאַרהילטע אין שטרוי, שמאַטעס און זעק — זיי, און מיר, און זיך אַליין...

— קעגן „זיי"? — האָט לערנער געפרעגט מיט שטוינונג. ער האָט געוויזן מיט אַ פינגער אין דרויסן אַרויס, פון וואַנען עס האָבן זיך געהערט די טריט פון די וואַכן.

— איז וואָס? — האָט דער פעלץ געזאָגט.

לערנער האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן.

— איר מיינט דאָך נישט, אַז...—האָט ער אָנגעהויבן מורמלען.

דער פעלץ האָט אים איבערגעריסן ברוטאַל.

— איך ווייס — האָט ער אים איבערגעהאַקט, ווי מיט אַ האַק— איך ווייס, וואָס איר ווילט זאָגן—אַלזאָ אָקופּאַציע, קריגס-צייט, גע-ווער... לעבן... נישט אמת?

ער האָט, לויט זיין געוווינהייט, אַוועקגעמאַכט מיט דעם האַלבן אָפּגעהאַקטן פינגער אין דער לופט.

— נאַרישקייטן! אַלע זאָגן אַזוי אין אָנהויב. איך האָב אויך אַזוי געזאָגט.

— און דערנאָך? — האָט אים לערנער געפרעגט.

— דערנאָך?

דער פעלץ האָט זיך צעלאַכט -- ווען איר קאָנט פרעגן ביי די „מאָסקאַלעס״!

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און געזאָגט, שמייכלענדיק שלעכט:

— איצט דאַרף מען זיך באַקענען מיט „פרייסן״...

אין זיין רעדן, לאַכן, איז געווען אַ סך אומהיימלעכקייט, אָבער נאָכמער זיכערקייט, איבערצייגונג. לערנער האָט געשוויגן.

— גיט אַ האַנט — האָט דער פעלץ געזאָגט מיטאַמאָל, גלייך נישט ער זאָל בעטן נאָר באַפעלן.

לערנער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

דער פעלץ האָט אים דערלאַנגט אַ פעסטע, האַרטע האַנט מיט פיר און אַ האַלבן פינגער.

— איך האָב עס געוווסט — האָט ער געזאָגט — איך האָב נאָך קיינמאָל אין קיין מענטש קיין טעות נישט געהאַט.

לערנער האָט געהאַלטן די אויסגעשטרעקטע האַנט און געשוויגן, ערשטוינט פון פלוצלינגדיקן און אומגעריכטן. דער פעלץ האָט אַרויס-געשלעפּט אַ טאָרבעלע טאַטין פון אַ טיפער קעשענע. ער האָט מיט די פיר און אַ האַלבע האַרטע פינגער צונויפגעדרייט אַ פּאַפּיראָס, אָנ-געשאָטן לערנערן אַ ביסל טאַטין, און ביים פייער פון שוועבעלע האָבן זיךביידע נאָכאַמאָל שווייגנדיק באַטראַכט.

-דאָבראַנאָץ, טאָוואַרזשישו!—האָט דער פּעלץ געזאָגט שטיל לער-נערן — מיר'ן זיך מאָרגן באַגעגענען.

דאָס וואָרט „טאָוואַרזשיש" האָט מאָדנע געקלונגען אין לער-נערס אויערן, פרעמד און נאָענט גלייכצייטיק. עפּעס איז אים די גאַנצע באַגעגעניש, דער געשפּרעך, פאָרגעקומען ווייט, ווי ער וואָלט דאָס לייענען פון אַ בוך. דער פּעלץ האָט זיך צוגעבויגן צו אים און אים נאָכאַמאָל דערמאָנט זיין נאָמען:

אַלזאָ קלאָס, אדאם קלאס! געדענקט.

לערנער האָט אים נאָכגעקוקט און אַלץ נישט געקענט זיך אַליין גלויבן זיינע אייגענע אויערן.

אָט דאָס איז „עס" — האָט אים געוווּנדערט — דאָס?

---

לערנער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער נייער אַרבעט אַריין גיך, — אַ סך גיכער, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.

דער רויטער פּעלץ האָט זיך מיט אים באַגעגנט יעדן טאָג. כמעט שטענדיק איז זיי „אויסגעקומען" צו אַרבעטן צוזאַמען. איין טאָג האָבן זיי געשלעפּט ברעטער; צומאָרגנס געפירט וואַגאָניעטקעס מיט שטיינער; איבערמאָרגן געגראָבן גריבער.

— וואָס טון? — האָט לערנער געפרעגט.

— „גאַדאַטש"! — האָט דער רויטער פּעלץ געענטפערט — און פאַרזיכטיק מיט דער צונג.

ער האָט ליב געהאַט גראָבע ווערטער, דער „פּעלץ".

תחילת איז די נייע אַרבעט לערנערן געגאַנגען נישט גוט.

עס איז אים גרינגער געווען אָפּאַרבעטן ביים אייזן אַ גאַנצן טאָג, איידער רעדן אין באַראַק איין שעה. עס איז נישט געווען מיט וועמען צו רעדן.

מיט די יונגעלייטלעך, מיט די יידן אין די קאַפּאָטעס, איז נישט געווען וואָס צו רעדן. פאַרשטאַנען האָבן זיי גראָד יאָ אָן עסק.

נאָך איידער לערנער האָט אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט, האָבן זיי שוין געוווּסט פריעראויס צען ווערטער.

— וואָס, אַנישט ווייסט מען דען נישט די צרות? — האָבן זיי

געהאַט תּרעומות — וואָס לאָזט איר אונז דאָ האָרכן? — ס׳איז אַ שטראָף פון הימל.

זיי האָבן זיך בעסער אָזועקגעזעצט אין אַ ווינקעלע, צוזאַמענ־געטוליעט זיך איינער צום אַנדערן און חוזק געמאַכט פון זיך אַליין:

— אַ תּכלית אַ שיינער, אויף דער עלטער גאָר געוואָרן אַרבעטער!...

— שטיינהעקער, צו מיינע צרות...

— „טשאַרני ראָבאָטשע״ — מ׳שטיינט געזאָגט.

און דערנאָך האָבן זיי גאָר פאַרגעסן אין אַלץ, פאַרגעסן אין זייער בריק, אין באַראַק, אין די דייטשן און אין די יונגען, און אָנ־געהויבן זיך דערציילן מעשיות פון גוטע יידן. — אין באַראַק איז געווען אַ טומל, אַ גערודער. פון צייט צו צייט איז אַריינגעפלויגן אין רעדל יונגעלייטלעך אַ שטיק זאַק אָדער אַן אַלטער שוך, נאָר זיי האָבן זיך נישט געמאַכט דערפון; זיי האָבן זיך אָפּגעשאָקלט דערפון ווי פון אַ צוגעגעסענער פליג.

— וואָס ווייטט עטץ? — האָט אַלעמאָל אַן אַנדערער אַריינגע־וואָרפן — מען האָט געזען דאָרטן מופתים בחוש. — אויף טריט און שריט...

אַנדערע האָבן נאָכדערציילט תּורות, גוט־יידישע ווערטלעך און צום סוף פאַרענדיקט מיט אַ זמרל, וואָס מען האָט עס נאָר געהערט צווישן זיך, מורא האָבנדיק עס אַרויסצולאָזן איבערן באַראַק, עס זאָל נישט פאַרשוועכט ווערן.

מיט זיי האָט לערנער גאָרנישט געהאַט וואָס צו רעדן. זיי האָבן אים אויסגעהערט, נאָר געקוקט אויף אים, ווי עלטערע קוקן אויף אַ קינד, וואָס רעדט נאַרישקייטן.

— ווייס איך וואָס! — האָבן זיי געזאָגט — ווי ווערט מען שוין דערפון פטור אַמאָל!

זיי האָבן זיך געפילט דאָ פרעמד, פאַרבלאָנדזשעט, ווי אין עולם התהו, גרייט יעדער ווײַלע צו אַנטלויפן. מאַיאָר מייער האָט נישט געלאָזט האַלטן שבת.

— קיין פּייערטאַגן! — האָט ער באַפוילן — קריגס־צייט!

און כמעט אַלע פרייטיק האָבן זיך אויפגעהויבן גאַנצע קאָמ־פּאַניעס יונגעלייטלעך און אַוועק אַהיים צופוס.

—שמאַיעס, ווו גייט עטץ? — האָבן די יונגען זיי נאָכגעשריגן — שבת פאַרנאַכט צאָלט מען אויס ס׳געהאַלט! — ס׳עט ענק פאַרפאַלן ווערן אַ וואָך אַרבעט!

— דעריבער? — האָבן די יונגעלייטלעך געזאָגט און אָפּגערוקט זיך שנעל, די דייטשן זאָלן זיי נישט פאַרהאַלטן. — ווען מיר די נשמה פאַרקויפן?

מאַיאָר מייער האָט צוגענומען זייער וואָכן־געהאַלט פאַר זיך, און געווען אין כּעס.

— יודע קוואַטש! — האָט ער געשריגן — דרעקישע באַנדע!

ער האָט אַלע פרייטאָג געגעבן דאָס וואָרט, אַז מער וועט ער קיין „באַרד־יודען״ צו דער בריק נישט לאָזן — נאָר, אַז עס זענען געקומען נייע פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, האָט ער זיי ווידער צוגענומען, געלאָזט זיי אַרבעטן אַ וואָך אומזיסט און זייער געהאַלט אַראָפּגעלאָזט אין טאַש.

מיט די יונגען איז עס צוגעגאַנגען נאָך שווערער. — אין באַ־ראַק האָבן זיי פון דער בריק נישט געוואָלט רעדן.

— ברענען זאָל זי! — האָבן זיי געזאָגט.

זיי האָבן בעסער געשפּילט אין קאָרטן! געפּרוּווט זיך די כּוחות. אַמאָל האָט מען זיך אויך אַוועקגעזעצט דערציילן מעשיות, מעשיות פון יידן גבורים פערדס־הענדלער, וואָס אויף אַ יאריד בעת אַ גע־שלעג כאַפּן זיי אַ פערד ביי די פיס און שלאָגן דערמיט פויערן אי־בער די קעפּ; מעשיות פון ציגיינער, געגנבעטע פערד.

„שימעלע נאָז״, דער יונג, וואָס אָנשטאָט אַ נאָז האָט ער בלויז אַ שוואַרץ שיידל אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך צו די אויערן, — דער־ציילט מעשיות פון זיין אַמאָליקער פּריצישקייט.

— וואָס ווייסט עטץ, קינדער? — זאָגט ער — אַז כ׳פלעג אַהיימ־קומען פרייטיק פון אַ „יאַזדע״, האָב איך זיך גוט אַרומגעוואַשן, אָנ־געטון אַ פאָר שטעק־שיך און אַראָפּ אונטן צו דער רויטער צערקע, האָט מען מיך שוין גאָרנישט אַרויסגעלאָזט פון דאָרט. — די טריט האָבן זיי מיר געקושט, די מיידז.

און פאַרענדיקן פאַרענדיקט עס זיך מיט אַ טרויעריק לידל, מיט אַ שפּיטאָל-לידל:

„אוי, ליגט מען מיך אַוועק אויפן בעטעלע,
מען הילט מיך איין אין וואַטע!
אוי, ס'זאָל וויסן מיין מאַמע אין קבר,
אַז יאָך בין שוין פראַנצע־וואַטע..."

דאָס לידל זינגט שליאַמקע קאָטער. — ער קאָן אַ סך אַזעלכע לידלעך. כאָטש ער איז ערשט אַלט נישט מער ווי זיבעצן יאָר, איז ער שוין מער אָפּגעלעגן אין ווענערישע שפּיטעלער ווי געווען אויף דער פריי. ער איז אַ געבוירענער קראַנקער. אויפגעהאָדעוועט אין אַ „הייזל" אויף גענשא גאַס נישט ווייט פון בית הקברות צוזאַמען מיט זיין מוטער אַן אַלטע „נקבה", איז ער אַ ווייכער, אַ גליטשיקער אַזאַ אַ שווייסיקער. צו קיין אַרבעט איז ער נישט געוווינט, וואָרים אין הייזל אויף גענשא גאַס, וווּ ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט, האָבן אים די גאַסן-מיידלעך, זיין מאַמעס חברטעס, צופיל געפּיעשטשעט, געקושט, געשאָנקען אַ סך צוקערלעך, און אויסדערציילט אַלע רכילותן, אינטריגעס און ביטערע הערצער. דערצו איז ער אָפּגעלעגן אַ סך אין די שפּיטעלער. נאָך פון קינדווייז אָן, האָט אים די מאַמע זיינע גע-פירט צו דאָקטוירישע קאַבינעטן און אים אויסגערעדט:

— נו, שווייג שלמהניו, שווייג קרוין-מיינע, דער „פּאַן" וועט מער נישט שטעכן מיט דער נאָדל, אַ גוטער „פּאַן"!...

קיין גרויסע נוצן ביי דער בריק האָט מען נישט פון אים. ביי זיינע זיבעצן יאָר האָט ער שוין ווינציק האָר אויפן קאָפּ, די אויגן זענען ביי אים אַרויסגעקראָכן און קוים וואָס ער שטעלט אַ טריט. — נאָר איין זאַך, וואָס ער קאָן, דאָס איז זינגען. די טרויעריקסטע און פריילעכסטע לידלעך קאָן ער זינגען, און דער עולם האַלט אים צווישן זיך, מען באַהאַלט איס אויס, די דייטשן זאָלן נישט זען ווי ער טוט גאָרנישט.

שליאמקע קאָטער זינגט. ער זינגט מיט אַ טרויעריקער אַלטער שטים, ציקלט זיך ווי אַ חזן:

„מיט די שיינע זיסע ריידעלעך,
„האָט ער געטון מיך איין-נעמען

„האָט ער געטון מיך איינגעמען"
און דער גאַנצער עולם האלט אונטער:
„און אַז יאַך ליג אין קראַנקן־בעטעלע
טוט ער זיך מיט מיר שעמען"...

לערנערן איז שווער געווען זיך צו דערנענטערן צום עולם. וויפל ער האָט זיך נישט געפּרוווט דערנענטערן, אָנהויבן רעדן, נאָר עס האָט זיך נישט געקלעבט.

— זאָל זי ברענען, די גאַנצע בריק מיט די יעקעס צוזאַמען — האָבן זיי געענטפערט יעדעס מאָל, וואָס לערנער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן איר.

טייל האָבן חוזק געמאַכט:

— הערטס נאָר, דעם „קאַפּעליוש" געפעלט דאָך נישט דעם באַראַק! — האָט שמואליקל זשולטיק געשריגן צו די חברים — ס'אַ חזיר שטאַל, זאָגט ער!

— הע, הע — האָט דער עולם געלאַכט — מען דאַרף זאָגן מייערן, וועט ער אונז אויסבויען אַ פּאַלאַץ!

— בעטן מיט בעטגעוואַנד אַריינשטעלן...

— און ווייבער צוגעבן.

— כאָ, כאָ, כאָ!

— כע, כע, כע!

לערנער האָט נישט געגלויבט, עס זאָל צו עפּעס קומען. די נייע „אַרבעט" איז אים געווען דערווידער. שלעפּנדיק שטיינער צוזאַמען מיט דעם רויטן פעלץ, האָט ער זיך געקלאָגט.

— אַ מיאוסע קאָמפּאַניע — האָט ער געזאָגט — אַ לומפּן-פּראָלעטאַריאַט.

— יעדער פּראָלעטאַריאַט איז לומפּיש — האָט דער רויטער פעלץ געזאָגט — טוט אייערס — און טוט אויס דעם קאַפּעליוש, דאָס טויג נישט.

צומאָרגנס איז לערנער געקומען אויפן פּלאַץ אין אַ וואַרעם וועליסאָפּעדן־היטל מיט צוויי אַראָפּגעלאָזטע לאַפּן איבער די אויערן. דער פעלץ האָט געשמייכלט.

— גוט אַזוי — האָט ער געזאָגט — איצט דאַרפט איר נאָך דעם צווייטן קאַפּעליוש אויסטון, דעם אינערלעכן...

ער האָט אים געוויזן מיט אַ פינגער אויפן שטערן.

לערנער האָט נישט געגלויבט אין פעלצס רייד. פאַר זיינע אויגן זענען געשטאַנען די אַלע שלעגערייען און אַרומרייסענישן צווישן די יידן און גוים; די שטענדיקע זידלערייען, מסירות, הינטער-שטיקלעך. און טראַגנדיק אַ ברעט, האָט ער דאָס געזאָגט דעם פעלץ.

— צופיל שנאה איז פאַראַן אויף דער בריק, צופיל.

— שנאה איז גוט — האָט דער פעלץ געזאָגט — מען דאַרף נאָר קענען קערעווען מיט איר.

לערנער האָט געפאָלגט. ער האָט אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צו די יונגען, זיין צוזאַמען מיט זיי, רעדן זייערע רייד, לעבן זייער לעבן, און ער איז זיי געוואָרן נאָענט, אייגן. — קליגער, געשיקטער, ערפאַרענער, איז ער אינגיכן געוואָרן ז'ער באַליבטסטער אין באַראַק. ער האָט דערציילט מעשיות פון פראָנט, פון קאַזאַרמע, פון סאָלדאַטן. איבערהויפט, האָט ער געזען, האָט זיי הנאה געטון, ווען אים איז אויסגעקומען צו דערצ-ילן פון סאָלדאַטן גבורים, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן זייערע עלטסטע; פון ביטערע עלטסטע, וואָס רעכנען זיך אויס אַ שוואַרץ יאָר. און ער האָט זיי נישט געקאַרגט.

ער האָט זיך געטיילט מיט אַ פּאַפּיראָס, געפּרובירט זיך די כוחות, און דער עולם האָט אים גלייך ליב באַקומען

— אַ גוטער יונג — האָט מען געזאָגט אויף אים — אַ קאָפּ!

מער פון אַלץ האָט ער אויסגענומען מיט זיינע בריוו שרייבן. ער האָט געשריבן בריוו פאַר אַלע, געשריבן בריוו צו כלות, צו ווייבער, צו עלטערן. יעדער האָט אים אָנפאַרטרויט זיינע סודות, זיין פאַמיליען־לעבן און ער איז זיי געוואָרן שטאַרק נאָענט.

זיי האָבן אים באַוואונדערט. שווער איז זיי אָנגעקומען, די יונ־גען, צו זאָגן, וואָס מען זאָל שרייבן, נאָר ער, לערנער, פאַרשטייט אַליין. נאָך איידער מען קוקט זיך אום, האָט ער שוין אָנגעשריבן באַלד אַ גאַנצן בריוו פון קאָפּ אַרויס. ער לייענט איבער, און די יונגען שאָקלען צופרידן מיט די צעשויבערטע קעפּ.

— בנאמנות, ווי פון אונטערן הארץ אַרויסגענומען — זאָגן זיי— זאָלן מיר אַלע יידן אַזוי לעבן...

ביסלעכווייז, אַליין נישט באַמערקנדיק ווי אַזוי, האָט לערנער זיך דערזען אַן אַנדערן. די יונגען זענען מיט אים געוואָרן נאָענט. ער האָט אויסגעהערט יעדנס געפילן, יעדנס פרייד און צרות.

די זעלבע יונגען, וואָס זענען אין באַראַק געווען די גרעסטע גנבים, די פאַרביסנסטע שלעגער, גרייט צו שטעכן ביי דער מינד־סטער קלייניקייט, זענען געזעסן, ווי די קינדער, אין ווינקל באַראַק, ווו לערנער האָט זיי געשריבן בריוו.

— שרייב — האָט אַ יונג דיקטירט אַ בריוו צו זיין אַלטער מו־טער — שרייב, אַז איך וועל דיר שיקן אַ ביסל געלט, און זאָרג נישט מאַמע, כ׳על דיך בעטלען נישט שיקן, זאָלן דיינע שונאים זיך נישט פרייען.

שמואליקל זשולטעק, דער פאַרשוין מיטן אויסגערונענעם אויגל און מיטן זאַק אַנשטאָט אַ רעקל, האָט זיך איצט אָפט געלאָזט שרייבן בריוו. ער האָט געהאַט אין דער היים אַ ווייב מיט צוויי קינדער— און דאָס אויסגערונענע בלוטיקע אויגל איז געוואָרן מאָדנע מילד און שמייכלענדיק, ווען ער האָט דיקטירט דעם בריוו אַהיים.

— שרייב, אַז מען זאָל שיקן דעם „קליינעם יונג״ אין חדר, און די „קליינע מויד״ אין שקאָלע—און דו, מיין טייערע פרוי, גיב אַכטונג אויף ס׳קליינוואַרג און לאָז דיך נישט „באַלמיטשען״ פון לאָ-בוסעס...

און לערנער האָט אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף די פאַרשוינען אין די שמאַטעס און אין די זעק. נאָענט זענען זיי אים געוואָרן, אייגן, גלייך ער וואָלט אויך געהאַט אַ חלק אין זייערע פאַמיליען-זאַכן, אין זייער לעבן.

איצט האָט מען מער נישט געלאַכט, ווען ער האָט געמאַכט אַ שמועס וועגן דער בריק, וועגן די איבעריקע פייער־אָוונטן, ווען דעם קאַלטן באַראַק, וועגן שלעכטן עסן פון קעסל, וועגן דער יאָגעניש און וועט-אַרבעט.

זיי האָבן געהערט, די יונגען, מיט אויפגעריסענע מיילער, און

ווערטער, פול מיט כּעס און פאַרביטערונג האָבן זיך אָפּט געהערט באַנאַכט אין באַראַק.

— אַלץ יעקע־גנבֿס שמד־שטיק, דאָס מאַכט „ער״ אויף אומישנע אַזוי, די יידן מיט ס׳„גאַיעס״ זאָלן זיך יאָגן, און „ער״ זאָל דער־ווייל אָפּלעקן...

— אַלע טאָג ווערט אַן אַנדערער אַ קאַליקע. — שוין ווידער זיך עמעצער אָפּגעריסן ביי די „וואַלן״ אַ פינגער.

— אַ וווּנדער? אַז מען אַרבעט שפּעט באַנאַכט, מען ווערט אַנטשלאָפן ביי דער אַרבעט.

— אפילו קיין גוטע לאָמפּן גיט מען נישט, מען אַרבעט אין דער פינסטער.

— און אַז כאַפּסט אַ קלאַפּ, איז אפילו קיין שפּיטאָל נישטאָ. מען וואַרפט דיך אַריין אין שטרוי ווי אַ הונט.

אַזעלכע ווערטער האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטן. אפילו די יידן מיט די קורצע כאַליעוועס, איבער וועלכע עס באַמבלען זיך נאָך געלע ציצית, הּאָ־ צוגעשאָקלט.

— וואָרום ס׳איז דען נישט אַזוי? — האָבן זיי געזאָגט.

— ס׳גוט — האָט לערנער געזאָגט דעם פעלץ — ס׳גייט, אַז מען דאַרף גאָרנישט בעסער.

— ביי מיר גייט עס אויך נישט ערגער — האָט דער פעלץ שטיל געענטפערט.

אומעטום איז ער געווען. אומעטום האָט מען אים געזען מיטן רויטן פעלץ און מיטן אַראָפּגערוקטן באַראַנקאָווענעם היטל איבער די אויגן. ווו אַ קופּקע, דאָרט איז ער געווען אין דערמיט, גערעדט מיט זיין לשון פון „שאָליעץ״ אַרום ווייסל, דורכגעוואָרפן מיט גראָבע רייד און קאָמישע ווערטלעך.

— פאַן ז׳פּאַנעם שע זגאָדזשי — האָט ער געזאָגט — אַ כלאָפּ פּאָ דופּיע דאָסטאַניע.

— אַכיבאַ — האָבן גוים געענטפערט — שוואַב מאָנדרי, אַ נאַרוד גלופּי.

ביסלעכווייז, אַליין נישט זעענדיק ווי אַזוי, האָבן די קריגעריי־ען אַלץ ווינציקער און ווינציקער אויפגעהערט. איינער האָט דעם

צווייטן אָנגעהויבן אונטערהעלפן, אונטערגעהויבן אַמאָל אַ משא, אפ־ו רעדן צווישן זיך, טיילן זיך מיט אַ פּאַפּיראָס טאַטין.

— פּאָמאַלו! — האָט איינער דעם אַנדערן געזאָגט — כאָפּ נישט אַזוי, נישטאָ וואָס צו יאָגן.

אַפילו ביי דער אַרבעט צוזאַמען מיט די „סמאָלענע" האָט מען אויך אויפגעהערט זיך טרייבן.

—האַליאַ! — האָפּ! האָט דער עולם געשריגן, נאָר געיאָגט האָט מען זיך נישט.

די „סמאָלענע" האָבן, ווי פריער, געפּרוווט אַריינפירן אַ וועט-אַרבעט, נאָר דער עולם האָט זיך דערפון נישט געמאַכט.

— גאַדאַי דאָ דאַשקאַ! — האָבן גויים געמורמלט, צופרידן, וואָס די „שוואַבען"פאַרשטייען זיי נישט.

— יאָגן זאָל פון „דיר" די נשמה — האָבן די יונגען צוגעגעבן און זיך געטון פּאַמעלעך זייער אַרבעט.

די „סמאָלענע" זענען געוועזן בייז — געקוקט די אַרבעטער אין די אויגן, געוואָלט עפּעס אויסשמעקן און אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי.

— דאָנער-וועטער, — האָבן זיי געזידלט — פּאַאולע באַנדע.

אַמאָל נאָר האָט אַ שייגעץ נאָך געפּרוווט מאַכן „שטיק". ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, צוגעשטעקט אַ האַנט צום האַלדז, מאַכנדיק זיך אַ ציגן־בערדל, און געמעקעט אויף אַ פאַרביי-גייענדיקן ייד מיט אַ ברעט אויף די אַקסלען.

— איי וויי, מעע!

נאָר זעענדיק, אַז קיינער העלפט אים נישט צו, איז ער גע-בליבן פאַרשעמט, מיט אַן איבעריקער האַנט ביים גאָרגל.

לערנער איז געווען איבערפולט. פונקט ווי תּחילת איז אים אַלץ געווען אומגלויבלעך, נישט האָבנדיק דעם מינדסטן צוטרוי צו די אַלע דאָ אויפן בריק, אַזוי האָט ער איצט אין אַלעם געגלויבט, פון אַלעמען דערוואַרט. פונקט ווי פריער איז אים יעדער מענטש אין באַראַק געווען איבעריק, אַזוי איז אים איצט יעדער געווען נויטיק, דער באַראַק איז אים מער נישט געווען מיאוס, די בריק נישט שווער, די אַרבעט נישט צוגעגעסן.

דערזעלבער געפיל, וואָס אים האָט באַהערשט דאָרט אויפן פעלד, דער געפיל, אַז אַלץ האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט, אַז אַלץ האָט אָנגעווירן זיין פנים, — און זיי, די מענטשן, מוזן עפּעס טון, אַרבעטן, מוסר־נפש זיין זיך — דער זעלבער געפיל האָט אים ווידער אינגאַנצן אַרומגענומען. — ער האָט קיין זאַך מער נישט געזען ווי די בריק, די מענטשן, די „סמאָלענע", די אַרבעט. ער האָט פאַרגעסן אין אַלץ, וואָס איז אויסער דעם קילאָמעטער באַוועגונג אַרום דער ווייסל, נישט געזען קיין זאַך אויסער דער בריק.

אין האַרץ האָט זיך אים עפּעס געהוידעט, געקלאַפּט. ער האָט געוואַרט אויף עפּעס, אויף עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף געשען, כאָטש אַליין נישט וויסנדיק וואָס, די בלוטן האָבן אין אים געקאָכט, געזאָטן.

דער שטענדיקער געפיל, דער טאָפּלטער געפיל פון הפקרות און מורא, האָט אים געשלאָגן אין דער שלייף, אין דעם טיפן שראַם פון שלייף, וואָס ציט זיך פון די האָר ביז אין דער געדיכטער ברעם אַריין.

— וואָס טון? — האָט ער אָפּט געפרעגט מיט אומגעדולד ביים פעלץ. —

— די פּאָליאַקן מיט די יידן האָבן מיר — האָט דער פעלץ געזאָגט — מען מוז אומבאַדינגט נאָך האָבן די רוסן.

— אָבער וויאַזוי קומט מען צו זיי? — האָט לערנער נישט פאַרשטאַנען — מען לאָזט קיינעם צו זיי נישט צו.

— נאַרישקייטן — האָט דער פעלץ געזאָגט, אַוועקמאַכנדיק מיט דער האַנט — איר וועט מוזן קראַנק ווערן, גיין אין שפּיטאָל אַריין.— פאַראַן דאָרט אַן אייגענער מענטש, אַ דאָקטאָר. ער וועט אייך שוין איינאָרדנען...

— צו דעם מיטן בערדל? — האָט לערנער זיך דערמאָנט און אים איז עפּעס קלאָר געוואָרן. — ער האָט זיך דערמאָנט אין יענער נאַכט, ווען ער האָט אים געהאָלפן באַנדאַזשירן דעם יונגנמאַן מיט די צעפּלאַטשטע פיס.

— דער זעלבער — האָט דער פעלץ געזאָגט און פאַרמאַכט סודותדיק איין אויג — גריגאָרי דאַווידאָוויטש רופט מען אים.

לערנער האָט געשפּאַסט:

— סיידן אָפּהאַקן זיך אַ האַנט! — ווי אַזוי קומט מען צו אים?

— איר'ט מוזן קראַנק ווערן אויף טיפוס — האָט דער פעלץ געזאָגט — זיי ציטערן, די שוואַבעס, פאַר פיבער, אַז דער טייוול נעמט זיי.

נאָך באַלד צומאָרגנס איז לערנער אין דערפּרי נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט און געבליבן ליגן אין שטרוי.

— איך בין קראַנק — האָט ער געזאָגט די יונגען, וואָס האָבן אים געוועקט — איך פיבער.

—דריי הונדערט איינס! דאָנער וועטער!—האָט מאַיאָר מייער געשריגן אין דערפּרי—ווא איזט דען דריי הונדערט איינס?

— קראַנק, הערר מאַיאָר! — האָבן די אַרבעטער פון באַראַק געענטפערט — פיבער.

— פיבער?

מאַיאָר מייער איז פאַרציטערט געוואָרן.

— זאָפאָרט איזאָלירען! — האָט ער געדונערט — און דאָס גאַנ-צע שטרוי פאַרברענען!

זיי האָבן געציטערט פאַר פיבער, ווי פאַרן מלאך המות, די דייטשן. האָט זיך אַן אַרבעטער געמעגט אָפּשניידן די הענט, די פיס, האָט געדויערט לאַנג ביז מען האָט געשיקט אין האָספּיטאַל. אָבער גענוג געווען צו דערמאָנען „פיבער”, אַז אַלע דייטשן זאָלן זיך אָפּ-רוקן ווי ווייט.

דער שטאַב-אַרצט, אַן אַלטער גרויער דייטש מיט רויטע בעקע-לעך ווי ביי אַ יונג דאָרפיש מיידל—האָט אומעטום, אויף אַלע ווענט, פאַרקאַנעס, געלאָזט אויסקלעבן גרויסע פּלאַקאַטן „פאָרזיכט! פיבער!” — צו די קראַנקע רוסן האָט ער קיינמאָל אפילו נישט אריינגעשמעקט. די אַרבעט האָט געטון דאָקטאָר גריגארי דאַווידאָוויטש — און אַז ער האָט שוין אַמאָל יאָ געמוזט קומען רעווידירן די קראַנקע, איז ער געשטאַנען ביי דער סאַמע טיר, געשריגן צו די קראַנקע:

— צייג די צונגע!

און דערנאָך זיך נישט אויפגעהערט וואַשן מיט סובלימאַט און שפּירטוס.

נאָך אין זעלבן פרימאָרגן האָבן עטלעכע יונגען געגומען לער־נערן אויף די הענט און אַוועקגעטראָגן אין האָספּיטאַל צו גריגארי דאַווידאָוויטשן.

לערנערן האָט מען אַוועקגעלייגט אין שטרוי — און די יונגען האָט מען אַוועקגעפירט צום ווינקל האָספּיטאַל, אין איזאָלאַציאָנס-פּונקט. דאָרטן האָט מען זיי אויסגעטון נאַקעט, געוואַשן מיט הייס און קאַלט וואַסער, די מלבושים אויסגעקאָכט אין קעסל און אַזוי צוקנאָדערט, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען זיי צו נעמען אויף זיך. די שטיוול זענען אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן, געווען רויט ווי רויע פעל.

— וואָס וועלן מיר איצט טון, הער מאַיאָר? — האָבן די יונגען געקלאָגט — מירן נישט קענען גיין צו דער אַרבעט.

— קריגס-צייט! — האָט מאַיאָר מייער געענטפערט — ניכט צו מאַכען. —

---

דאָקטאָר גריגארי דאַווידאָוויטש גערן האָט אָפּגעוואַשן מיט סובלימאַט זיינע פאַרבלוטיקטע הענט פון די אָפּעראַציעס און פאַרבאַנ־דאַזשירונגען, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער כירורגישער „פאַלאַטע" און אַריבערגעקראָכן איבער דעם צעריסענעם פלויטל פון שטעכעדיקער דראָט צו דער „אַנשטעקנדיקער פאַלאַטע", פון וועלכער עס האָבן אַראָפּגעשריגן שוואַרצע סמאָלעדיקע קרומע ווערטער — „פאָרזיכטיג, פיבער!"

אַן אויסגעפּוצטער סאַניטאַר, אַ בלאָנדער אָנגעבלאָזענער קליינ־געוווקסיקער דייטש, אויסגעצירט פון אַלע זייטן מיט רויטע קרייצלעך אויף די עפּאָליעטן, אויפן היטל, אויף די אַרבל, אויף די קנעפּ, ענלעך צו די טעקטורענע סאָלדאַטעלעך, וואָס מען פאַרקויפט אין מאַ־גאַזינען פון קינדערישער שפּילצייג, — האָט אָפּגעשטעלט ד"ר גרי־גארי דאַווידאָוויטש ביי דער טיר מיט אַ דין קווישיק שטימעלע:

— גריס גאָט! — הערר דאָקטאָר! — גוט מאָיען!

— גוט מאָרגען! — גוט מאָרגען! — האָט דאָקטאָר גריגארי דאַווידאָוויטש געענטפערט מיט אַ האַרטן רוסישן „ריש" — וואָס ברינ־גען זי גוטס?...

— פלאַקאַטע, הערר דאָקטאָר! — האָט דער אויסגעפוצטער דייטש געענטפערט. — שענע נויע פלאַקאַטע...

ד״ר גריגארי דאַווידאָוויטש האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— ווידער פלאַקאַטען?

טאָג-טעגלעך איז ער געקומען דער זעלבער סאַניטאַר און גע־ברענגט אים פלאַקאַטן, אויפשריפטן, סאַניטאַרע פאַראָרדנונגען.

אין שפּיטאָל איז נישט געווען קיין שטיקל גאַזע, קיין וואַטע, קיין לייוונט. אַפילו האָלץ צו הייצן איז נישט געווען גענוג. נאָר דער שטאַב-אַרצט מיט די רויטע בעקעלעך האָט זיך דערפון גאָרנישט געמאַכט. אויף ד״ר גריגארי דאַווידאָוויטשס טענות איז געווען איין ענטפער:

— קריגס־צייט! — ניכט צו מאַכן.

דערפאַר האָט מען נישט געקאַרגט קיין פלאַקאַטן. טאָג-טעגלעך האָט דער אויסגעפוצטער אָנגעבלאָזענער סאַניטאַר געברענגט גאַנצע פּעק אַזעלכע — און ד״ר גריגארי דאַווידאָוויטש האָט זיי שוין נישט געהאַט ווו אויפצוהענגען. אַלע ווענט זענען שוין געווען באַקלעפּט מיט זיי.

— גוטען טאַג! — האָט דער סאַניטאַר געזאָגט און אַוועק מיט געמאָסטענע טריט, שטאָלץ מיט זיין וויכטיקער שליחות.

— פלאַקאַטען—האָט ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש געמורמלט און אַריין אין „פּאַלאַטע״, אין לאַנגן טונקעלען באַראַק.

— זדראַוו, גאָלובטשיקי! — האָט ער געזאָגט צו די בינטלעך שרוי, פאַרדעקט מיט שינעלן און שמאַטעס.

קיינער האָט נישט געענטפערט. בלויז פון טייל בינטלעך האָבן זיך אַרויסגעשאַרט קעפּ, געל-וואַקסענע קעפּ, אַ בליק געטון מיט צוויי גרויע אָדער בלויע אַפּלען און צוריק זיך איינגעקנוילט אין שטרוי.

ד״ר גריגארי דאַווידאָוויטש האָט אָנגעהויבן גיין פון איין בינטל שטרוי צום צווייטן, אַראָפּגעבויגן זיך ביי יעדן צו דער ערד.

- נו שטאָ, גאָלובטשיק? — דער קאָפּ טוט וויי?

— ווי — האָט אַ שטילע שטים אים געענטפערט.

— די ביינער?

— ווײ

— די צונג אַרויס!

— כרינקען! — האָט די קנויל געענטפערט און נישט געוויזן די צונג.

אַנדערע בינטלעך שטרוי האָבן גאָרנישט נישט געענטפערט, בלויז קרעכצן האָבן זיך פון דאָרטן געטראָגן. און פון איינעם אַ בינטל האָט זיך גאָר אויפגעהויבן אַ פאַרשוין אין די בלויזע הויזן, אָן אַ העמד, און מיט ווילדע שפרונגען געלאָזט זיך איבערן באַראַק.

— ריעזיאַט! — האָט ער געשריגן און געשטשירעט מיט די ציין — דאַיטיע ריעזיאַט, ראָדניע!

— פעלטשערי! — האָט ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש גערופן און אָפּגערוקט זיך אין אַ זייט, אויס מורא פאַרן האַלב־נאַקעטן וואַנזיניקן סאָלדאַט.

נאָר קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

— סאַניטאַרי! -- האָט ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש גערופן נאָך העכער — לובענקאָ! מאַקולין!

נאָך לאַנגע רופענישן האָבן זיך געבראַכט צו שלעפן צוויי אָפּ־געריסענע פאַרשלאָפענע סאָלדאַטן אַזוי לאַנגזאַם און פויל, ווי זיי וואָלטן דאַרפן גיין צו דער תליה.

— פאַרוואָס גיט איר נישט אַכטונג אויף אים? — האָט ד״ר גרי־גאָרי דאַווידאָוויטש געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף דעם האַלב-נאַקעטן פאַר־שוין — ער איז דאָך ווילד פון היץ.

— מיר האָבן אים שוין צוויי מאָל געגעבן אין די ציין—האָבן ביידע „סאַניטאַרן״ געענטפערט מיטאַמאָל — נאָר עס העלפט נישט.

— ווער האָט אייך געהייסן געבן אין די ציין? — האָט ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש זיך געבייזערט — אַכטונג געבן אויף אים דאַרף מען.

— עס וועט נישט העלפן! — האָט איין סאַניטאַר געזאָגט — מען דאַרף אים נאָר די זייטן אונטערקלאַפּן, וועט ער נישט קענען אַרומלויפן. אַזוי איז עס שוין!

— נאַראָד טאַקאָי! — האָט דער צווייטער צוגעגעבן — אָן קלעפּ פאַרשטייט ער נישט...

ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און אַוועק ווייטער צו אַנדערע קופּעס שטרוי.

— עסן! — האָט מען גערופן צו אים פון אַלע זייטן — ברויט!

ער האָט אויסגעפּרעגט אויפן קאָפּ, אויף די ביינער, געוואָלט אַרונטערזעצן דעם טערמאָמעטער אונטער אַן אָרעם, נאָר קיינער האָט אים נישט געוואָלט הערן אַפילו.

— עסן! — האָט מען גערופן

— ברויט! — האָבן דאַרע הענט געבעטן — אַ שטיקעלע כאָטש!

צום לעצט איז ער געקומען צו לערנערן.

— אָך! און איר זענט געקומען צו גאַסט? — האָט ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש געשפּאַסט, אָנקוקנדיק דעם באַקאַנטן יונגנמאַן, וואָס האָט אים דעמאָלט באַנאַכט אַוועקגעגעבן אַ העמד אויף באַנ־דאַזשן — אַנו, ווייזט די צונג!

— גיט איר בעסער אַן אויער, דאָקטאָר — האָט לערנער שטיל געזאָגט און דערלאַנגט אים דעם פּולס — בויגט זיך צו עטוואָס!

גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך וועלן צוהערן צום פּולס. לערנער האָט זיך אויפגעזעצט, אויסגעבויגן זיך אַזוי, אַז זיין מויל זאָל אויסקומען ביים דאָקטאָרס סאַמע אויער, און שטיל געזאָגט:

— אָרדנט מיך איין אין אַ זייט, לעבן אַפּטייקל. פאַראַן אַ סך צו רעדן.

ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט אים געגעבן אַ בליק אין די אויגן, דורכגענומען אים אינגאַנצן און געזאָגט די סאַניטאַרן:

— פירט אַריין, קינדער, דעם קראַנקן צו מיר אין אַפּטייקל — און שטרוי ברענגט פריש, מאַכט אַ געלעגער לעבן אַפּטייקל.

ווי נאָר דאָס לייכטע טירל פון אַפּטייקל האָט זיך פאַרמאַכט, איז לערנער גלייך צוגעטראָטן צום עסק.

— אַ שטיקעלע ברויט, דאָקטאָר — האָט ער געבעטן — איך חלש פאַר הונגער.

און קייענדיק דאָס האַרטע שטיקל ברויט, וואָס דער דאָקטאָר האָט אים אַרויסגענומען פון אַ שופלעדל און ס'האָט געשמעקט מיט

רפואות, האָט ער איבערגעגעבן וועגן וואָס ער איז געקומען.

— די יידן מיט די פּאָליאַקן האָבן מיר — האָט ער פאַרענדיקט מיט דעם פּעלצס רייד, נאָר מיט אַן אייגענעם ברען — מען מוז אומ-באַדינגט האָבן די רוסן...

ער האָט געקוקט פאָרשנדיק אויף ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש, צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק די ווערטער מאַכן אויף אים.

נאָר גריגאָרי דאַווידאָוויטש איז געבליבן דערזעלבער, וואָס פריער. קיין איין מוסקול האָט אין זיין פליישיק גוט פּנים אפילו קיין ציטער נישט געטון. ער האָט בלויז אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, גע-קוקט אויף אַ דייטשן פלאַקאַט לאַנג און אָנגעשטרענגט און ענדלעך געזאָגט עטלעכע געווינלעכע דאָקטאָרישע רייד.

—היט זיך יונגערמאַן, איר זאָלט דאָ קיין טיפוס נישט כאַפּן— האָט ער געזאָגט שטיל — ס׳לוינט נישט.

לערנער האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אָפענע אויגן — ער האָט געדענקט דעם פּעלצס ווערטער—אַן „אייגענער״—האָט ער אויף אים געזאָגט. ער האָט זיך דערמאָנט אין יענער נאַכט, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל אים געזען שטייענדיק אָנגעבויגן מיט אַ נישט דאָק-טאָריש צעווייטיקט פּנים איבער דעם הויכן יונגנמאַן מיט די צע-קוועטשטע פּיס—און ער איז געוועזן ענטטוישט.

נישט אַזאַ ענטפער וועגן אויסהיטן זיך פון טיפוס האָט ער ער-וואַרט—ער האָט ווייטער געקוקט דעם דאָקטאָר אין די אויגן, געוואַרט אויף עפעס. ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט אים אָנגענומען אונטער דער האַנט, אַריינגעפירט אין באַראַק, אָנגעוויזן אים אויפן פרישן שטרוי, וואָס איז געלעגן שוין גרייט פאַר אים האַרט ביים אַפּטייקל, און אָנגעזאָגט אים נאָכאַמאָל:

— לאָזט וואָס ווייניקער צו די סאַניטאַרן צו זיך, די געפער-לעכסטע טיפוס־פאַרשפּרייטער זענען זיי.

און לערנער איז געזעסן אין שטרוי און געקוקט מיט פאַרווונ-דערטע בליקן אויף דער פליישיקער פּלייצע פון אַוועקגייענדיקן דאָקטאָר.

איבער אים האָט אַ ווייסער נומער, געשריבן מיט קרייד, אַראָפּ-

געקוקט פון דער שוואַרצער וואַנט.

אַליין גישט ווייסנדיק צוליב וואָס, האָט אים לערנער איבערגע־לייענט אויפן קול.

— הונדערט איין און זעכציק! — האָט ער געזעדט צו זיך אַליין.

## קאפיטל VIII

# גריגאָרי דאַווידאָוויטש

דאָקטאָר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים גרויסן הילצערנעם טיש, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען אַ סך פלעשלעך אורין, באַקלעבט מיט פּאַפּירלעך. ער האָט אָנגעגאָסן פון די פלעשלעך אין די גלעזערנע רערלעך, אַריינגעזעצט אַ גלעזערן רערל אין אַ בלעכן מאַשינדל, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צום ברעג טיש, און געדרייט עס גיך אין דער לופט.

פונקט אַזוי שנעל ווי דאָס בלעכערנע מאַשינדל — האָבן זיך גע־דרייט זיינע געדאַנקען אין קאָפּ.

דאָס פּלוצלינגדיקע ערשיינען פון לערנערן, זיינע הייסע רייד האָבן אים אַרויסגעבראַכט פון זיין געוויינלעכן שווערן און יאושדיקן אָרט לעבן אין געפאַנגען־לאַגער.

ער האָט נישט אויפגעהערט ציען נערוועז ביים בערדל, ביים גרוילעכן בערדל זיינעם, וואָס האָט נאָך פרידלעכער און ווייכער געמאַכט זיין אַזוי אויך גענוג גוטן אויסזען.

ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט איבערגעלעבט איצט שווערע צייטן. שווערע צייטן האָט איבערגעלעבט דאָס גאַנצע געפאַנגען־לאַגער, וואָס איז געווען אויסגעבויט ביי דער ווייסל.

די הונדערט פופציק גראַם ברויט, וואָס איז ביז איצט באַשטימט געווען פאַר אַ געפאַנגענעם, זענען לויט אַ באַפעל פון גענעראַל־שטאַב פאַרקלענערט געוואָרן אויף ניינציק. אויך די פּאָרציעס קאַרטאָפל זע־גען פאַרקלענערט געוואָרן.

— נישט שיילן קיין קאַרטאָפל — איז געווען אַ באַפעל — נאָר צעהאַקן זיי מיט די שאָלן און אַזוי קאָכן.

אין שפּיטאָל איז גאָר געווען שלעכט. אפילו פּאַפּירענע באַנ־

דאַזשן און וואַטע, וואָס פֿלעגן זיך רייסן, נעצן און גיך פֿוילן, האָט מען אַרויסגעגעבן אין אַ באַגרענעצטער צאָל.

— שפּאַרען! — האָט דער שטאַב־אַרצט מיט די רויטע בעקלעך געשריגן — היגיעניש אונד שפּאַרזאַם!

ד"ר גריגאַרי דאַווידאָוויטש האָט אים געפּרוווט אַריינפֿירן אין באַראַק.

— האַבע די עהרע, הערר דאָקטאָר! — האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש געזאָגט און געוויזן אים די געלעגערס פֿאַרפֿוילטע שטרוי, די געלע חולאים, האַלב־נאַקעטע, אָפּגעריסענע, שמאַטעדיקע — ביטע...

דער אַלטער שטאַב־אַרצט, דער אויסגעצויגענער דייטש מיט די רויטע בעקלעך ווי ביי אַ מיידל, האָט זיך אָפּגערוקט גיך הינטער זיך ווי פֿון אַ מגפֿה און אָנגעשריגן אויף גריגאָרי דאַווידאָוויטשן.

— זי זינד גאַנץ פֿרעך! — האָט ער געוואַלדעוועט און געטופּעט מיט די פֿיס — זי דענקען יאַ, דאַס וויר זאָגטט קיינע זאָרגע האַבען אַלס רוססען צו פּפֿלעגען!

און ער איז אַוועק פֿון שפּיטאָל אָן זיין געוויינלעכן קאַלטן „אַדיע".

די אַרבעט ביי די געפֿאַנגענע איז געגאַנגען שטאַרק, שטאַרקער ווי אַלעמאָל. גאַנצע טעג האָט מען געגראָבן, געלאָדנט קוילן אין וואַגאָנעס, געהאַקט שטיינער אויף די שאָסייען, וואָס שטייען אָפֿן צו אַלע ווינטן און קעלטן, נישט באַקומענדיק אפֿילו קיין לייוונטן שוך־ווענטל זיך צו פֿאַרשטעלן.

טאָג-טעגלעך זענען נייע צוגעקומען אין שפּיטאָל. מ'איז געקומען מיט צעריבענע פֿינגער, מיט צעקוועטשטע פֿיס, מיט צעדראַפּעטע קניען. דער טיפֿוס האָט געברענט. אָבער ערגער פֿון אַלץ איז געווען מיט די געשוואָלענע. מיטאַמאָל פֿלעגט אַן אַנדערער אָנהויבן גוט אויסזען; דאָס דאַרע פּנים איז געוואָרן פֿול, די שטיוול זענען געוואָרן ענג און נאָר בלויז די אויגן האָבן אָנגעוווירן דעם גלאַנץ און געקוקט גלעזערנדיק, שטאַר. אין שפּיטאָל איז געוואָרן אַלץ ענגער, געדיכטער. אפֿילו אויף דער הוילער ערד האָבן אויסגעפֿעלט ערטער. איין גליק איז געווען, וואָס נאַכט ביי נאַכט האָט אַן אַנדערער אויס־

געצויגן די פיס און די סאָלדאַטן האָבן אים אַוועקגעטראָגן צום־לייַ־מיקן טאָל, אַוועקגעשטעלט אַ צלם פון צוויי צעבראָכענע שטיקלעך צווייגן, און אַן אַנדערער האָט פאַרנומען זיין ביסל צעקנאָדערט שטרוי אין דער פאַלאַטע.

גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט געאַרבעט גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט. ער איז נישט אָפּגעטרעטן פון שפּיטאָל, געווען אומעטום אַליין, — נאָר נישט דאָס האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטשן געפּייניקט.

אַמבעסטן האָט זיך גריגאָרי דאַווידאָוויטש געפילט ביי דער אַר־בעט. וואָס מער פאַרנומען ער איז געווען, וואָס מער ער האָט גע־דאַרפט לויפן פון איין חולה צום צווייטן, איינעם איינגעבן כינין, אַ צווייטן פאַרבאַנדאַזשירן, אַ דריטן באַטראַכטן, אַלץ בעסער האָט ער זיך געפילט, אַלץ מער אינהאַלט האָט געהאַט זיין לעבן, אַלץ פולער זענען געווען זיינע שעהן.

געליטן האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש פון אַנדערע זאַכן — אים האָבן געמאַטערט ספקות, אים האָט געפרעסן די ענטטוישונג.

דאָס פלוצלינגדיקע דערשיינען פון לערנערן, זיינע הייסע יונגע גלויביקע רייד האָבן זיך איין זיין יאושדיקן קאָפּ אַריינגעריסן און דאָרט עפּעס צעשטערט, צעשטערט דעם זיכערן יאוש, וואָס האָט זיך שוין אַ צייט דאָרטן באַזעצט, און ער איז אומגעגאַנגען אַ צעטראָגע־נער, אַ פרעמדער, ווי אַ לונאַטיקער.

פאַר די אויגן זענען אים כסדר געשטאַנען לערנערס רייד: — „די יידן מיט די פּאָליאַקן האָבן מיר, מען מוז אומבאַדינגט האָבן די רוסן”.

און ער האָט געקוקט פאַר זיך מיט זיינע טריבע אויגן דורך די קלאָרע גלעזלעך פון די ברילן.

ד"ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָבן לערנערס רייד נישט אָפּגע־שראָקן, ער איז קיין מוראדיקער נישט געווען.

גריגארי דאַווידאָוויטש איז אויסער מעדיצינער געווען רעוואָלוצ־יאָנער. מער רעוואָלוציאָנער ווי מעדיצינער.

נאָך אין די יונגע יאָרן, זייענדיק אַ סטודענט אין דער שווייץ, איז ער מער געגאַנגען אויף פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס, ווי אין אוניווערזיטעט. אָנשטאָט גיין אין פּראָזעקטאָריום און צעגלידערן

טויטע קערפערס, איז ער געגאַנגען צווישן קרייזלעך און געגלידערט דאָס לעבן; אנשטאָט פאָרן זומער אין די בערג און אָפּרוען, האָט ער געשוואַרצט די רוסישע גרענעץ, איינגעגייט אין אַלע מלבושים פּראָקלאַמאַציעס, איינגעפּאַקט אין אַלע וואַליזעס ליטעראַטור און געפאָרן איבער רוסישע שטעט.

און אַז אים איז אויסגעגאַנגען געלט, האָט ער געשיקט בריוו צו זיין טאַטן דעם גביר קיין קישעניעוו און געבעטן געלט אויסערן געהאַלט.

דער פאָטער זיינער האָט געשיקט געלט מיט בריוו צוזאַמען.

— הוליע אַ ביסעלע ווינציקער — האָט ער אים געשריבן — לערן בעסער, לערן, וואָרים איך ווער אַלץ עלטער און כ׳וואָלט נאָך וועלן האָבן נחת פון דיר ביים לעבן, זעען דיך אַ דאָקטאָר נאָך איידער איך שטאַרב...

ווי אַזוי עפּעס „טון״ — האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש אויך געוווסט. נישט איינמאָל האָט ער „געטון״ אין פאַבריקן, געאַרבעט צווישן אַרבעטער. ווען ער איז שוין געווען דאָקטאָר און געקומען קיין קישעניעוו צום רייכן טאַטן זיינעם, האָט ער גלייך, אָנשטאָט עפּענען אַ קאַבינעט, אָנגערעדט די פּויערים, די אַרבעטער פון זיין פאָטערס פאַבריק, צו אַ שטרייק.

פאַר תּפיסה האָט גריגאַרי דאַווידאָוויטש אַמווייניקסטנס מורא געהאַט — גריגאָרי דאַווידאָוויטש איז מער געזעסן אין תּפיסה ווי אויף דער פריי.

אין תּפיסה פלעגט ער לערנען, שטודירן, און יעדעס מאָל, וואָס מען האָט אים אויפסניי אַרעסטירט, האָט ער אָפּגערוט.

— איך בין אָנגעקומען אין אַ נייער שולע — האָט ער געשריבן צו זיינע חברים.

גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט נישט מורא געהאַט. גריגארי דאַווידאָוויטש האָט געצווייפלט אין מענטש. נישט געגלויבט אין אים. און ער האָט געקוקט מיט טריבע אויגן דורך די לויטערע שייבלעך פון זיינע ברילן, מיט פרעמדע אויגן, ווי אַ לונאַטיקער.

די באַראַקן האָבן אים געשטיקט, ער האָט זיך געפילט ווי לעבעדיק באַגראָבן אין קבר.

ער האָט געטון זיין מעדיצינישע אַרבעט מעכאַניש.

נישט לאַנג אַז גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט געלעבט אַזאַ לעבן. פון אַלע צייטן איז גריגאָרי דאַווידאָוויטש געווען אַ מענטש אַ היי־סער, אַן אָנגעפּילטער, פול מיט גלויבן אין אַלעם, פול מיט ליבע צו אַלעם. אַפילו דאָס, וואָס ער האָט זיך פאַרנומען מיט מעדיצין איז געווען פון זיין גרויסער ליבשאַפט צו אַלעם.

אַרויסגייענדיק פון תּפיסה האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש פון דער מעדיצין גאָרנישט געדענקט. אין תּפיסה האָט ער געלערנט בלויז עקאָנאָמישע און בעלעטריסטישע ביכער. אַז מען האָט אים אָפּגעפירט קיין סיביר אויף „פרייע פאַרשיקונג" און אַ קראַנקע פויערטע איז געקומען צו אים קלאָגן זיך אויף בויך־ווייטיק, האָט ער איר געזאָגט, אַז זי ליידט אויף דער בלינדער קישקע, פאַרגעסנדיק גאָר, אַז די בלינדע קישקע ליגט גאָר אין אַ צווייטער זייט...

ער האָט נישט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט מעדיצין, ער האָט בעסער געוואָלט ווייטער שטודירן זיינע ביכער. און גענומען האָט ער זיך צו דער מעדיצין ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט געמוזט, ווען ס'לעבן האָט אים געצוווּנגען דערצו.

אַרום און אַרום אויף צענדליקער מיילן איז קיין איין דאָקטאָר נישט געווען, און פון אַלע זייטן איז מען געקומען זיך היילן. ער האָט נישט געוואָלט. ער האָט געזאָגט די פויערן:

— איך קען נישט—איך בין דער אייגענער מענטש, וואָס איר.

נאָר זיי זענען אים נישט אָפּגעטרעטן.

— שנייד, פאָטערל — האָבן זיי אים געזאָגט — איבערגעבנדיק אים זייערע קראַנקע אברים, — אַנישט וועלן מיר אַליין שניידן...

ער האָט זיך געשפּאַרט. נאָר אַז איינמאָל האָט אַ פויער אַרויס־גענומען אַ ראַזיר־מעסער און ביי אים אין שטוב אויפגעשניטן זיך אַן אָנגעלאָפענעם פינגער — האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש זיך גענומען פּראַקטיקירן.

אַלענפאַלס, רייגער, געשיקטער און בעסער, האָט ער געוווּסט, וועט ער דאָך דאָס מאַכן — און ער האָט אָנגעהויבן אָננעמען און שטודירן מעדיצינישע ביכער.

ער האָט געטון אַלץ. ער איז געווען אינערלעכער דאָקטאָר און

אקוליסט, כירורג און אַקושער. אַפילו ציין האָט ער געמוזט רייסן, פּאָקן שטעלן, היילן טריכאָמע און סיפיליטיקער, און אַמאָל אַפילו געמוזט ווערן אַ וועטערינאַר און ראַטעווען אַן אָרימען פּויער זיין איינציק חולה פערדל.

דאָס, וואָס דער גרעסטער ספּעציאַליסט וואָלט זיך נישט אונ-טערגענומען מאַכן, האָט ער געטון. די נויטווענדיקייט האָט אים גע-הייסן. ס'האָט זיך אַ סך מאָל איינגעגעבן אויך. און ער האָט זיך ערנסט גענומען צו דער אַרבעט.

אין יענע יאָרן האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש שטאַרק געגלויבט אין די מענטשן, גאָר שטאַרק. די יאָרן פאַרשיקונג זענען ביי אים געווען נישט יאָרן פון שטראָף, נאָר יאָרן פון פרייד. די פּויערן האָבן אים פאַרגעטערט און ער די פּויערן. ער איז אַזוי געווען פאַר-נומען מיט זיי, אַז ער האָט דאָס לעבן אַרום זיך נישט געזען. ער האָט גאַנצע טעג געהיילט, געלינדערט, אַליין מעדיצינען געמאַכט, און דערביי געאַרבעט אין „פאָלק". — ביי יעדן געשפּרעך מיט אַ פּויער, מיט אַ פּויערטע, האָט ער געפירט אַגיטאַציע, אויפגעדעקט פאַר די סיבירער פּויערישע קעפּ דעם גיהנום פון זייער איצטיקן לעבן; דעם גן-עדן פון צוקונפטיקן לעבן.

די פּויערן האָבן אויסגעהערט אונטערטעניק זיינע רייד, צוגע-שאָקלט מיט די צעשויבערטע האָריקע קעפּ — און גריגאָרי דאַווידאָ-וויטש איז געווען אין זיבעטן הימל. דעם אמתן פּויער אין דאָרף, אין שענק, אין שטוב האָט ער נישט געזען. ער האָט געזען מענטשן אומגליקלעכע, קראַנקע, אונטערטעניקע, מיט דער ספּעציפישער הכנעה און הייליקייט, אין וועלכער עס פאַלט אַריין דער פּויער, ווען ער ווערט קראַנק און דערפילט זיך אַן איבעריקער אויף גאָטס וועלט.

און גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט זיי אַזוי ליב באַקומען, די פּויערן, אַזוי זיך איינגעלעבט מיט זיי, אַז ער האָט אַפילו נאָך דעם טערמין פון זיין פאַרשיקונג נישט געוואָלט אַוועקלאָזן זיין דאָרף. ער האָט פאַרגעסן זיין פאַמיליע, זיין שטאַם, זיין שפּראַך, און געפילט זיך אַ ברודער, אַן אמתער ברודער פון רוסישן פּויער. ער האָט גע-זען אין פאָלק בלויז שיינס, גרויסעס, דעם אַבסאָלוטן אמת, דעם גאַנצן מענטש. אַפילו אין זיין אויסערלעכקייט האָט זיך אַריינגעקליבן

דער רוסישער פּויער. ער האָט גערעדט זיין שפּראַך, געטראָגן זיינע מלבושים, איבערגענומען זיינע געוווינהייטן — און אַפילו אַ פרוי האָט ער זיך גענומען פון פאָלק — אַ רוסיש פאַרשיקט מיידל, אַ טאָכטער פון אַ דאָרפישן גלחל.

אַז די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זיך גריגאָרי דאַווידאָ־וויטש אַריינגעוואָרפן אין איר מיט ברען.

ער איז געווען דעמאָלט אין אויסלאַנד. ער האָט געמוזט דאָרט זיין — די חברים האָבן אים געשריבן, אַז פאַר אים איז דאָ אין אויסלאַנד וויכטיקערע אַרבעט ווי „אַרבעטן אין דאָרף" — אָבער דאָ ערשט האָט ער מער געלעבט מיטן דאָרף ווי פריער. אומעטום האָט ער געזען אין אויסלאַנד פאַרדאָרבנקייט, ליגן, פלאַכקייט, נאַרעריי, דעגענעררירונג.

וואָס ווייטער פון פּויער ער איז געווען, אַלץ מער לעגענדאַריש איז ער ביי אים אויסגעוואַקסן. ער האָט געשריבן ביכער וועגן רו־סישן פּויער, געגראָבן זיך אין זיין פסיכאָלאָגיע, אַריינגעדרונגען אין זיין נשמה, אויפגעדעקט אַלע באַהאַלטענע קעמערלעך פון זיין וועזן.

אַז עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות פון דער מלחמה, האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש נישט געקאָנט איינזיצן אין דער שווייץ.

— פאָרן! — האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי מאַריאַ וואַסיליעוו־נאַ — אַהיים!

זי האָט אים אָפּגערעדט, מאַריאַ וואַסיליעוונאַ. זי איז בכלל גע־ווען אַ קעגנערין זיינע. אַ טאָכטער פון אַ דאָרפישן גלחל, איז זי גאָר געווען אַ פאַרברענטע סאָציאַל־דעמאָקראַטקע, געגלויבט דער עיקר אין אַרבעטער, און זי האָט חוזק געמאַכט פון גריגאָרי דאַווידאָוויטשס פּויערן.

— דיינע פּויערלעך — האָט זי אים געזאָגט — לויפן איצט ווי די שעפּסן פאַר גאָט און דעם קיסר, נישטאָ וואָס צו פאָרן.

נאָר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט זיך פאַרשטאָפּט די אויערן, ווי אַ פרומער ייד, ווען מען רעדט צו אים אפּיקורסות.

— קענסט זיי נישט, מאַריאַ וואַסיליעוונאַ — האָט ער געזאָגט צו דעם פּויערישן גלחס טאָכטער — מיר טאָרן דאָ נישט בלייבן, ווען דאָס פאָלק בלוטיקט.

און זיי זענען אַוועק אַהיים.

— היילן און אַגיטירן — האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש געזאָגט און זיך צעשיידט מיט זיין פרוי. ער איז אַוועק צו מערב, צו די דייטשע און עסטרייכישע גרענעצן, און זי אויף מזרח, צו דער טער־קישער זייט.

ער איז געלאָפן צום פראָנט מיט פרייד. ער האָט געוווסט, וויפל מי און מאַטערניש עס קומט דאָס אָן צו „געווינען" אַ פויער, אַ משרת, און איצט נעמט גאָר צונויף ער, דער צאַר אַליין, די בעסטע כוחות פון פאָלק און שאַפט די גרעסטע אַגיטאַציע קעגן זיך, די רי־זיקסטע אויפקלערונג.

דער דעווויז „וואָס ערגער אַלץ בעסער" איז ביי אים געווען קלאָר, ווי צוויימאָל צוויי פיר, און ער איז געווען פול, גליקלעך!

ווידער איז ער געווען צווישן זיינע פויערן. אמת, ער האָט גע־ליטן דערפון, וואָס מען האָט אים צוגענייט אַ פּאָר אָפיצירישע עפּאָ־ליעטן און סאָלדאַטן האָבן זיך געשטעלט פאַר אים „פּאָדקאזיראָק" און גערופן „וויסאָקאָ־ראָדיע"—אים האָט דאָס געוויטיקט און לאַכעדיק געמאַכט גלייכצייטיק—אָבער פון דער צווייטער זייט האָבן אים די עפּאָליעטן געגעבן די מעגלעכקייט אומעטום אַריינצודרינגען, אומעטום צו זיין אַן אייגענער—און ער האָט געאַרבעט אומערמידלעך, „געהיילט און אַגיטירט", פאַרבאַנדיזשירט די וווּנד און אויפגעריסן די וווּנד; איינ־געהאַלטן דאָס לויפנדע בלוט און אַראָפּגעריסן דעם סוד, באַוויזן די שולדיקע אין פאַרגאָסענעם בלוט.

אָבער מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן ערוואַכן אין אים נייע געפילן, אַזעלכע פרעמדע און ווייטע.

ער איז דורכגעגאַנגען די פּוילישע שטעטלעך ביי דער עסטריי־כישער גרענעץ. ער איז אַריין מיטן מיליטער קיין גאַליציען, און ער האָט דערזען שרעקלעכע זאַכן פון זיינע פאַרגעטערטע פויערן. — זיי האָבן גערויבט, געשענדט, געפּייניקט, אָפּגעטון די שענדלעכסטע מעשים קעגן די געבויגענע יידן מיט די בערד און פיאות, באַגאַנגען די עקל־האַפטסטע מיאוסקייטן קעגן די יידישע טעכטער מיט די פאַרהילטע קעפּ.

גריגאָרי דאַווידאָוויטשן איז דאָס בלוט פאַרקילט געוואָרן פון

דעם, וואָס ער האָט געזען. ער איז געלאָפן, באַשיצט. ער האָט אויס־געניצט די צאַרישע עפּאָליעטן, צו וועלכע ער האָט געפילט אַזאַ שנאה, קעגן זיינע פויערן. ער האָט אַ סך געראַטעוועט, באַשיצט, אָבער זיין מי און מסירת-נפש איז געווען ווי אַ טראָפּן אין ים פון ווילדקייט און אכזריות.

און עפּעס מאָדנע געפילן האָבן אָנגעהויבן ערוואַכן אין זיין האַרץ צו די יידן מיט די לאַנגע זשיפּיצעס, צו די מיידלעך מיט די פאַרהילטע קעפּ.

ער האָט זיך געפּרוווט באַרויקן, באַנוצן דעם שכל, פאַרנונפט: מלחמה, דאָס פאָלק איז פאַרביטערט, ליידט. אויפגעהעצט פון די פּריצים און גענעראַלן, לאָזט ער אויס צו די, וואָס זענען גאָט די נשמה שולדיק. דער מוח האָט עס פאַרשטאַנען, אָבער דאָס האַרץ האָט נישט געוואָלט פאַרנעמען דאָס, וואָס דער מוח האָט געטראַכט. און אַ פאַרביטערטקייט, אַ שטילער צאָרן אַפילו, האָט אָנגעהויבן אָנ־פילן זיין האַרץ קעגן די, וואָס ר׳האָט ביז איצט אַזוי פאַרגעטערט.

ער האָט געקעמפט מיט זיך. ער האָט געזען אין זיינע בייע געפילן קליינלעכקייט, שאָוויניזם, וואָס מ׳דאַרף אויסרייסן ביזן וואָרצל. ער האָט געפּרוווט אָנווענדן די גאַנצע לאָגיק:

טויזנטער, הונדערטער טויזנטער פויערן, דער קרן פון דער גע־זעלשאַפט, קומט אום, היינט וואָס פאַר אַ ראָל שפּילט דאָס, וואָס אַ קלאַס פון קרעמער, ליידיקגייער, מענטשן, וואָס זענען סיי ווי סיי פאַרמשפּט פון דער געשיכטע אויף אונטערגאַנג—ווערן צעריבן צווישן די רעדער פון דער וועלט־באַוועגונג?

ער האָט זיך אַפילו געטרייסט מיט ליגן — „נישט ווייל עס זע־נען יידן—האָט ער זיך געזאָגט — טוט עס מיר אַזוי וויי, נאָר דער־פאַר, ווייל עס זענען מענטשן. איבעריקנס, זענען זיי זיך אַליין אַ ביסל שולדיק אויך — האָט ער אַ טראַכט געטון — זיי נוצן אויס דעם פאָלקס-אומגליק און קרעמערן, האַנדלען און באַרייסן".

אָבער ער האָט זיך אַליין איבערצייגט, אַז ער נאַרט זיך. נישט איינמאָל האָט ער געזען, ווי די זעלבע סאָלדאַטן באַגייען פאַרברעכנס קעגן רוטענער, פּאָליאַקן. אים האָט עס אויך געווייטיקט, ער האָט אויך געשיצט, אָבער ער האָט צווישן זיך און די געשלאָגע־

נע נישט געפילט דאָס, וואָס ער האָט געפילט אין די פּוילישע און גאַליצישע יידישע שטעטלעך. דאָס זענען געווען גאָר אַנדערע געפילן, נאָענטע, טיפע, אייגענע.

עפּעס אַלטע ערינערונגען, שוין לאַנג פאַרגעסענע, ערינערונגען פון טאַטע־מאַמע, חברים, משפחה, זענען אים געקומען אויפן געדאַנק. אַלטע בילדער זענען אויפגעשוואומען—יעדער מאַרק, יעדער יידיש איינגעהויקערט שטיבל, יעדער פּלומפּ איז אים געוואָרן היימיש, נאָענט. יידישע מנהגים, שמחות, יום־טובים, זענען געקומען אויפן זכּרון, געוועקט, גענאָגט. אַ נאָענטקייט, אַ שטאַרקע נאָענטקייט האָט זיך אָנגעהויבן ציען צווישן אים, דעם דאָקטאָר אין האָריקן שינעל מיט זיי — די געבויגענע יידן, וואָס טרעטן אים אָפּ מיט מורא דעם וועג; צווישן אים, דעם ברודער פון רוסישן פויער, מיט זיי, די יידישע פאַרהילטע ווייבער, וואָס לאָזן אַזוי פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן פאַר יעדן פאַרבייגייענדיקן רוסישן סאָלדאַט.

וואָס מער די נאָענטקייט איז געוואַקסן צו די פרעמדע יידן, אַלץ מער איז געוואַקסן די ווייטקייט צו די אייגענע פויערן.

און גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט דערפילט, אַז זיין גאַנצקייט ברעכט זיך, פאַלט זיך פאַנאַנדער.

אַריינפאַלנדיק אין געפאַנגנשאַפט, האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש זיך גענומען אין די הענט.

ער האָט זיך באַמיט צוריק צו באַקומען די גלייכגעוויכט זיינע.

ער האָט געהאַט נאָך איין טרייסט: — „אַלץ זיי—האָט ער זיך געטראַכט—אַלץ די אָפּיצירלעך, די פריצים, זיי זענען אין אַלעם שולדיק, ווען דאָס פאָלק איז אונטער זייער הערשאַפט, זעט מען עס מער אַליין נישט אַרויס, מען דאַרף עס זען אַליין, אינגאַנצן אַליין.

דאָ, אין געפאַנגענשאַפט, איז דאָס פאָלק געווען אַליין. ער מיטן פאָלק און דאָס פאָלק מיט אים. דאָרטן אויפן פראָנט האָט ער נישט געקענט זיין דאָס, וואָס ער איז. מען האָט אים, קעגן זיין ווילן, אָפּגעטיילט פון פאָלק, געמאַכט פון אים אַ מענטש פון „הויכן שטאַנד", אָנגעטון אים אָפיצירישע עפּאָליעטן—און יעדע דערנענטערונג האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, געצויגן אויפמערקזאַמקייט.

דאָ אין די באַראַקן איז קיין שטערונגען מער נישט געווען.

דער שפּיטאָל איז געווען אינגאַנצן גריגאָרי דאַווידאָוויטשעס. ער האָט געהאַט רעכט צו טראָגן זיינע אָפיצירישע קליידער, די דייטשן האָבן אים נישט געשטערט, אָבער ער האָט זיי אַליין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך. ער האָט אַראָפּגעריסן די עפּאָליעטן, דעם אָפיצירישן צייכן פון היטל.

די סאָלדאַטן האָבן, לויט זייער אַלטער געוווינהייט, זיך גע־שטעלט „פּאָדקאָזיראָק", געזאָגט ביי יעדעס וואָרט:

— טאַק־טאָטשנאָ, וואַשע וויסאָקאָראָדיע.

האָט זיך גריגאָרי דאַווידאָוויטש געכאַפּט ביי די אויערן.

— נישט רוף מיך אַזוי, גאָלובטשיק — האָט ער זיך געבעטן און מיט געוואַלד אַראָפּגענומען דעם סאָלדאַט די האַנט פון שטערן — וואָס פאַר אַ „וויסאָקאָראָדיע" בין איך! גריגאָרי דאַווידאָוויטש רופט מען מיך, אי באַלשע ניטשעוואָ!

צוזאַמען מיט די עפּאָליעטן, האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש גע־גלויבט, פאַלט אַראָפּ יעדער וואַנט, יעדער מיספאַרשטענדעניש, יעדער אומצוטרוי, און ער האָט זיך גענומען אַרבעטן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש.

ער האָט געהיילט, געטרייסט, געלאָפן צום שטאַב־אַרצט בעטן, כאָטש מ'האָט אים אָפּגעזאָגט. ער האָט אַליין געמאַכט מעדיצינען, און אפילו, ווען ער האָט שוין גאָרנישט געקאָנט טון, איז ער אַזוי אָפּגעזעסן אין שפּיטאָל, אויסגעפרעגט, געטרייסט, געלינדערט, מיט די פעלטשערס, דינער און סאַניטאַרן איז ער געווען גלייך. ער האָט אפילו אַליין איינגעפירט די ערשטע „פּאָלקס־וואַלן". די סאָלדאַטן אַליין זאָלן צווישן זיך אויסוועלן דינער און סאַניטאַרן.

ער האָט אָפּט געגעסן צוזאַמען מיט די קראַנקע, נישט אויס־נוצנדיק זיין פּריווילעגירטע לאַגע אַלס דאָקטאָר. ער האָט זיך נישט פאַרגונען אַראָפּצושלינגען דעם ביסן, פאַרנוצן די גרעסערע פּאָרציע ברויט, וואָס ער האָט באַקומען. ביי אים איז אויסגעקומען אַ פאַר־ברעך, אַז ער זאָל עסן מער ברויט פאַר זיי, די פויערן, די שעפער פון ברויט. אים איז שווער געווען צו שלאָפן אויפן בעטל זיינעם אין אַפּטייקל אין דער צייט, ווען די קראַנקע וואַלגערן זיך אין שטרוי אויף דער ערד.

אָבער וואָס מער ער האָט געזוכט די דערנענטערונג, אַלץ מער איז געקומען די דערווייטערונג. וואָס מער ער האָט געזוכט צוטרוי, אַלץ מער איז געקומען פאַראורטייל. וואָס מער ער האָט זיך באַמיט איינצופלאַנצן צווישן די געפאַנגענע קעגנזייטיקע ליבע, ברודערלעכע באַציונג, אַלץ מער איז געקומען קעגנזייטיקע שנאה, פרעמדקייט. די סאַניטאַרן מיט די דינערס האָבן נישט אָפּגעהיטן די קראַנקע; איינער ביים צווייטן האָט געגנבעט די פּאַרציע ברויט פון צוקאָפּנס; מען האָט געשפּילט אין קאָרטן, געזידלט זיך; אַ געזונטערער האָט דעם קראַנקן נישט געוואָלט דערלאַנגען קיין טרונק וואַסער, נישט גל יך מאַכן דאָס שטרוי-געלעגער. עס האָט דערגרייכט דערצו, אַז מען האָט נישט געוואָלט איבערטראָגן אַ קראַנקן אויף דעם טראָג-בעטל. שווער־קראַנקע זענען געלעגן אין אומריינקייט און די סאַניטאַרן האָבן זיי נישט געוואָלט אָרומוואַשן.

מען האָט געוואַרט אויף יענעמס טויט, כּדי אַראָפּצוציען פון אים די שמאַטעס פון לייב. מען האָט זיך געריסן ביי אַ טויטן ווי די היענעס — און ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט מען פיינט געהאַט, אויסגעלאַכט, נישט געוואָלט פאָלגן אַפילו.

— עטא סאוסיעם ניע וראטש — האָבן די סאָלדאַטן געזאָגט — עטא טשאָרט זנאַיעט שטאָ!

און זיי האָבן אים נישט געוואָלט ווייזן די צונג צום באַטראַכטן.

— „באבא״ — האָבן זיי געזאָגט כּמעט אים אין די אויערן.

און גריגאָרי דאַווידאָוויטש איז געווען פאַרצווייפלט, געבראָכן אינגאַנצן.

אין אַזאַ צייט איז לערנער אָנגעקומען אין שפּיטאָל אַריין צו דאָקטאָר גריגאָרי דאַווידאָוויטש.

לערנער האָט אָפט געפירט איצט געשפּרעכן מיט גריגאָרי דאַ־ווידאָוויטשן.

כּמעט יעדן טאָג האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש געהאָלפן לערנערן אַריינשאַרן זיך צו זיך אין אַפּטייקל, כּלומרשט צו באַטראַכטן, און געפירט מיט אים געשפּרעכן.

פריער, איידער לערנער איז געקומען, האָט גריגאָרי דאַווידאָ־וויטש געפירט געשפּרעכן מיט אַן אַנדער פּאַציענט זיינעם, מיט דעם

יונגגמאַן מיט די צעפּלאַטשטשע פּיס — און דאָס האָט נאָך מער אים אַראָפּגעוואָרפֿן אין די אויגן פֿון די געפֿאַנגענע.

די סאָלדאַטן האָבן אים באַכגעשפּעט, דעם יונגגמאַן. זיי האָבן אים נאָכגעקרימט זיינע קראַמפּהאַפּטע ווייטיקן.

— וואַי, וואַי — האָבן זיי אים נאָכגעמאַכט.

זענען דעריבער זיינע ווייטיקן גריגאָרי דאַווידאָוויטשן נאָך נענטער געוואָרן, נאָך אייגענער. ער איז אָפט צוגעגאַנגען צו אים, געזעסן ביי אים און אַפילו אָנגעהויבן רעדן מיט אים אויף זיין אַלט־פֿאַרגעסענעם בעסאַראַבער יידיש.

— נו, וואָס יונגערמאַן? — האָט ער אים געפֿרעגט מיט אַ באַ־זונדער הנאה פֿון יעדן וואָרט, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט — איר טיערפּיעט נעבעך, האַ?

ביסלעכווייז האָבן זיי זיך פֿאַנאַנדערגערעדט אַלץ מער און מער. ער איז געווען אַ שטיק משכּיל, דער יונגערמאַן מיט די צע־פּלעטשטע פּיס, ער האָט געקאָנט אויף אויסנווייניק דעם מורה־נבֿוכים, דעם כּוזרי, און ער האָט מיטן דאָקטאָר אַ סך ויכּוחים געפֿירט.

די געפֿאַנגענע זענען געווען אויסער זיך.

— שטאָ זשיד? — האָבן זיי זיך געוווּנדערט, הערנדיק גריגאָרי דאַווידאָוויטשס פֿרעמדע רייד — און גלייך אים גענומען נאָכשפּעטן.

—טאַר, טאַר, טאַר,—האָבן זיי נאָכגעקרימט — טאַר, טאַר, טאַר!

איצט האָט ער געפֿירט געשפּרעכן מיט לערנערן—די געשפּרעכן זענען נישט געווען אַזעלכע איידעלע, ווי פֿריער. לערנער האָט גע־רעדט פֿון פּשוטע זאַכן, פֿון דער בריק, פֿון די דייטשן, פֿון די אַרבעטער. ער האָט גערעדט מיט היץ, דערציילט וועגן די ערפּאָלגן אויף דער בריק, און פֿאַרענדיקט אַלע מאָל דאָס זעלבע:

— איצט מוז מען אומבאַדינגט האָבן די רוסן.

נאָר גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט דערויף נישט געענטפֿערט און גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש.

— זעט נאָר, איר זאָלט נישט כאַפּן קיין טיפֿוס — האָט ער אים געוואָרנט — עס לוינט נישט.

לערנער האָט אים נישט פֿאַרשטאַנען. ביי אים איז איצט דער עיקר געווען די „זאַך". — אויב ער וואָלט נישט געוואָלט קראַנק ווער

איצט, איז נאָר דערפאַר, עס זאָל נישט שטערן צו דער זאַך. ער האָט גריגאַרי דאַווידאָוויטשס וואָרענישן נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

— פּריטשאַם טוט מאַי טיף? — האָט ער געזאָגט מיט כּעס — דאָס איז נישט וויכטיק.

— פאַרוואָס? — האָט גריגאָרי דאַווידאָוויטש געזאָגט — זייער וויכטיק!

ער האָט באַטראַכט לערנערן, געקוקט אויף אים דורך זיינע לויטערע גלעזלעך פון די ברילן און געזאָגט:

— דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס מיר איז נאָך פאַרבליבן — צו לינדערן יסורים און פאַרהיטן פון יסורים.

ער האָט זיך איצט אַרומגעטראָגן מיט נייע געדאַנקען, געדאַנקען, וועלכע ער פלעגט הערן פון גרויס־האָריקע, בלאָנד-בערדיקע אידעאַליסטן און פון וועלכע ער און זיינע חברים פלעגן חוזק מאַכן.

„נישט טון קיין שלעכטס, נישט געגנשטעלן זיך קיין שלעכטס.״

לערנערן זענען אַזעלכע געדאַנקען געווען פרעמד, ווייט, קאָמיש. און אים איז שוין בעסער געווען ליגן אין שטרוי, ווי זיצן ביי גרי־גאָרי דאַווידאָוויטש אין אַפּטייקל. — כאָטש אין שפּיטאָל איז אויך גע-ווען נישט גוט.

מיט לערנערס אָנקומען האָט זיך די שנאה צווישן די סאָלדאַטן געשטאַרקט. צו אָפט האָט ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש אַריינגעפירט דעם „נייעם״ צו זיך אין אַפּטייקל; צו אָפט איז גריגאָרי דאַווידאָ-וויטש צוגעגאַנגען צו זיין געלעגער, געטאַפּט ביים פּולס און גע-רעדט, גערעדט אויף דער פרעמדער ווילדער שפּראַך, און די סאָל־דאַטן האָבן געשפּיגן דורך די ציין אין שטרוי אַריין.

— שטאָ גאַוואָריאַט? — האָט איינער געפרעגט דעם צווייטן.

—דאַ טשאָרט איך זנאַיעט — האָט דער צווייטער געענטפערט— הערסט נישט מער, ווי טאַר־טאַר-טאַר — און דאָס איז אַלץ.

זינט לערנער איז דאָ אַריינגעקומען, האָבן זיי נישט אויפגעהערט רעדן פון פּראָנט, פון קוילענען און פון יידן.

— דאַוואַי פּאָהאַוואַרים! — זאָגט דער עולם צו וואַלאַדקאַ שוס־טאַק, אַ ריזיקן געשטופּלטן סאָלדאַט מיט זעקס פינגער אין יעדער

האַנט און אַ גרויסער בריה אויף דערציילן מעשיות — דאַוואַי, וואַ-לאַדקאַ, דאַוואַי...

וואָלאַדקאַ פאַררוקט דאָס באַראַנקאָווע היטל אויף די אויערן אַרויף. אַרום אים זעצט זיך אַרום אַ קופּקע סאָלדאַטן. געלע, אויס־געדאַרטע, פאַרהילטע אין צעריסענע שינעלן, זעצן זיי זיך אויס אויף דער ערד מיט די פיס הינטער זיך, צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן און הערן.

—ניעמיעץ נאראד סלאב — הויבט אָן וואָלאַדקאַ — מיט איין קלאַפּ האָב איך איינעם צעשפּאָלטן אויף דער העלפט, ווי אַ שעפּס...

— און איך וואָלט דאָס נישט געקענט — רופט זיך אָן אַ צווייטער — ווי אַ שעפּס איבערהאַקן קאָנען נאָר גרוזינער. — איך האָב בעסער ליב אַרבעטן מיטן באַגנעט אין בויך... אָט אַזוי א...

— און איך — זאָגט אַ דריטער — האָב קיין דייטשן אינגאַנצן נישט געשניטן. נישט אויסגעקומען. בלויז איין מאָל אַן עסטרייכער אָפּגעשינדן...

— נו, עסטרייכער — לאַכט מען — עסטרייכער דאָס זענען גאָר טינופת — אַ פּאַסקודנער פאָלק — טראָגן אַזעלכע קאָמעדיאַנטישע היטעלעך...

— אַלץ בעסער ווי יידן.

— יידן... זיי פלעג איך הרגענען ווי די פליי...

— מאַסן געווען זייערע אין גאַליציען.

— איך אַ זשידאָווקע צעקוועטשט מיט די ממזרים — נישט געוואָלט געבן קיין בראָנפן...

— און איך זשידאָווקעס נישט געשלאָגן. געשלאָפן און גיי צום טייוול! — אַזאַ מענטש בין איך שוין.

— און איך צום ערשט געשלאָפן און דערנאָך געהרגעט.

— וואָס פאַראַן צו רעדן! — הערט זיך מיטאַמאָל אַ פאַרדום-פּענע שטים פון אַ זייטיק געלעגער אַרויס — איך האָב זיי נאָך גע־שניטן פאַרן קריג, געאַרבעט דעמאָלט ביים פאָרט אין כערסאָן.

— און איך אין אדעס, געדינט אין קאַוואַלעריע.

— „ביוואַלאָ" — זאָגט מיט בענקשאַפט איינער אַזעלכער, וואָס

שווייגט די גאַנצע צייט און גיט אַ בליק צו לערנערן — נו וואָס, ליגסטו, הע?

לערנערן האָט אַזוי אויפגעקאָכט דאָס בלוט, אַז ער האָט חשק געהאַט אויפצוהייבן זיך אַזוי מיטאַמאָל פון שטרוי און וואַרפן זיך אויף דעם גאַנצן רעדל מיטאַמאָל — נאָר באַלד האָט ער זיך דער־מאָנט נאָך וואָס ער איז דאָ אַהערגעקומען און ער האָט פאַרביסן מיט די ציין.

אין די נעכט איז גאָר געווען שלעכט.

אין באַראַק איז געווען קאַלט. די אייזערנע אויוונס האָבן נאָר געוואַרעמט אַרום זיך און כל־זמן מען האָט געברענט. באַלד האָט צוריק אָנגעהויבן בלאָזן. די קראַנקע זענען געלעגן אין די שטיוול, אין די שמאַטעס. אַנדערע ווידער האָבן אין גרויס היץ אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס לעצטע העמד. פון אַלע זייטן האָבן זיך קולות געריסן, קולות, פול מיט באַגער, געבעט:

— וואַסער! — וואַסער!

קיין אַנדער זאַך האָבן זיי גאָרנישט פאַרלאַנגט אַפילו, בלויז וואַסער צו שטילן דעם ברענענדיקן דורשט, צו לעשן דאָס גליענדע פייער. דאָס האָט נישט געפעלט. אַרום די ווענט האָט אַ ברייטע ווייסל געכוואַליעט, געררושט. אויך אין הויף איז אַ ריזיקער בלעכע־נער קעסל געשטאַנען, מען האָט געקאָנט קאָכן וואַסער וויפל נאָר מען האָט געוואָלט, נאָר קיינער פון די סאַניטאַרן און פעלדשערס איז נישט געווען אויפן אָרט. זיי זענען געזעסן ערגעץ אין אַ ווינקל, געדרעכנט וויפל עס וועלן „ענדיקן" נאָך באַנאַכט און זייער פאַרציע ברויט וועט, ביין אויסמעקן פון די ליסטעס, אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט.

די געזונטערע סאָלדאַטן האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, גע־לעגן זיך אויף די געלעגערס, געשפּיגן, דערציילט מעשיות אָדער געלויזט זיך.

די קולות פון די קראַנקע האָבן גאָרנישט אויפגעהערט אויף אַ ווײַלע רופן אין דער נאַכט

— וואַדי!... וואַדי!...

ד״ר גריגאָרי דאַווידאָוויטש איז פון צייט צו צייט אַרײַנגעקו־

מען. ער האָט נישט געקענט איינשלאָפן אין זיין אַפטייקל, אויפן פעלד־בעטל. די געשרייען האָבן אים געוועקט. ער האָט געפּאַטשט אין די הענט, גערופן:

— סאַניטאַרי, פעלדשערי!

נאָר קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

ער איז איבערגעגאַנגען צו מוסר.

— קאַק וואַם ניע סטידנאָ? — האָט ער געשטראָפט די געזונטערע — אייערע קראַנקע חברים בעטן אַ ביסל וואַסער און איר דערלאַנגט נישט.

נאָר קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

ער איז אַליין אַרויסגעגאַנגען, געבראַכט אַן עמער קאַלט געקאָכט וואַסער פון קעסל און איינגעטיילט די קראַנקע. זיי האָבן עס געשלונגען מיט איינמאָל און נישט געוואָלט אַרויסלאָזן דעם פאַרזשאַווערטן שעפּער פון די ציטערנדיקע הענט.—„נאָך! נאָך"!

ער האָט געמיינט, אַז דאָס וועט ווירקן, אַז דערמיט וועט ער באַווייזן אַ מוסטער פון חברישקייט, און די געזונטערע סאָלדאַטן וועלן זיך נעמען צו דער אַרבעט. נאָר קיינער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. פאַרקערט, מען האָט נאָך געלאַכט פון אים.

— כאַראָש וראַטש! — האָבן סאָלדאַטן געלאַכט.

— זנאַיעם... — האָבן אַנדערע צוגעגעבן, גלייך ווער ווייסט, וואָס זיי ווייסן אַזעלכעס.

לערנערן האָט עס נישט געלאָזט איינליגן אין שטרוי.

אָך, ווי אים האָט געקיצלט אין די הענט, ווי אים האָט זיך געגלוסט אַזוי אויפצוהייבן זיך פון שטרוי, אין וועלכן ער ליגט, און געבן איבער די קעפּ. נאָר נאָכמער ווי אויף די סאָלדאַטן, האָט אים פאַרדראָסן אויף גריגאָרי דאַווידאָוויטשן פאַר זיין אומבאַגרענעצטער גוטסקייט, פאַרצייאונג און אומבאַהאָלפנקייט.

ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז מען דאַרף נישט קיין סך, כדי צו האַלטן דעם גרויסן עולם פון שפּיטאָל אין די הענט. עס האָט זיך אים שטאַרק געגלוסט, אויפצוהייבן זיך אַזוי פון אָרט און אַ געשריי טון אויפן גאַנצן קול, ווי ער פלעגט עס הערן אין קאַזאַרמע.

— אויפשטיין, הינטישע זין! — און פאַרענדיקן מיט אַ „פּאָ־מאַטיערי״, אַז די וועגט זאָלן ציטערן.

אַז גריגאָרי דאַווידאָוויטש איז צוגעקומען ענדלעך צו אים, צו זיין געלעגער, האָט ער אים נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן אַריין פאַר כעס און ווייטיק צוזאַמען.

— איר זענט אַליין שולדיק — האָט לערנער געזאָגט — מיט געוואַלד דאַרף מען זיי לערנען זיין גוט—מיט דער פויסט!

גריגאָרי דאַווידאָוויטש איז אַריין צו זיך אין אַפּטייקל און ביים עיפּושדיקן קאַראַביד־לעמפּל געגומען זיך לייענען פון די דייט־שע צייטונגען, וואָס זענען געלעגן ביי אים צוקאָפּנס פון זיין פעלד־בעטל.

די דייטשע צייטונגען האָט אים אָפּט געבראַכט דער דייטשער סאַניטאַר, דער זעלבער אויסגעפּוצטער סאַניטאַר, וואָס פלעגט אים ברענגען די פלאַקאַטן.

פון ערשטן טאָג אָן האָט דער אויסגעפּוצטער סאַניטאַר דערשמעקט אין גריגאָרי דאַווידאָוויטשן אַ לינקן און ער האָט געזוכט זיין פריינטשאַפט.

— ביטע, הער דאָקטאָר — האָט ער געזאָגט מיט זיין דין שטי־מעלע — אונד איך בין זאָציאַל־דעמאָקראַט, גאַנץ בעשטימט...

ער האָט יעדעס מאָל דערמאָנט וועגן זיין זאָציאַליזמוס, גע־בראַכט צייטונגען, נאָר מיט אַ באַזונדערער הנאה פלעגט ער ברענגען גריגאָרי דאַווידאָוויטשן די צייטונגען, אין וועלכע עס איז געווען דערמאָנט וועגן פּאַטריאָטיזם פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

—ביטע—פלעגט ער אַנטקעגנשמייכלען און די בעקלעך האָבן זיך ביי אים געררויטלט באַכמער — די זאָציאַליסטען שטימען פיר אַלע קריעגס-בודזשעטע, לעזען זי, ביטע, היער...

אין די דייטשע צייטונגען פלעגן אויך זיין פון צייט צו צייט ידיעות וועגן די פראַנצויזישע, איטאַליענישע און ענגלישע סאָציאַ־ליסטן, וואָס שטימען פאַר זייערע קריגס-בודזשעטן. און דער אויס־געפּוצטער סאַניטאַר האָט דעמאָלט געהאַט גרויסע טענות צו גריגאָרי דאַווידאָוויטשן.

— דאָס איז אונערהערט — האָט ער געליאַרעמט — פּעררע־טער־באַנדע...

גריגאָרי דאַווידאָוויטש האָט איבערגעלייענט די צייטונגען, גע-לייענט נעמען פון סאָציאַליסטן, וועלכע ער האָט מערסטנס געקענט פון אויסלאַנד, פון וועלכע ער האָט אַזוי פיל געהערט, און אים האָט אַזש געצוקט אין מוח.

ער האָט וועגן רוסלאַנד קיין ידיעות נישט געהאַט. די דייטשע צייטונגען האָבן נאָר געשריבן פּליאָטקעס וועגן דער קיסרין און ראַס-פּוטינען, וויצן אויפן קיסר, הויפישע אינטריגעס. ער האָט געזוכט מיט ליכט צו דערגיין עפּעס פון דאָרט, פון זיין לאַנד, פון זיינע חברים, נאָר ער האָט קיין זאַך נישט געקאָנט דערגיין.

— און וואָס טוט זיך עפּעס דאָרט? — האָט אים געעגבערט אַ געדאַנק.

ער האָט נישט צוגעלאָזט טראַכטן וועגן רוסלאַנד, וועגן זיין רוסלאַנד, וועגן זיינע חברים דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געלעזן פון די אויסלענדישע גענאָסן. רוסלאַנד איז נישט אויסלאַנד—איז ער גע-ווען זיכער. אָבער מיטאַמאָל האָבן זיך אים געשטעלט פאַר די אויגן זיינע פויערן, זיינע רוסישע פויערן, און אים האָט אָנגעהויבן גריב-לען אין מוח, שאָקלען זיך אין האַרץ.

— און אפשר?

און אפשר איז גאָר אַלץ, אין וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק גע-גלויבט, נישט מער ווי ליגן, איינרעדעניש? און אפשר איז ער גאָר שלעכט פון נאַטור, דער מענטש, און קיין זאַך וועט אים נישט העלפן? אפשר?

ער האָט צום הונדערטסטן מאָל פאַרמאַכט די אויגן, געוויט זיך אַנטשלאָפן צו ווערן, נאָר ער האָט נישט געקענט. די קולות פון די קראַנקע האָבן זיך געמישט מיט די בילערייען פון די דאָר-פישע הינט. פון אַלעם האָט זיך געשאַפן אַ מיש-מאַש און געקלאַפּט גריגאָרי דאַווידאָוויטשן אין קאָפּ. עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי די געמישטע קולות הערן נישט אויף איבערחזרן זיין געדאַנק — אפשר? אפשר? אפשר?

## קאפיטל IX

# אונטער דער ערד

לערנער איז גיך אַרויס פון שפּיטאָל.

איינמאָל פאַרנאַכט האָט אַ געפאַנגענער געבראַכט אים אַ שוואַרץ ברויטל פון רויטן פעלץ צוגעשיקט. לערנער האָט איבערגעבראָכן דאָס ברויטל אויף דער קני, געגעבן אַ שטיק דעם שליח און געגנו-מען זיך צום איבעריקן מיט גרויס אַפּעטיט. נאָר פון אינעווייניק איז אַרויסגעפאַלן אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ רונדיק איינגעוויקלט שטיקל פּאַפּיר, האָט לערנער אַוועקגעלייגט דאָס ברויט אין שטרוי, ער האָט אָנגע-צונדן אַ שוועבעלע אין דער וואַנט און ביים ציטערנדיקן שיין אי-בערגעלייענט דעם פעלצס קרומע, שווערע און פעסטגעשריבענע ווערטער.

— קום אַרויס — האָט געשריבן דער פעלץ — איצט דאַרף מען מער נישט אונטערשטופּן, נאָר איינהאַלטן. קום וואָס גיכער, וואָרום די זאַך וועט אַרויס פון אונזערע הענט.

און לערנער איז געווען פול מיט פרייד. — ער האָט פון זיין שטיק ברויט אָפּגעריסן עטלעכע שטיקלעך און פאַנאַנדערגעטיילט פאַר פרייד זיינע שכנים.

אויף דער בריק האָט מען אים באַגעגנט מיט שמחה.

— אַ גוטן אויפשטאַנד! — האָט מען אים געווונשן — זעסט גאָר נישט אַזוי שלעכט אויס — אַ ביסל נאָר דאַרער און בלאַסער.

פון ליגן אין שטרוי, אין אַ שלעכטער לופט, איז דאָס פּנים געווען ביי אים געגנוג בלאַס, אויסגעמאַטערט, דערצו האָט מען זיינע מלבושים אויסגעקאָכט אין דעזינפעקציאָנס־קעסל. זיי זענען געווען רויטלעך־רייך, צעקנאָדערט, איינגעשרומפּן, פרעמד. דער קאָפּ איז געווען ביי אים אָפּגעגאָלט, דערצו האָבן די פיס פון שטענדיקן

ליגן זיך אָפּגעוואוינט פון גיין און זיך עטוואָס געוואַקלט — און ער האָט אויסגעזען איינגאַנצן ווי נאָך אַ קראַנק.

לערנער האָט אַריינגעצויגן אין זיך פולע ברוסטן אָטעם — און ווי איינער, וואָס גייט אַרויס פון אַ תּפיסה, געקוואָלן פון לעבן, פון דער פריי.

— אויסגעליגן זיך, צום טייוול — האָט ער געזאָגט דעם פעלץ און דערציילט אים וועגן גריגאָרי דאַווידאָוויטשן און זיינע געשפּרעכן.

דער פעלץ האָט אויסגעהערט רויק, מיט קיין איין וואָרט נישט איבערגעריסן. בלויז צום סוף האָט ער אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, ווי שטענדיק, און געזאָגט אַ וואָרט, אייננאייינציק גראָב וואָרט.

— טינופת — האָט ער געזאָגט.

אויף דער בריק האָט זיך איצט געקאָכט. לערנער האָט זיין באַראַק נישט דערקענט.

עס איז געווען איבער דעם:

אין איינעם אַ שפּעטן פרימאָרגן איז אויף דער שמאָלער צוגעצויגענער ליניע לענגאויס דער בריק אַ לאַנגער דייטשער צוג אָנגעקומען, פול מיט אייזן, מאַשינען און קאַסטנס, באַקלעבט מיט פּאַפּירן, פלאַקאַטן און ציפערן.

עטלעכע צענדליק אַרבעטער האָבן צוגעפירט צו די וואַגאָנעס אַ הויב-מאַשין אויף צוויי רעדער מיט אַ שנאַבלישן הויכן האקן אין דער הויך, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ העלפאַנד מיט אַ פאַרריסענער נאָז.

אויף די וואַגאָנעס זענען אַרויפגעקראָכן אַרבעטער, אַרומגעבונדן די אייזנס און די קאַסטנס מיט אַ קייט, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ גרויסן רינג. די הויב-מאַשין אויף צוויי רעדער האָט אויסגעקערעוועט דעם ריזיקן שנאַבלישן האקן, אָנגעכאַפּט די משא ביים רינג, פלינק אויפגעהויבן, אויסגעקערעוועט זיך רויק און עלאַסטיש און אַוועקגעלייגט די משא אויף דער ערד.

נאָך די משא-וואַגאָנעס האָבן זיך געצויגן עטלעכע פלאַכע וואַגאָנעס אָן ווענט. אויף די דאָזיקע פלאַכע וואַגאָנעס זענען געשטאַנען אַוועקגעשטעלט אויסגעבויטע שטיבלעך, ביי־אויסגעהיבלטע פיר־קאַנטיקע הייזלעך, מיט גלאַטע ווענטלעך, מיט פיר־שויביקע פענסטערלעך,

מיט סמאָלענע דעכלעך, מיט באַשלאָגענע טירלעך, אַלץ אַזוי ניי, ריין און קליין, ווי אַרויסגענומען פון אַ מאַגאַזין פון שפּיל־צייג.

אין די שטיבלעך זענען געשטאַנען שרייב־טישלעך, פּונקט אַזעלכע ניי־אויסגעהיבלטע, פיר־קאַנטיקע און קליינע, ווי די שטיבלעך. אין מיט שטיבל איז געשטאַנען אַן אייוועלע, אַ שוואַרצס, אַן אַפּליאַקירטס. אויף דעם אייוועלע האָט געקאָכט אַ טשייניק, אַ ווייס־צינקענער, אַ נייער. אַפילו דער רויך פון דעם קליינעם קוימענדל איז געווען אַזוי ווייס און ניי, ווי אַלץ אַרום. אויף די ווענטלעך זענען געהאָנגען מאַפּעס, אויף די טישלעך זענען געשטאַנען שרייב־מאַשינקעס, אויך קליינע, נייע, בלאַנקנדיקע, און ביי די טישלעך זענען געזעסן מיידלעך, דייטשע ווייסע ראָזע מיידלעך, אויסגעקעמטע, צוגעגלעטע, פרישע, ענלעך צו די שטיבלעך, צו די זאַכן. — זיי זענען געזעסן אין די ריינדיקע שטיבלעך און געקלאַפּט אויף די שרייב־מאַשינקעס.

בלויז אין איין שטיבל אַזעלכעס איז ביי אַ טיש מיט פאַפּירן געזעסן אַ מאַנסביל, איין מאַנסביל, אַ הויכער לאַנג־טאַליעדיקער דייטש מיט אַ שראַם אין פּנים, אין אַ גרינעם קאַפּעליוש מיט אַ פעדער פון הינטן, אין אַ גרינעם באַרג־קאָסטיום מיט גאַלאָנען און מיט געשנורעוועטע הויכע שיך.

אויף דער וואַנט איבערן שרייב־טישל האָט געהאָנגען אַ קורצע צוויי־רערנדיקע ביקס, ווי פון איין שטיק געגאָסן. נעבן פעלד־בעטל איז געלעגן אַ הונט, אַ גרויער וואָלף־הונט מיט שיינע גלאַנציקע גרויסע האָר.

— גריס גאָט! — האָבן די „סמאָלענע״ באַגעגנט די אָנקומענדע און געהאָלפן די פרייליינס אַרויסקריכן פון די שטיבלעך — ווילקאָמען, שעהנע פרויליינס!

— דאַנקע שעהן, מיינע העררען! — האָבן די מיידלעך געדאַנקט, געלאַכט און קאָקעטירט — שעהנעם גוטען מאָיען!

דער פאַרשוין אין גרינעם יעגער־הוט האָט פאַרוואָרפן די ביקס איבער דער פּלייצע, גענומען דעם הונט ביים האַלדזבאַנד און שטרענג באַפוילן צו איינעם פון די אַרבעטער.

— נעהמענס מאַהל!

ער האָט דערלאַנגט אַ פולן פאַרפאַקטן יאַגד־טאַש און זיך באַגריסט מיט די סמאָלענע מיליטעריש. — ער האָט געשלעפּט אַ פוס, אַ שטייפן אויסגעצויגענעם פוס.

די סמאָלענע האָבן געגווידערט גיך און אומפאַרשטענדלעך און געגעבן באַפעלן די אַרבעטער.

— אַבהאָלען די שרייב־שטובען אונד וועקשטעלען גראַדע!

און באַלד האָבן צענדליקער אַרבעטער אונטערגעלייגט בעלקעס אונטער די ניי־אויסגעהיבלטע הייזלעך, און מיט די טישן, שרייב־מאַשינקעס און אויוועלעך איבערגעטראָגן זיי פון די וואַגאָנעס און אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד, נישט ווייט פון מאַיאָר מייערס ביורא.

אין איינעם אַזאַ איבערגעטראָגענעם הייזל איז אַפילו אַ פריילין געבליבן זיצן ביים טישל. — זי האָט זיך שיער נישט צעקייקלט פון געלעכטער.

— אָך, גאָט — האָט זי גערופן — דאַס זינד יאַ אַבענטויער...

באַלד צומאָרגנס האָט דער הינקענדיקער דייטש אין גרינעם יעגער-הוט אויסגעקלעבט אויף די ניי־אויסגעהיבלטע ווענטלעך פון זיין ביורא עטלעכע קורצע באַפעלן אַ העלפט אין דייטש און אַ העלפט אין אַ שלעכטן גרייזיקן פויליש.

צו מיטאָג האָבן מאַסן אַרבעטער זיך צונויפגעזאַמלט, צוגעטוליעט זיך צו דעם קליינעם אויסגעהיבלטן ביורא,

— שטילער! טשיכאָ! — האָט איינער געשריגן צום צווייטן — לאָזט הערן אַ וואָרט.

אין מיטן זענען געשטאַנען דער „רויטער פעלץ” און לערנער און געלייענט פאַרן עולם.

„בעפעהל דעם קאמאנדאס... — האָט לערנער געלייענט הויך — בעטריפט וועגען מענאַזש פיר ציוויל־אַרבייטער־אַפּטיילונגען: — ברויט 375 גראַם, פלייש מיט בריהע איינמאל וועכענטלעך (זאָנטאַג) 137 גראַם, קאַפע ערזאַטץ 23,5 גראַם, סאַכאַרין 0,748 גראַם פּראָ קאָפּף טעגליך. האָלטץ גענעראַל מ. פּ.”

די אַרבעטער האָבן געשפּיצט די אויערן. זיי האָבן נישט גוט צעקייט די שווערע קאַנצעלאַריש־מיליטערישע ווערטער און ציפערן.

דער פּעלץ און לערנער האָבן עס אויסגעטייטשט אין אַ פּשוטן לשון.

— כלאָפּצי — האָט דער פּעלץ אָנגעהויבן מיט זיין שאַליעצער לשון — מען נעמט אונז אַראָפּ פון ברויט, אַ גאַנץ האַלב פונט נעמט מען אַראָפּ.

— און קיין פלייש וועט מען מער נישט געבן אין דער זופּ — האָט לערנער צוגעגעבן, בלויז איינמאָל אין וואָך, זונטאָג.

— און פון דער קאַווע נעמט מען אַראָפּ, ווינציקער קאַווע, מער וואַסער.

— און סאַכאַרין וועט מען געבן ווינציקער...

ביים מיטאָג-עסן האָט אויפן פּלאַץ אַרום קעסל גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק.

— פון וואָס אַראָפּנעמען? — האָט דער עולם נישט פאַרשטאַנען — אַז מען גריזשעט אַזוי אויך די פינגער?

— כיבאַ ניע פּראַוודאַ! — האָבן עלטערע גוים זיך געטרייסט.

— שווייגט בעסער, אַלטע נאַראָנים — האָבן די שקאָצים זיי געזידלט — מיינען, אַז די שוואַבעס שפּילן זיך מיט זיי.

— זיי ווילן אונדז אויסהונגערן.

— אויסמאָרן...

די יונגען זענען קיין רגע נישט שטיל געווען.

— מען וועט דאָך אויסציען די קאָפּיטעס—האָט איינער געזאָגט.

— מען וועט פאַלן פון די פיס — האָט אַ צווייטער זיך אָנגערופן.

איינער אַ יונג האָט אַפילו געפּרוווט זיך וויצלען. ער האָט גענומען אַ שטיק ביין, וואָס ער האָט געהאַט אויסגענאָגט, און געמאַכט איבער אים אַ הספד.

— אוי ביין, ביין! — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ניגון פון אַ מגיד — ווו לאָזטו אונדז איבער? — מער וועלן מיר שוין קיין ביינער נישט האָבן...

חברה האָט אָנגעהויבן לאַכן. נאָר שמוליקל זשולטעק האָט זיך צעבייזערט.

— לאַך, לאַך! — האָט ער געשריגן צום יונג דעם הספד־

מאַכער — כ'על דיר פאַרפאָרן מיטן ביין, וועסטו דערזען מייערן פאַר די אויגן.

און אַלע האָבן אויפגעהערט לאַכן.

ביי די דייטשן איז איצט געווען פריילעך.

אַ ביסל אין אַ זייט קעגנאיבער די הילצערנע באַראַקן איז אַ הויז האַלב געבויט האַלב געמויערט געשטאַנען, אַ רוסיש הויז מיט גריגע לאָדן, מיט געשניצטע גאַניקעס און מיט אַ רויט־שוואַרץ רוסישביידל פאַר אַ וואַך־סאָלדאַט.

אין דעם דאָזיקן פאַרלאָזטן רוסישן הויז, אין וועלכן אַלץ איז פאַרבליבן—דאָס רויטע געבעטע מעבל, די פּאָרטרעטן פון צאַר און דער צאַרין, אַן אויסגעשטאָפּטער בער און אַ קופּערשטיך פון דער באַפּאָלעאָנישער מלחמה—האָט מאַיאָר מייער אַ קאַסינאָ געמאַכט.

אַלץ איז פאַרבליבן ווי געווען, בלויז אויפן אָרט, וווּ עס האָבן געהאָנגען די אויסגעצאַצקעטע רויט־בעקלדיקע פּאָרטרעטן פון דעם צאַר און די צאַרין, האָט מאַיאָר מייער געלאָזט אויפהענגען צוויי קריגערישע, שטייף־וואָנסדיקע פּאָרטרעטן פון ווילהעלמען און הינ־דענבורגן.

און זינט די דייטשע פריילנס זענען אָנגעקומען איז דאָ געווען זייער פריילעך אין דעם דאָזיקן הויז.

נאַכט ביי נאַכט האָבן די „סמאָלענע" אַוועקגעשיקט עטלעכע אַרבעטער איבער דער צווייטער זייט בריק, אין שטעטעלע אַריין, צו דער „פּראַוו צירעל" נאָך גוטע זאַכן.

די „פּראַוו צירעל", אַ גרויסע פולע רויט-באַקיקע בלאָנדע יידע־נע מיט אַ פאַררוקט שייטל, דורך וועלכע עס קוקן אַרויס שטענדיק אַ ביסל פאַרשייטע לעקעלעך—איז דאָ געווען אַן אָפטער גאַסט אויף דער בריק.

אַ באַלעבאָסטע פון אַ וויינשענק אינמיטן שטעטלשן מאַרק מיט גרויסע שילדן, אויף וועלכע עס זענען אויסגעמאָלט צוויי שיכורע פריילעכע גוים מיט איבערגעפולטע גלעזער אין די הענט, קומט זי דאָ אָפט צו דער בריק, צום מאַיאָר מייער, מיט קוישלעך פלעשער—זי באַזאָרגט אים מיט אַלץ, דעם מאַיאָר מייער. זי ברענגט אים נישט

נאָר ווייַן, ביר, נאָר אויך פרישע שטיקער פוטער אין גרינע בלעטער געפּאַקט, און אפילו שפּעק, גוישן שפּעק ברענגט זי אים.

זי גייט עטלעכע מאָל אין וואָך איבער דער פּראָוויזאָרישער בריק, פאַרהויבט דאָס קלייד אַ ביסל העכער און באַווייזט אירע דיקע ווייבערישע לידקעס אַלע אַרבעטער אויף דער בריק.

די אַרבעטער, איבערהויפּט די געפאַנגענע, וואָס זענען שוין חדשים־לאַנג ווייט פון אַ פרוי, פרעסן זי מיט די אויגן. יעדעס מאָל, וואָס אַ רונדע פולע לידקע באַווייזט זיך, גיבן הונדערטער אויגן, גרינע, אָנגעצונדענע, אַ בליק נאָך. נאָר זי קוקט זיך נישט אום, די פולע רונדע יידענע, און שטעלט אַזוי זיכער אַ פוס נאָך אַ פוס. זי איז זיכער דאָ, זי האָט נישט פאַרוואָס מורא צו האָבן—מאַיאָר מייער איז אירער.

ביים מאַיאָר מייער פאַרברענגט זי לאַנג. זי קומט אַרויס מיט ליידיקע קוישן און מיט אַ פאַרפלאַמט צופרידן און גלאַנציק פּנים. און ביי די אַרבעטער פיבערן דערנאָך די אויגן. ביי די געפאַנגענע קריכן די אויגן שיער נישט אַרויס פון זייערע ראַמען. קולות אין אַלע דריי שפּראַכן באַגלייטן זי:

— ע, באַביענקאַ טאָלסטאַיאַ! — שרייען נאָך די רוסן און מאַכן מיאוסע האַוואַיעס מיט די אויגן.

— פיו־פיו! — פייפן נאָך די שקאָצים — הע, הע, הע!

— שויט! — שרייען נאָך די יונגען — מזל־טוב!...

אָבער זי קוקט זיך אפילו נישט אום. זי שאָקלט אויף רעכטס און אויף לינקס מיט איר פולן הינטן, באַווייזט די לידקעס ביז די אויסגעהאָפטענע שפּיצלעך פון אירע ווייסע מייטקעס און גייט זיך אַזוי גלייך און זיכער, באַגלייט פון הונדערטער אויגן, גיריקע, לעכצנדיקע, בלוט־פאַרלאָפענע און הייסע.

אַ סך מאָל קומט איר טאָכטער, אַ יונג מיידל, נאָר גרויס און ווייבעריש איז זי שוין באַלד ווי די מאַמע אירע. זי איז אויך אַזוי רויט־באַקיק און רונד, ווי די מוטער, נאָר אַנשטאָט בלאָנדע האָר, האָט זי שוואַרצע, פעך־שוואַרצע האָר און ברעמען, און גיין גייט זי גיכער, שעמעוודיקער. זי פאַרטראָגט נישט די הונדערטער אויגן, וואָס פרעסן זי. איבערהויפּט לויפט זי גיך צוריקוועגס, אַוועקגייענדיק

פון מאַיאָר מייער. זי לויפט אַזוי גיך איבער די פּראָוויזאָרישע שוועלן, ווי מען וואָלט זי טרייבן מיט בייטשן.

נאַכט ביי נאַכט שיקן איצט די „סמאָלענע" עטלעכע אַרבעטער מיט ליידיקע קוישן צו דער „פראַו צירעל" נאָך גוטע זאַכן און שטענדיק זאָגן זיי אָן:

— אונד דאַס פרוילײן כאַנעלע זאָל אומבאַדינגט רעכנונג ברינגען... הערר מאַיאָר האַט געזאַגט...

אין קאַסינאָ איז ליכטיק. פון דער בריק ציען זיך עלעקטרישע דראָטן אַהער.

די אַרבעטער ברענגען צו שלעפּן פולע קוישן מיט פלעשער, סלאָיקלעך מיט קאָנפיטורן, יידישע געקאָכטע פיש, שטיקער שפּעק — און פון אַלע זייטן קומען זיך אָן געסט: אָפיצירן פון דער אַרמיי, פון פלאָט, פון דער סאַפּערן-אָפּטיילונג; דער הינקעדיקער דייטש אין די יאַגד-קליידער און מיטן פעדער אין הוט און אויך ציווילע דייטשן, דיק-געשווירענע, בלאָנדע, אין נייע געלע שיך און אין גרינע האָריקע מלבושים. די דייטשע פרײלנס זענען אַזוי זאָרגפעלטיק אויסגעקעמט, אַז קיין איין האָר שטייט נישט אָפּ—און נאָר ביי איר, ביי דער פריילן כאַנעלע, דער „פראַו צירעלס" טאָכטער, איז דער שוואַרצער קאָפּ אַ ביסל צעשויבערט, די קרייזלעך פאַלן איר אין די שוואַרצע אויגן אַריין.

תּחילת גייט עס זייער פּינקטלעך.

אַרום לאַנגן טיש, וואָס איז באַשטעלט פוןביידע זייטן מיט שטולן, זעצן זיך אויס אַלע געסט לויט אַ סדר, יעדער לויט זיין ראַנג, צום ערשטן העכערע אָפיצירן, דערנאָך נידעריקערע, און צום סאַמע סוף די ציווילע קורץ-געשוירענע פאַרשוינען. די פלעשער זענען אויסגעשטעלט. די „סמאָלענע" אין די בלויע רעקלעך מיט די ווייסע מאַרין-קעלנער שטייען אויסגעצויגן ווי די סטרונעס און באַדינען. אַז אַלץ איז שוין פאַרטיק, קומט אַריין דער באַלעבאָס, מאַיאָר מייער אַליין. ער איז אָנגעטון אין דער גאַנצער אוניפאָרם, מיט דעם קרייץ אויף דער ברייטער ברוסט. ווען ער קומט אַריין שטעלן זיך אַלע אויף, באַגריסן אים מיליטעריש און ער פאַרנעמט דעם אויבנאָן, נעמט דעם בעכער אין האַנט און קרעקט זיך מיטן טאָאַסט, וואָס ער

דאַרף האַלטן. שטענדיק רעדט ער דאָס זעלבע, פלאָנטערט מיט דער צונג וועגן די זיגן פון דייטשלאַנד, בעט דעם ליבן הערר גאָט, צו באַשטראָפן ענגלאַנד, מאַכט אויסצודרייען פון רוסישן קיסר און פאַר־ ענדיקט מיט הויכע האָכן:

— האָך פיר קייזער אונד פאַטערלאַנד!

— האָך! — דונערט דער גאַנצער עולם.

— האָך פיר פאַטער הינדענבורג!

— האָך!

— האָך דויטשען העלדען־טרופפען!

— האָך!

נאָר באַלד, ווי מען טרינקט אויס די ערשטע גלעזער, שפּיליעט מען אָפּ די שווערדן מיט די רעוואָלווערן, מען מאַכט זיך באַקוועם און עס ווערט לעבעדיק.

די עטלעכע דייטשע פּריילנס ווערן געכאַפּט פון האַנט צו האַנט. יעדערער וויל כאַטש אויסטרינקען מיט זיי איינאיינציק מאָל פון איין גלעזל, דערנאָך גייט אָוועק אַ געוועט, ווער עס וועט מער אויסטרינקען. די „סמאָלענע" קאָנען זיך גאָרנישט קיין עצה געבן. וויפל זיי גיסן נישט אָן, ווערט עס באַלד פאַרשווינדן.

מאַיאָר מייער טרינקט אַממערסטנס. שטענדיק געווינט ער דעם געוועט. קיינער קאָן נישט אַריינזשליאָקען אין זיך אַזוי פיל, וויפל מייער.

און דערנאָך זינגט מען „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד", אויסגעלאַסענע בורשן־לידער און מען קריכט זיך פאַנאַנדער מיט די אויסגעקעמטע פּריילנס אין די זייטיקע צימערלעך אַריין.

די אויסגעקעמטע פּריילנס ווערן זיך. דער עיקר איז זיי אַ שאָד די האָר, די גלייך צוגעקעמטע בלאָנדע האָר, וואָס שיטן זיך פאַנאַנדער, זיי שרייען:

— אָך גאָט דו ליבער, וואָס מאַכען זי דען, הערר לויטנאַנט?

נאָר די הערן לויטנאַנטן מאַכן זיך נישט דערפון.

— קאָם, שעטצכען, קאָם.

און מאַיאָר מייער האַלט די „פרוילין כאַנעלע" אויף די קני־ען, דאָס רויטע געזיכט איז אים נאָך רויטער, ווי תמיד, די גרינע

אויגן זענען בולט, אַרויסגעזעצט, און מיט דער גאָרגלדיקער שטים שרייט ער:

— מיינע הערהען, — די מוטער איז גוט, אבער די טאָכטער איז נאָך בעסער; ניכט וואר, שהאַרץ־קאָפּ?

און דער גאַנצער עולם פּאַטשט מיט די הענט.

— טאדעללאאז! — הערר מאַיאָר! — האך!

און פאַרביי דעם באַלויכטענעם קאַסינאָ שאַרן זיך אַלעמאָל פאַר־ביי אַן אַנדער פּאָר טרעגער מיט אַ משא אויף די אַקסלען, הויבן זיך אויף אויף די שפּיץ פינגער, כדי צו כאַפּן אַ בליק אינעווייניק אַריין און ווערן פאַרשווונדן אין דער פינסטערניש צוזאַמען מיט די שפּיזיקע גילדענע שטראַלן, וואָס יאָגן זיי נאָך.

אַ סך מאָל טרינקט זיך מאַיאָר מייער אַזוי שטאַרק אָן, אַז ער פאַרגעסט אינגאַנצן אין דער בריק.

די אויגן פאַלן צו, די הענט שטייען אָפּ, נאָר אַוועקגיין פון פּלאַץ טאָר מען נישט. די „סמאָלענע” שילטן, זידלען, נאָר גיין וועקן דעם הערר מאַיאָר וועט קיינער נישט. דער אָרדינאַנס מיטן צופּיל אַרויסשטאַרנדיקן הינטן שטייט פאַר דער טיר מיט אַ מאַפּסי־שער ערנסטקייט און היט.

די אַרבעטער טוען גאָרנישט. די „סמאָלענע” מאַכן זיך נישט וויסן. בלויז פון צייט צו צייט גיט עמעצער אַ לאָז אַראָפּ אַ ריזיקן האַמער איבער אַ רעלס און אַ טעמפּער קלאַנג טראָגט זיך אין דער נאַכט. — אָבער אַוועקגיין פון בריק טאָר מען נישט. אָן מאַיאָר מיי־ערס באַפעל קאָן עס קיינער נישט מאַכן, ערשט אין מיטן נאַכט, אַז מאַיאָר מייער כאַפּט זיך אויף און הערט דאָס רוישן פון די מאַשינעס, דערמאָנט ער זיך אָן דער בריק, און ער קלאַפּט מיט דער פאָרצע־לייענער פייף אין וואַנט צו זיין אָרדינאַנס.

— פריצכען, שיק מאַהל די לויטע שלאַפען, דאנער וועטער! פ״יצ-כעען!

און קולות, פול מיט כעס און פאַרביטערונג האָבן זיך געטראָגן איצט אין די לופטן.

— מען דאַרף זיך נישט לאָזן! — האָבן די שקאָצים געשריגן.

— מען וועט אויסציען די קאָפּיטעס — האָבן די יונגען גע־וואָלדעוועט.
— פערד, אַז זיי אַרבעטן, קריגן זיי אויך זייערס.
— אַז מיר זענען ערגער ווי פערד. אַ פערד אַז דו שמייסט אים, דריגעט ער כאָטש מיט די פיס.
— ברויט אָדער טויט! — האָבן די יונגען געטענהט.
— ראַז קאָזיע שמיערטש — האָבן די שקצים געזאָגט — צוויי מאָל שטאַרבט מען נישט.
איצט האָט מען מער נישט געדאַרפט רעדן מיטן עולם. זיי האָבן שוין אַליין גערעדט.
ווי אָפּגערעדט זיך, האָבן אַלע געקוקט צו זיי — צום „פּעלץ” און צום „קאַפּעליוש” — געשאַרט זיך אַרום זיי, געקוקט זיי אין די אויגן.
פּונקט ווי קינדער כאַפּן זיך אָן אין דערוואַקסענעם, גלויבנדיק, אַז ער, דער גרויסער, קאָן אַלץ מאַכן, אַזוי האָבן אַלע דאָ אָנגע־כאַפּט זיך אין זיי, אין די, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט אַרויס־גערוקט צווישן זיי.
— נו, דו ביסט דאָך עפּעס קליגער פון אונדז — האָבן די יונגען געזאָגט צו לערנערן — וואָס שווייגסטו?
די גוים האָבן זיך געשאַרט אַרום פּעלץ:
— זאָג, וואָס טון? — האָבן זיי געפרעגט, האַלטנדיק גרייטע הענט.
— עס הויבט זיך אָן — האָט דער פּעלץ געזאָגט לערנערן.
נאָך אין זעלבן אָוונט האָט לערנער געבראַכט זיינע מענטשן, דער פּעלץ האָט געבראַכט זיינע — און מ'איז זיך צונויפגעקומען אין דעם חרובן פאָרט, באַרג אַראָפּ הינטער דעם ברעג.
אין אַ זייט, אָפּגערוקט פון טייך, האָט זיך געצויגן אַן אַלטער „פאָרט”, אַ פאַרלאָזענער, אַ זייטיקער, מיט האַלב פאַרזונקענע גע־ביידעס, מיט פינסטערע געוועלבטע סופיטן. קיינער איז דאָרט נישט געקומען, קיינער האָט זיך דערמיט נישט אינטערעסירט. דאָרטן האָבן זיך געוואַלגערט אַ סך שטיינער, צעבראָכענע ציגל, פאַרראָסטעטע שטיקער אייזן און צעריסענע דראָט־פאַרצוימונגען.

און אין די שפּעטע אָוונטן, ווען אין קאַסינאָ האָבן די פענס־טער פייערדיק געלויכטן און פריילעכע טענער פון אַ פּיאַנינא האָבן זיך געמישט מיט די ברומערייען פון זעגן, העק און שרויפן, — האָבן זיך דאָ אַראָפּגעכאַפּט טונקעלע פאַרשוינען, פאַרהילטע, פינסטערע, און איינער איז געלעגן אויף דער וואַך, פאַררוקט אין אַ ריזיקן האַלב־איינגעזונקענעם באַן־רער אונטער אַ בריקל, גרייט מיט אַ פייף אין מויל אויף יעדן צופאַל.

עטלעכע אייגענע מענטשן האָט ער געהאַט דער פעלץ: — אַ יונגן שייגעץ מיט אַ קליין בלוי־געפּאַלדעוועטער „מאַטשעיובקע" און מיט אַ סטאָליאַרישער גראָבער בלייפעדער אין דער פולער קורצער כאָליעווע פון שטיוול; עפּעס אַ פאַרשוין אין אַ צעלאָזענעם רוסישן שינעל מיט אַ שטאַרק פאַרקאָפּטשעטע פּנים און מיט ווייטע פלאַקסענע האָר, וואָס זענען אויס נאָך ווייסער און העלער אַרום שטענדיק פאַר־ריסטן פּנים—אָבער אָפּגעטרעטן איז גאָרנישט פון אים אַן עלטערער גוי מיט אַ פּאָר גרויסע צעצויגענע גרוילעכע וואָנסן און מיט אַ קליין קעפּל, וואָס זיצט אויף אַ דין צעקנאָדערט העלדזל.

לערנער האָט געהאַט אַרום זיך שמוליקל זשולטיק, וואָס איז ווי שטענדיק, געגאַנגען מיטן זאַק אויף די פּלייצעס, גרייט פּאַר אַ שניי אָדער אַ רעגן. — שמוליקל האָט מיטגעפירט מיט זיך דריי חברים: איינעם אַ יונג אַ ריז מיט בעגריש־שוואַרצע קרויזן און מיט אַ פּאָר טאָפּלטע בלוט־רויטע ליפּן; איינעם אַ קליינעם, אַ בלאַסן, אין אַ קורץ אויסגעוואַקסן רעקעלע, דעם זעלבן, וואָס לערנער האָט באַ־געגנט באַלד ביים אָנקומען, אַ פאַרשווינדל, וואָס מען קאָן נישט וויסן, צי ער איז אַלט זעכצן יאָר אָדער דרייסיק יאָר און תמיד ציטערט ער אין קורצן אויסגעוואַקסענעם רעקעלע; און איינעם אַ בערדיקן פאַרשוין, אַ פליישיקן און אַ שווייסיקן, וואָס די האָר וואַקסן אים פון אַלע זייטן, פון די אויערן, פון דער נאָז, און אַ היטל טראָגט ער שטענדיק אַ פוטערנס, נאָר אַן איבערגעדרייטס אויף דער לינ־קער זייט, מיט נאָכהענגענדיקע שעפּסענע קרויזלעך ביז אין די אויגן אַריין.

די „אייגענע" האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך זייערע מענטשן,

אַלעמאָל אַנדערע, נייע, און דורך זייטיקע ווענלעך, קרומע, פינס־טערע, געשאַרט זיך צום „פּאָרט".

פינסטער איז געווען דאָ אין „פּאָרט", חושך. איינער דעם אַנ־דערן האָט נישט געזען. בלויז רייד האָט מען געהערט, רייד שווע־רע, פעסטע, דומפּיקע, ווי שווער, פעסט און דומפּיק עס זענען די שווערע שטיינערנע ווענט, די אַלטע מאַסיווע זיילן פון פינסטערן „פּאָרט".

אין דעם פינסטערן אונטערערדישן הייל האָבן דעם פעלזס רייד געהאַקט ווי האַמערס. — אַ פינסטערע שטים האָט געפרעגט און פינסטערע שטימען האָבן געענטפערט.

— אַלע ווייסט איר, וואָס מיר ווילן?

— מיר ווייסן.

— זענט איר אַלע גרייט טון?

— מיר זענען גרייט.

— זענט איר פאַרגעברייט אויף אַלץ?

— מיר זענען פאַרגעברייט.

— וועט איר קענען האַלטן די צונג צווישן די ציין?

— מירן קענען!

— גיט זשע זיך די הענט!

האַרטע, מאַזאָליסטישע, שווערע הענט האָבן זיך געשטרעקט אין דער פינסטערניש, געדריקט זיך איינע די אַנדערע.

און פון דרויסן, ווו די קאַסינאָ איז געשטאַנען, האָבן זיך פייערדיקע ליכט-צונגען געצויגן אין דער פינסטערניש אַריין צוזאַמען מיט הייזעריקע גאָרגלדיקע געזאַנגען:

„אַללע מענער זאַאופען,
„אללע מענער זאַאופען,
„אבער ניכט דער קליינע פריטץ —
„אַללע מעננער ליעבען,
„אללע מעננער ליעבען,
„נור דער קליינע פריטץ,
„ער מאַכט דאַס ניכט..."

# קאַפּיטל X

## בּונט

דער טאָג איז געקומען
געקומען פּלוצלינג, אומגעריכט.

אָנגעהויבּן האָט עס זיך אויסער דער בּריק, אין אַ הייזל, אין אַ פרייליך הייזל, וואָס געפינט זיך אין עק נאָענטן שטעטל, אין אַ זייטיק פאַרוואָרפן געסל, האַרט בּיים יידישן בּית־עולם, לעבּן פאַרלאָזענע רוסישע קאַזאַרמעס און פערד־שטאַלן.

עס איז געװען אין ניי־יאָר.

אין טאָג פאַר ניי־יאָר פון זעכצנטן יאָר, אין אַ שטאַרק פראָסטיקן פאַרנאַכט, פּונקט זעקס אַ זייגער, האָט זיך מאַיאָר מייער באַוויזן אויף דער בּריק און אויפגעהויבּן די האַנט אין דער הויך.

די גאַנצע אַרבּעט האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט.

— אַאופּפּאַסען! — האָט מאַיאָר מייער באַפוילן און, אָפּוואַרטנדיק אַ ווײלע, בּיי אַ פאַרגליווערטער שטילקייט הויך געזאָגט:

— ווערענד ניי־יאַהרס האַבּען אַללע אַרבּייטער רוהע פאָן זעקס אוהר אַבּענדס דען איינאונדרייסיגסטען דעצעמבּער בּיינצעהן הונדערט פינפצעהן, בּיז זעקס אוהר מאָרגען דען ערסטען יאַנואַר טאַוזענד ניין הונדערט זעכצעהן—צור בּאַשטימטער צייט האַבּען אַללע אַם פּלאַטץ צו זיין!

און נישט וואַרטנדיק קיין איבּעריקע ווײלע מער, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום עולם און מיט פעסטע שטאָלצע טריט אַוועק צו זיך אין בּיוראָ.

אויף דער בּריק איז געוואָרן אַזאַ בּהלה, אַז מען האָט דאָס זידן פון די מאַשינען נישט געהערט. אַלע האָבּן געוואָרפן פון זיך די משאות, די כּלים. די מאַטראָסן האָבּן זיך שיער נישט צעריסן.

— דאָס װערקצײַג װעקלעגען, פֿערפֿלוכטע באַנדע! האַלט! באַר מען האָט זײ נישט געהערט.

װי אַרעסטאַנטן, װאָס מען עפֿנט פֿאַר זײ פּלוצלינג די גע־שמידטע טױערן פֿון תּפֿיסה, האָט דער עולם בעיאָגט, געאײַלט זיך, װאָס גיכער צו אַנטלױפֿן פֿון דאַנען אין נאָענטן שטעטל.

דאָס שרױי אין באַראַק איז געפֿלױגן אין דער לופֿט. מען האָט זיך אױסגעשטױסן, אָנגעשטױסן, געריבן זיך, געװאַשן, געקעמט די קעפּ, געזײפֿט די מאָרדעס, געגאָסן זיך קאַלטע עמערס װאַסער אי־בער די קעפּ, געפּוצט די שטיװל, געלױזט די װעש.

קולות, געלעכטערס, קללות, זידלערײַען אין עטלעכע שפּראַכן מיטאַמאָל האָבן זיך געפּלאָנטערט אײנס אין אַנדערן.

פֿון װײַטן, פֿון שטעטל, װאָס שטײט אױף אַ באַרג, האָבן בלישטשענדיקע קלײנע פֿײַערלעך אַראָפּגעקוקט און געלאָקט, גערײצט.

פֿון די גלאַנצנדיקע לאָקערנדיקע פֿײַערלעך האָבן שטאַרקער אַהערגעװוּנקען עטלעכע װײַטיקע פֿײַערלעך פֿון אײַנגעהױקערטע פּרײַ־לעכע הײַזלעך, אָפּגערוקטע פֿון שטעטל, נאָענט שױן צום בית־עולם און צו די פּוסטע פֿאַרלאָזענע האַלב־אָפּגעברענטע רוסישע קאַזאַרמעס און פֿערד־שטאַלן.

די יונגען האָבן אַרױסגעשלעפּט די קלײנע פֿאַרשמאָלצעװעטע לײַװנטענע זעקלעך פֿון די הערצער הינטער די העמדער און גע־צײלט מיט ציטערנדיקע הענט די קלעפּיקע קלײנע מאַרקן און שװאַר־צע מעטאַלענע פֿעניגן. נאָך די עטלעכע חדשים אַרבעט און אײַנגע־האַלטנקײט אױף דער בריק, האָט זיך איצט יעדער געאײַלט אַהין, צו די לאָקערנדיקע פֿײַערלעך, כּדי איבערצולאָזן עטלעכע טעג שװע־רע בריק־אַרבעט פֿאַר רו און ליבע אױף עטלעכע חדשים אַרױס. און דער עולם האָט געיאָגט.

— גיכער! — האָט מען געשריגן אײנער צום אַנדערן — ס׳עט אױספֿעלן אָרט בײַ דער געלער פּעסע! — אַ סוף!...

די שורות אױסגעשטעלטע טאָפּאָליעס, װאָס פֿירן צום שטעטל, האָבן געשפּיזט מיט זײער נאַקעטקײט און געפֿרױרענער שטײפֿקײט. די פֿרישע פֿרײַע לופֿט האָט געשניטן, און דער עולם האָט געשטעלט גיכע פֿעסטע טריט.

פון אויפרעגונג און צעהיצטקייט האָט מען זיך אָנגעהויבן וואַרפן מיט קוילן שניי און געגליטשט זיך איבער די געפרוירענע טייכלעך איבערן וועג — נאָר אויפן סאַמע עק שטעטל איז געשטאַנען אַ שענק פונקט אַנטקעגן דעם וועג, אַ שענק מיט צוויי ברייטע טירן, אין וועלכע מען פאַלט אַריין, אַפילו ווען מען וויל גאָרנישט — און דער עולם איז אַריינגעפאַלן מיטאַמאָל, אַזוי, אַז די יידענע די שענ-קערין האָט אירע אַלע קינדער, יינגלעך און מיידלעך, געמוזט אַוועק-שטעלן ביים בופעט און געהייסן גיסן אין די גלעזלעך און דער-לאַנגען פלעשער.

— קינדער — האָט געשריגן די יידענע—קוקטס אויף די הענט. בעמטס פריער געלט.

די לייוונטענע בייטעלעך מיט די מאַרקן האָבן אָנגעהויבן ווערן דינער, מאָגערער. וואָס מער די בייטעלעך זענען מאָגערער געוואָרן, אַלץ מער האָט דער חשק צו טרינקען זיך געשטאַרקט.

דערוואַרעמט פון טרינקען, פון טומל, צערייצט פון די מאָגער-געוואָרענע לייוונטענע בייטעלעך, האָט זיך דער עולם געלאָזט צו די זייטיקע געסלעך, וואָס ליגן שוין נאָענט פון בית־עולם און די רוסישע אָפּגעברענטע קאַזאַרמעס און פערד-שטאַלן. נאָר דאָרטן האָט מען די יונגען נישט אַריינגעלאָזט.

— מען קאָן נישט — האָט די געלע פּעסע, אַ געלע דאַרע יידענע, געשריגן — דייטשן זענען דאָ... מען קען נישט!

דער עולם איז געוואָרן צעקאָכט.

— עפן! — האָבן זיך קולות געהערט!

— מאַך אויף די טיר! מען וועט דיר די געלע קאָלטענעס אויסרייסן!

די יידענע איז אַריין אין שטוב און פאַרקלאַפּט די טיר הינ-טער זיך.

— אויסברעכן די טיר! — האָבן זיך קולות געהערט.

— אונטערהויבן די זאַוויאַסעס!

— הורראַ!

און אין מינוט איז די טיר געווען אויסגעבראָכן. פון אי-

נעוויייניק האָבן ווייבערישע קוויטשערייען זיך געלאָזט הערן, דאָס האָט נאָכמער צערייצט.

— לאָזט אַריין! — האָבן די יונגען געשריגן. — מירן באַצאָלן!

פאַר דער טיר האָבן זיך באַוויזן צוויי מאַטראָסן, אָן רעקלעך, בלויז אין די ברייטע מאַטראָסישע הויזן, און אַוועקגעשטעלט זיך קעגן גאַנצן עולם.

— וועק! — האָבן די מאַטראָסן באַפוילן.

דער עולם האָט זיך נישט גערירט!

— וועק! — האָבן די מאַטראָסן געשריגן מיט כּעס — דאָ איז קיין פּלאַטץ פאַר ציווילע לאַנד־באַנדע!

דער עולם האָט זיך נישט גערירט.

האָט איינער אַ מאַטראָס אַרויסגעשטעלט זיין מעכטיקע אַטלעטי־שע ברוסט, אָנגעצויגן די מוסקולירטע נאַקעטע הענט, ווי די טשעמ־פּיאָנען אין צירק בעת זיי גייען אָנשטויסן, און אַ פּאָר געטון מיט דער פויסט אַ שייגעץ אין מויל. אַ ווילע איז דער עולם געבליבן צעטומלט. קיינער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט. באַלד האָט ביים שייגעץ אַ פּליס געגעבן בלוט פון מויל און פון נאָז — און דער עולם איז גלייך געקומען צו זיך.

— ביטש שוואַבוו! — האָבן זיך שטימען דערהערט!

— קיילט, יעקען! — האָבן קולות איבערגעריסן.

די מאַטראָסן האָבן זיך צוריקגערוקט — די מאַסע האָט זיך גערוקט פאָרויס. פויסטן זענען געפאַלן פון אַלע זייטן, די מיידן, צעשויבערטע, דערשראָקענע, אין די בלויזע העמדער, מיט נאַקעטע הענט און פיס, האָבן זיך באַוויזן און געמאַכט קולות:

— געוואַלד! — ראַטע־וועט!

האָבן די יונגען נאָך מער געקיילט אין די מאַטראָסישע קעפּ. ערשט, אַז אַלע פויסטן האָבן זיך שוין באַרויקט, האָט מען זיי אַוועקגעשאַרט אין אַ ווינקל פאַרחלשטע, צעקלאַפּטע, אַוועקגעשטעלט שומרים ביי דער טיר, קיינער זאָל נישט אַוועק אין שטאָט נאָך הילף, און גענומען זיך צו די מיידן — אַפילו די באַלעבאָסטע, די געלע פּעסע אַליין, וואָס האָט שוין מער גרויע האָר ווי געלע, האָט מען אויך גענוצט.

פון די פריילעכע הייזלעך אין עק שטעטל לעבן בית-הקברות און די חרובע רוסישע קאַזאַרמעס, איז עס אַריבער צו דער בריק, אין די באַראַקן אַריין.

אַ גאַנצע סילוועסטער-נאַכט האָט מען אין מאַיאָר מייערס קאַ־סינאָ געשיכּורט.

מיט עטלעכע טעג פריער שוין איז געזעסן די פריילן כאַנעלע, צוזאַמען מיט די דייטשע גלאַט־צוגעקעמטע בלאָנדע פרויליינס, און געמאַכט באַפּוצונגען פאַר דער קאַסינאָ אויף ניי־יאָר. מען האָט אויס-געשניטן פאַרביקע פּאַפּירן, געמאַכט קייטן, שלאַנגען, יאַפּאַנישע קאַר-בירטע פּאַפּיר-לעמפּלעך און באַצירט די ווענט און די סופיטן.

פון עלעקטרישע לעמפּלעך האָט מען געמאַכט אַ קרוין אַרום דעם קיסרס קריגערישן פּאָרטרעט. גענעראַל הינדענבורג האָט מען באַפּוצט מיט פּאַפּירענע בלומען און פרישע נאָדל־צווייגן.

און אַ גאַנצע מחנה לאַנד־שטורמער איז עטלעכע טעג אַרומ-געקראָכן איבער אַלע דערפער און וועגן, פאַרהאַלטן יעדן דורכגייער, אָפּגעשטעלט יעדן וואָגן און באַזוכט פון קאָפּ ביז די פיס, רעקווי-זירט אַלץ, וואָס נאָר עס איז אונטערגעקומען, שפּעק און פּוטער, קעז און אייער, מעל און בראָנפן.

די „פּראַו צירעל" האָט גאַנצע קוישן פלעשער געבראַכט. אַלע מאָל האָט מען אַנדערע עטלעכע אַרבעטער אַוועקגענומען פון דער בריק־אַרבעט, מיטגעשיקט מיט דער „פּראַו צירעל" אין שטעטל. זי האָט אָנגעלייגט פלעשער, וויפל נאָר מען האָט געקאָנט דערטראָגן, און אָנגעזאָגט:

— אַז וועסט האָבן אָפּגעטראָגן, קום נאָכאַמאָל!

ווי אַלע מאָל, האָט זיך אויך דער סילוועסטער־באַל אָנגעהויבן שטיל.

אַלע אָפיצירן זענען געזעסן אויסגעזעצט אַרום דעם לאַנגן גע־דעקטן טיש. מאַיאָר מייער האָט מער ווי תמיד געקרעקס זיך מיט די טאָאַסטן. ער האָט געדאַרפט האַלטן היינט עטלעכע טאָאַסטן, אי פאַרן קיסר און פאָטערלאַנד, אי פאַרן נייעם יאָר, אי פאַר די געסט. מער ווי אַלע מאָל האָט ער געבעטן דעם ליבן הערר גאָט, צו באַ־

שטראָפן ענגלאַנד, צו פאַרניכטן די פראַנצויזן און די רוסן, און פאַר־ענדיקט מיט הויכע האָכן.

— האָך פיר קייזער אונד פאַטערלאַנד!

— האָך!

— האָך פיר פאַטער הינדענבורג!

— האָך!!

ווייַן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער.

די אמתע נייַ־יאָר־פייַערונג האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צוועלף באַנאַכט. פונקט צוועלף באַנאַכט האָט אַ זאַלב פון ביקסן געגעבן אַ סיגנאַל צום נייעם יאָר. די לאָמפּן זענען אויגנבליקלעך אויסגעלאָשן געוואָרן, און אַז מען האָט זיי צוריק אָנגעצונדן זענען אַלע געסט געבליבן שטיין מיט פאַרריסענע מיילער און אויסגעגלאָצטע אויגן.

— אַך, גאָט! — האָבן אַלע אויסגעשריגן מיטאַמאָל.

צען מיידלעך, נאַקעטע, אָן העמדער, בלויז אין הויכע זאָקן, זענען געשטאַנען אויף אַ טעפּיך, יעדערע מיט אַ גלאָז ווייַן אין האַנט און אויסגערופן:

— פּראָס׳ט, נוי־יאַהר.

דאָס האָט מאַיאָר מייער אַ סיורפּריז געמאַכט. ער האָט זיך באַמיט ביים גענעראַל האָלטץ, אַז פון די דייטשע פעלד־מיידלעך, וואָס מען האָט וועראַבירט אין לאַנד און צעשיקט אויף די פראָנטן, כדי צו באַפרידיקן די טאַפּפערע סאָלדאַטן, זאָל מען אויך צען מייד־לעך אין זיין רשות צוטיילן. דער גענעראַל האָלטץ האָט עס אים צוליב געטון.

נאָך מיט אַ טאָג פריער זענען זיי, אַלע פרייילעכע, לוסטיקע, בלאָנדע, פליישיקע, אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָ געקומען, אויפגעהאַלטן זיך ביי דער „פראַו צירעל״ אין האָטעלעכל ביים שענק — און איצט האָט דער מאַיאָר זיי אַוועקגעשטעלט פאַר די געסט.

— פּראָס׳ט נוי־יאָהר!

— פּראָס׳ט! פּראָס׳ט! פּראָס׳ט!

— בראַוואָ, הערר מאַיאָר! האָך! — האָבן די געסט געדונערט.

די אויסדעקאָלטירטע מאַטראָסן האָבן ווידער געעפנט די פלעשער און געגאָסן ווייַן. יעדער פון די געסט האָט צו עטלעכע

מאָל אויסגעטרונקען מיט די מיליטער-מיידלעך. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער נאַקעט-טאַנץ. אַלע צען מיידלעך זענען געשפּרונגען אין אַ ווילדן עקסטאַז, געפאַלן אויף דער ערד, אויפגעהויבן זיך, פאַרוואָרפן די פיס, צווינגענדיק מיט שיכּורע קאַבאַרעט-און-פעלד-ליד-לעך. די געסט זענען געשטאַנען אַרום מיט אַריינגעזעצטע מאָנאָקלען אין די אויגן און גוט זיך איינגעקוקט אין יעדער באַוועגונג, אין יעדן שפּרונג.

דערנאָך האָט מאַיאָר מייער געמאַכט אַ „פּיראַמיד". צוויי מיידלעך האָבן זיך אים אַרויפגעזעצט אויפן האַלז, פאַרוואָרפן מיט די פיס איבער די אַקסלען, אַנדערע צוויי מיידלעך האָבן זיך אים אָנ-געהאָנגען אויף די שטאַרקע מוסקולן פון די הענט, און איינע, די סאַמע קלענסטע, האָט זיך אים אַרויפגעזעצט אויפן סאַמע שפּיץ האַרט-געשוירדענעם געלבלעכן קאָפּ. אַרום אים האָבן זיך אָנגענומען די איי-בעריקע מיידלעך ביי די הענט און געטאַנצט אַ ווילדן משוגענעם טאַנץ.

מיט אַרויסגעזעצטע שיכּורע אויגן, מיטן אָנגעגאָסענעם בלוט אין די באַקן און קאַרק, מיט די נאַקעטע מיידלעך אַרום זיך, האָט ער אויסגעזען ווי אַ סאַטיר.

מיט דער גראָבער, פאַרשיכּורטער, הייזעריקער שטים האָט ער געזונגען אַ ליד, אַן אַלט בורשן-ליד, וואָס ער האָט געדענקט נאָך פון די סטודענטן-יאָרן. ער האָט געזונגען סאָלאָ:

„פּראָו ווירטהין האַטטע
איינען מאַיאָר
דער טרוג אַם......
איינע טראַוער פלאָר...

דער כאָר, אַלע פעלד-מיידלעך און אָפיצירן, האָבן באַגלייט:

„יאַ אַן דער נאַזע
דעסס מאַננעס
ערקענט מאַן
דען יאָהאַנעס...

דערנאָך האָט מען גאָר אַרויסגענומען די פּיסטאָליעטן פון די טאַשן און מען האָט גענומען צילן אין די מיידלעך. עס איז געגאַנגען אַ געוועט, ווער עס וועט קענען אַרויסשיסן אַ מיידל דאָס גלאָז ווײַן פון האַנט, ווער עס וועט איבערשיסן האַרט איבער אַ מיידלעס רישן קאָפּ און אָנזענקען מיט דער קויל בלויז די שפּיץ האָר. די מיידלעך האָבן געציטערט, געבעטן זיך:

— אַך, וואָס מאַכט זי דען, הערר לויטנאַנט?

נאָר די אָפיצירן האָבן געטון זייערס. און דערנאָך האָט מען גאָר געמאַכט אַ ווײַן־באָד. מען האָט אַוועקגעלייגט דאָס שענסטע מיידל אויף דעם טיש, באַגאָסן זי מיט ווײַן פון קאָפּ ביז די פיס און אַלע אָפיצירן האָבן אַרומגערינגלט דאָס באָדנדיקע מיידל און געזשליאָקעט דעם רינענדיקן ווײַן.

— פּראָס׳ט נוי־יאָר! — פּראָס׳ט!

פּאַרטאָג, פּונקט האַלב זעקס, ווען אַלע זענען זיך שוין פון קאַסינאָ פאַנאַנדערגעגאַנגען און איבערגעלאָזן נאָך זיך וואַלגערנדיקע פלעשער, אויסגעשאָסענע קוילן און ווייבערישע האָר־נאָדלען; ווען אין באַראַק זענען די צוריקגעקומענע אַרבעטער ערשט נישט לאַנג איינגעשלאָפן אין צעשויבערטן שטרוי, מידע, פאַרטרונקענע, מיט ברענענדיקע הערצער פון ביליקן ספּירט, מיט צעווייטיקטע געמיטן פון די געפּטרטע מאַרקן און נישט־באַפרידיקטער ליבע, — האָט זיך דאָס פייפל פון בריק צערעדלט אין לופט.

די ערשטע האָבן זיך אויפגעכאַפּט די עלטערע אַרבעטער, וואָס זענען נישט געגאַנגען הוליען אין שטעטל. יידן האָבן געריבן די אויגן, געצויגן די הענט, אויסגעגעניצט האַלב־דערזאָגטע „מודה־אניס" און געוועקט די יונגען:

— חברה, אויפגעהויבן זיך, דער „רויטער האָן" קרייט שוין!...

עלטערע גוים האָבן זיך געצלמט און געוועקט די שקאָצים:

— כלאָפּצי, אָנגעטון זיך! — די „סירענע" רופט!

נאָר יונגוואַרג האָט זיך נישט גערירט.

— שלאָפן לאָזט! — האָבן זיי געשריגן — זאָל זי שרייען אויף די ציין.

די אַלטע האָבן די אויערן נישט געגלויבט. דאָס ערשטע מאָל האָט מען דאָ אַזעלכע ווערטער קעגן פייפל גערעדט.

— נו — האָבן די אַלטע געריסן די שלאָפנדיקע ביי די אַקס־לען — גיכער, מ׳עט נאָך פאַרשפּעטיקן.

— מ׳עט נישט גיין! — האָט אַ יונג געענטפערט.

— ניע פּוידזיעם! — האָט אַ שייגעץ געזאָגט.

— יום־טוב הײַנט! — האָט אַ צווייטער אַרײַנגעוואָרפן.

— ניי־יאָר! — האָט אַ דריטער געברומט.

און עפּעס, ווי אָפּגערעדט זיך, האָט זיך אַן אומווילן אָנגע־הויבן טראָגן איבערן פינסטערן באַראַק און אָנגעשטעקט די שטיקנ־דיקע בראָנפן־אָנגעזאַפּטע לופט.

— ניע פּוידזיעם!

— ניע !

דער גאַנצער אומזין פון מאַיאָר מייערס רו, וואָס דאַרף דויערן פון זעקס פאַרנאַכט דעם איין און דרייסיקסטן דעצעמבער טויזנט ניין הונדערט פינפצן, ביז זעקס פרי דעם ערשטן יאַנואַר טויזנט ניין הונדערט זעכצן, איז געשטאַנען אין שטיקנדיקן באַראַק, אָנגעשלאָגן אין די האַלב־פאַרשלאָפענע צעשויבערטע קעפּ, געענבערט אין זייער טעמפּקייט און עפּעס קלאָר געמאַכט, שטאַרק קלאָר געמאַכט. — און שטימען, פול מיט כּעס, פאַרביטערונג האָבן זיך געטראָגן אין שטרוי, געבונטעוועט זיך קעגן פייפל.

— מיר׳ן נישט גיין!

דער צווייטער פייף האָט זיך דורכגעשניטן אין לופט, דורכגע־שניטן זיך שאַרף, מאָנעריש, קוויטשעדיק, דרייענדיק זיך ווי אָן אַ סוף גאָר.

יונגען האָבן זיך פאַרשטופּט מיט די פינגער די אויערן. גלייך זיי וואָלטן דאָס ערשטע מאָל געהערט אַ פייפל.

— טשיכאָ! — האָבן קולות געשריגן — ווער פאַרשטומט.

— שווייג!

— רעד צום דאַשעק!

וואָס מער דאָס פייפל האָט גערופן, אַלץ מער האָט דער כּעס זיך געשטאַרקט. די גאַנצע אומרעכט פון אַלע איבערגעריסענע

שלאָפנדע שעהן האָבן זיך ווי מיטאַמאָל אַוועקגעשטעלט פאַר די אויגן. ווי אַ פאַרגליווערונג איז אָנגעפאַלן, געטראָגן זיך פון ווינקל צו ווינקל און נישט געלאָזט זיך רירן פון אָרט.

— מירן נישט גיין!

— גיין!

ביים רויטן פעלץ האָבן די אויגן געלויכטן אין דער פינס־טערניש אַריין.

— ענדלעך! — האָט ער געזאָגט לערנערן און געפינקלט אויף אים מיט גרינע פייערלעך אין די אויגן.

לערנערן האָט דאָס בלוט אין קאָפּ צוגעשלאָגן. צו אומגעריכט איז עס געקומען. די פלוצלינגקייט האָט אים איבערראַשט, און אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט אים אָנגעהויבן עפּעס צוריקצוהאַלטן,— באַאומרויקן.

— שוין? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען — שוין איצט?

— איצט אָדער קיינמאָל נישט — האָט דער פעלץ געזאָגט און אים געוויזן מיט דער האַנט אויף דעם באַראַק.

לערנערן האָט אַזש אָטעם פאַרפעלט פון פלוצלינגן און אומגע־ריכטן. ער האָט אויפגעעפנט דאָס מויל, אַריינגעצויגן אין זיך אַ ריח פון איינגעהאַלטנקייט, אָנגעשטרענגטקייט און שכרות. דער גאַנצער באַראַק איז געווען דורכגענומען מיט בראָנפן, מיט שכרות. דאָס האָט אים קלאָר געמאַכט. ער האָט זיך צוגעבויגן צום פעלץ, אַ פיר געטון מיט דער האַנט אין אַ קרייז, ווי ער וואָלט דעם גאַנצן באַראַק אַרומנעמען, און געזאָגט שטיל:

— דאָס איז איין פאַס בראָנפן! — זעט!

— בעסער! — האָט דער פעלץ געזאָגט און אַריינגעצויגן אין זיך די האַרבקייט — ווי געווונשן.

לערנער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַגרייפן.

דער פעלץ איז אַרומגעלאָפן פון איין אָרט צום צווייטן, אומע־טום איז ער געווען, אומעטום עפּעס גערעדט, אַוועקגעלאָפן, געמאַכט מיט דער האַנט, מיט דער איינער האַנט, וואָס האָט נאָר פיר און אַ האַלבן פינגער — און פון אַלע זייטן, ווו נאָר ער איז צוגעקומען, האָבן זיך געטראָגן קולות:

— ניע פּוידזשעם, שוויענטאָ!

נישט אַזוי האָט ער זיך געהאַט פֿאָרגעשטעלט, לערנער, ווען עס זיין דאָס, אויף וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געאַרבעט, געוואַרט, צוגעגרייט, די שקאָצים האָבן געשריגן:

— מירן נישט אַרבעטן! — אין קאָשטשאָל קומט!

עלטערע גוים האָבן אויך אָנגעהויבן צושטיין:

—נישט לאָזן זיך פֿון די שוואַבסקע יערעטיקער! — אַ זינד!...

לערנער האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן אַרום זיך. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט, וועט עפּעס אַ הייליקער קאַטוילישער פּאַן באַווייזן זיך אין לופֿט און דער עולם וועט אַוועקפֿאַלן אויף דער ערד קניען.

ער האָט נאָכגעיאָגט דעם פּעלץ, צוגעשטיקט אים צו אַ ווינקל און אַריינגעקלאַמערט אים אין זיינע הענט.

— הערט! — האָט ער גערעדט האַסטיק — הערט, וואָס מען פֿאָדערט!

דער פּעלץ האָט אים נישט געלאָזט פֿאַרענדיקן.

— נאַרישקייטן! — האָט ער געזאָגט מיט כּעס — אַלץ דאַרף מען אויסנוצן.

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער, האָט ער זיך האַסטיק אַרויסגעריסן פֿון לערנערס הענט, פֿלינק, ווי אַ קאַץ, זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף דעם אייזערנעם אויוון, וואָס שטייט אין מיט באַראַק, און אַ דונער געטון מיט זיין הויכער שטים:

— טאָוואַרזשישע!

לערנער האָט געזען, אַז עס איז געשען — און ער האָט מער נישט גערעדט קיין וואָרט. ער איז גיך צוגעלאָפֿן צו דער צווייטער זייט באַראַק, וווּ די יידישע אַרבעטער האָבן זיך געהאַלטן, אַרויפֿגעכאַפּט זיך אויפֿן טיש און געשריגן צו זייניקע:

— חברים!

אין פֿינסטערלעכן טומלדיקן באַראַק איז געוואָרן שטיל. צוויי געדיכטע קופּעס האָבן זיך צונויפֿגעקוועטשט, איינע לעבן אויוון אַרום פּעלץ, די צווייטע לעבן טיש אַרום לערנערן, און מיט צוגעלייגטע קעפּ, מיט אויפֿגעשטעלטע אויערן און אָפֿענע מיילער גע-

שלונגען יעדעס וואָרט, וואָס איז געפאַלן פון דער הויך.

פראָסטע רייד האָבן זיך געטראָגן אין פינסטערלעכן באַראַק. רייד — שווערע, האַרטע, דומפּיקע ווי שווער, דומפּיק און האַרט עס־זענען געווען די צוזאַמענגעקוועטשטע צוהערער, די אָנגעשטרענגטע פּאַרטאָגעדיקע לופט. נאָר יעדער האָט זיי געהערט, ווי זיי וואָלטן זיין אַ נייעס.

— גענוג געלאָזט זיך פייניקן! — האָבן די שטימען פון דער הויך געררופן.

— גענוג! — האָבן קולות געענטפערט.

— מיר ווילן ברויט צו דער זעט!

— ברויט!

— נישט אַרבעטן קיין פייער־שעהן!

— נישט אַרבעטן!

— רוען אַ טאָג אין וואָך!

— רוען!

— נישט רירן זיך פון אָרט, ביז מען וועט נישט נאָכגעבן!

— נישט רירן זיך!

— נישט אָפּשרעקן זיך, האַלטן זיך פעסט ווי אייזן!

— ווי אייזן!

אויף אַ ווײַלע האָבן זיך די צוזאַמענגעקוועטשטע קעפּעס אָנגעהויבן ברעכן.

איינער אַ ייד אין אַ שפּענצער, פון וועלכן עס קוקן אַרויס די ציצית, האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן צווייטן עק טיש און געשריגן מיט הויכע קולות:

— יידן, לאָזט זיך נישט אָנרעדן צו שלעכטס! ס׳איז הייגט זייער חגא, נישט אונזער יום־טוב. אַז מיר אַרבעטן אין שבת, מעגן זיי אַרבעטן אין נאַווי־ראָק!

— אמת! — האָבן אים קולות געענטפערט.

— יידן! — האָט דער ייד געשריגן — מירן זיך נישט שלאָגן פאַר ס׳גאַיעס!

— שוין גייט מען זיך אָננעמען פאַרן יויזל? — האָבן זיך שטימען געהערט.

— פּאַר יאָסל פּאַנדרע! — האָבן אַנדערע איבערגעריסן.
— כאָ, כאָ, כאָ — האָבן געלעכטערס געפּלאַצט.
— כי, כי, כי!

לערנער האָט זיך אויסגעדרייט, געריפן צו זיך. נאָר די קופּע האָט זיך אָנגעהויבן רייסן צווישן זיך. שמואליקל זשולטעק איז צוגעלאָפן צום ייד אין שפּענצער און געשלעפּט ביי די פיס פון טיש, האָבן אַנדערע זיך געלאָזט צו לערנערן און געהויבן צו אים פויסטן.
— אַראָפּ! — האָבן געשריגן קולות — אַראָפּ!

פון דער קופּע אַרום פעלץ האָבן זיך הענט געהויבן אין דער הויך און קולות האָבן געשריגן:
— זשידזשי!

נאָר אינמיטן האָט זיך אַריינגעריסן דאָס דריטע פייפל — און גלייך דערנאָך זענען ביידע אויפזעער, פופּ און גערליאַק אַריין און געשריגן מיט שיכּורע שטימען:
— אַרבייטען, פּערפלוכטע באַנדע! דריטער זיגנאַל!

האָט מען פאַרגעסן אין מחלוקת. די גאַנצע אויפרעגונג, צאָרן און קריגערישקייט איז אַריבער צו די צוויי וואַקלענדיקע אָנגעשיכּורטע דייטשן.

— ווינאָש שע, שוואַביע! — האָבן זיי קולות באַגעגנט.
— איבער די קעפּ גיט זיי!
און שטיקלעך שטיין-קוילן האָבן אָנגעהויבן פליען אין דער לופט.

ביידע דייטשן זענען גיך אַנלאָפן, פאַלנדיק פון שיכּרות און שרעק—און דער פעלץ מיט לערנערן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי ביידע זייטן באַראַק טויער. אין איין אויגנבליק איז געשטאַנען לעבן זיי אַ וואַך, אַ וואַך אייגענע יונגען און שקאָצים. און מען האָט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט.
— נישט אַרויסלאָזן קיינעם! — האָבן ביידע אויסגעריפן הויך— ווער ס׳וועט נישט פאָלגן—איבערן קאָפּ.
— איבערן קאָפּ — האָט די וואַך געענטפערט און געדריקט די פויסטן, די האַרטע צוזאַמענגעקוועטשטע פויסטן, גרייט צום שלאָגן.

פון אַ ווייטן באַראַק־ווינקל האָבן זיך נאָך עפּעס ברוגזע ווער־טער געטראָגן, נאָר דער עולם האָט זיי אָפּגעהאַקט:

— שווייגן! — „מילטשעטש!"

האָט קיינער מער קיין וואָרט נישט גערעדט.

אַלע זענען געזעסן אויף די ערטער שטיל, אומבאַוועגלעך, מיט איינגעהאַלטע אָטעמס, מיט שרעק און ערוואַרטונג צוזאַמען.

בלויז פון דרויסן האָט געשטורעמט אַ פאַרטאָגיקער ווינט און געקלאַפּט מיט עפּעס אַ שטיק נאָכהענגענדיקן בלעך איבער אַ דאַך.

יעדע מינוט האָט זיך געשלעפּט ווי אַן אייביקייט. נאָך אַ היפּ-שער צייט וואַרטן, האָבן זיך טריט דערהערט, פעסטע, זעלנערישע טריט, וואָס האָבן זיך גערוקט אַלץ נענטער און נענטער.

ענדלעך זענען זיי אויסגעוואַקסן אַ צענדליק טריט לעבן די אָפענע טויערן פון באַראַק. אויבנאָן איז געגאַנגען מאַיאָר מייער. ער האָט געשפּאַנט האַסטיק, מיט פאַראַדנע מיליטערישע שפּרייזן, נאָר די פיס האָבן אים נישט געפאָלגט און זיך געוואַקלט פון שיכּרות. הינ-טער אים האָבן מאַרשירט אַ צענדליק לאַנד-שטורמער, באַוואָפנט מיט ביקסן.

אָפּגערוקט אויף עטלעכע טריט בלויז פון באַראַק, האָט זיך מאַיאָר מייער אָפּגעשטעלט און געגעבן אַ באַפעל די לאַנד־שטורמער מיט אַזאַ הויכער פייערלעכער שטים, ווי ער וואָלט געהאַט הינטער זיך אַמווייניקסטן אַ גאַנצן רעגימענט.

— האַלט!

די לאַנדשטורמער האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

מאַיאָר מייער האָט זיך דערנענטערט צום אָפענעם טויער און אויסגעווישט די געפּרוירענע וואָנסן פון פראָסט, וואָס האָט זיי באַ־דעקט. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט, אַרויסגערוקט דעם ברייטן ברוסט־קאַסטן, וויפל נאָר עס האָט זיך געלאָזט, און אָנגע-שפּאַרט מיט ביידע הענט אין קאָפּ פון לאַנגן שווערד, וואָס ער האָט פאַרזעצט אין דער ערד, האָט ער באַטראַכט דעם טונקעלן באַראַק, דורכגענומען אים מיט זיינע העלע שטאָלענע דורכדרינגלעכע אויגן.

דער עולם איז געבליבן אומבאַוועגלעך, ווי פריער; אויסגעהאַלטן מאַיאָר מייערס בליק, און מאַיאָר מייער האָט אויפגעהערט קוקן.

— אַופשטעהן! — האָט ער געגעבן אַ באַפעל — הערונטער מיט דען מיצצען!

קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, עפּעס ווי אַ פּאַרגלי־ווערונג איז אויף אַלעם אָנגעפאַלן.

מאַיאָר מייערן האָט דאָס גאַנצע בלוט אָנגעשטויסן אין פּנים — דאָס ערשטע מאָל, אַז זיינער אַ באַפעל איז נישט געהערט געוואָרן. ביידע ברעגן וואָגסן האָבן ביי אים געציטערט פון אויפרעגונג.

נאָך אַ מינוט שווייגן, איז געקומען אַ צווייטער באַפעל:

— הערויס.

קיינער האָט זיך נישט גערירט.

מאַיאָר מייער האָט פאַרביסן אַ ברעג ליפּ. דאָס בלוט אין גע־זיכט האָט זיך ביי אים געביטן — געשטיגן און אַראָפּגעפאַלן.

— וואָס איזט היער לאָאָז? — האָט ער געפרעגט מיט אַן איינ־געהאַלטענער שטים.

לערנער מיטן פעלץ האָבן זיך אַרויסגערוקט אויף אַ האַלבן טריט. —

— מיר שטעלן באַדינגונגען.

— בע-דינ־גונ־גען?

מאַיאָר מייער האָט אַ בליק געטון צום ערשט אויף לערנערן, דערנאָך אויפן פעלץ, דערנאָך ווידער אויף לערנערן, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. אַ ברעג וואָנסע האָט ביי אים געציטערט.

— בע-דינ־גונ־גען! — האָט ער צו זיך אַליין געמורמלט, באַלד האָט ער זיך אויסגעגלייכט און געפרעגט גיך:

— וואָס דען פיר איינע בעדינגונגען?

לערנער מיטן פעלץ האָבן אויסגערעכנט אַלץ, וואָס זיי ווילן:— ברויט צו דער זעט, און שלאָפן גענוג, און רוען איינמאָל אין וואָך, און אַ לוין אַ בעסערער.

ביי יעדער באַדינג האָט אַלץ מער בלוט צוגעשפּאַרט דעם מאַ־יאָר אונטער די אויערן. דער עולם האָט געקוקט אויף זיין אָנגעלאָ־פענעם בלוטיקן פּנים מיט דורכדרינגלעכע אומרויקע אויגן. אָבער באַלד האָט דאָס בלוט אָפּגעטרעטן, אַ בלאַסקייט איז דערויף אָנגעקומען.

— נו יאָ — האָט ער ענדלעך געזאָגט צו לערנערן און דעם פעלץ — מיר ווערדען דאָך ניכט אין „באַראַק" דעריבער שפּרעכען! — קאָמט אין ביורא!

ביידע האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט.

מאַיאָר מייער האָט פאַרמאַכט אַן אויג, אייך אויג און שווייגנ- דיק באַטראַכט דעם באַראַק.

— ליטע, הערויס! — האָט מאַיאָר מייער באַפוילן! — אין ביורא זיך פערזאַמלען, דאָרטען שפּרעכען וויר דעריבער!

צווישן עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג. טייל האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן, געוואָלט זיך רירן.

דער פעלץ און לערנער האָבן געגעבן באַפעלן:

— נישט רירן זיך פון אָרט! — ער וויל אַרויסנאַרן!

און דער עולם איז צוריק געבליבן אויף די ערטער.

מאַיאָר מייער האָט ווידער פאַרמאַכט אַן אויג און אַ נייע ווענ- דונג אָנגענומען:

— יודען אופמערקזאַם! — האָט ער אויסגעשריגן — די יודען האַבען הויטע קיין פייערטאַג, הערויס! — מיט דען פאַלען ווערדען וויר בעזאָנדערס שפּרעכען־

נישט גיין! — האָט לערנער באַפוילן — צוזאַמען זיך האַלטן!

נישט רירן זיך! — האָט דער פעלץ אויסגעשריגן און גע- וויזן אַ פויסט — ווער ס'וועט שטעלן אַ טריט — איבערן קאָפּ!...

האָט מאַיאָר מייער זיך אַוועקגעדרייט פון באַראַק און געווענדט זיינע באַפעלן צו די לאַנדשטורמער:

— געוועהר!

די לאַנדשטורמער האָבן אַראָפּגענומען די ביקסן.

— פערטיג! זעצט אַן!

די לאַנדשטורמער האָבן אָנגעצילט די לופט קעגן באַראַק.

— פויער!

צען ביקסן האָבן געגעבן אַ זאַלב.

רויך, פולווער, קרעכצן, קללות, פאַלנדיקע קערפּערס און בלוט האָבן זיך צעמישגעוויקלט אין אַ פלאַנטער און זיך נישט געקאָנט אויפּפּלאָנטערן!

אין פלאָנטערנדיקן טומל האָבן זיך שאַרפע באַפעלן אַריינגעשניטן — באַפעלן אין דריי שפּראַכן מיטאַמאָל!

— פייער! — האָט מאַיאָר מייער באַפוילן!

— אויף דער ערד זיך אויסלייגן! — האָט לערנער געשריגן!

— הורא נאַ שוואַבווו! — האָט דער „פעלץ" איבערגעשריגן.

די קנויל האָט זיך געבראָכן. טייל האָבן געריסן די דינע ברעטער אין די ווענט און פאַרשווונדן אין דער נאַכט; אַנדערע האָבן זיך געלייגט אויף דער ערד, און אַנדערע האָבן גאָר געכאַפּט, וואָס עס איז געקומען אין דער האַנט, אייזנס, ברעטער, לאָפּאַטעס, שטיקער שטיין-קוילן און מעסערס און גערוקט זיך פאָרויס.

— הורא נאַ שוואַבווו! — שניידט!

אין דער פינסטערער פאַרטאָגעדיקער קאַלטער לופט איז וואַרעם געוואָרן, קוילן, שטיינער און אייזנס האָבן זיך געמישט, געפייפט אין דער לופט, געפאַלן אין פוסטקייט, איבער קעפ — און קולות האָבן געשפּאָלטן די לופט:

— אַנטלויפט! שניידט! — ראַטעוועט — יעזו! פאָרויס!

צו די פוילישע און יידישע קולות האָבן זיך די דייטשע פאַרייניקט:

— גאָטט! — פייער! — צוריק! — הילפע!

פונקט ווי דאָרטן, אויפן פעלד בעת אַן אַטאַקע, נישט זעענדיק קיין זאַך, נישט וויסנדיק ווו און נאָך וואָס, נאָר הערנדיק דעם „הורא", פלעגט ער לויפן מיט דעם באַגגעט פאָרויס און פאָכען, שלאָגן, אַמאָל אין דער לופט, אַמאָל אין עפּעס ווייכס — אַזוי אויך איצט איז לערנער געלאָפן פאָרויס אין דעם פינסטערלעכן פאַרטאָג און געפאָכעט מיט אַ גרויסן שווערן אייזערנעם „לאָם", מיט אַ „לאָם", וואָס מען האַקט אייז, טרעפנדיק אַמאָל אין לופט און אַמאָל אין עפּעס ווייכס.

ער האָט נישט געזען, ווו ער איז, ווו ער לויפט, נאָך וואָס ער לויפט — נאָר געלאָפן, געשלאָגן און געשריגן.

ערשט אַז ער איז שוין געהאַט אָפּגעלאָפן אַ צייט און די פיס האָבן זיך אָנגעהויבן שטרויכלען איבער אייזנס, קלעצער און שטיי-

נער — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע און מיט גרויסע אויפגע-
ריסענע אויגן געקוקט אַרום זיך.

— האַ?

קיינער אַרום אים איז נישט געווען. בלויז אָנגעוואָרפענע
אײַזנס, קלעצער און שטיינער. אַרום איז פּוסט, זעלטן אַ קול הערט
זיך. בלויז דער ווינט שניידט אין פּאַרטאָגעדיקן פרימאָרגן, און ווײַט
אַראָפּ, נידעריק צו דער ערד צעצינדט זיך אַ קאַלטער פּאַרטאָגעדיקער
רויטלעכער פּאַס אויפן גרינלעכן הימל.

ערשט איצט האָט ער זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, וואָס עס איז
געשען און געפּלאָנטערט מיט די פיס, נישט געוווּסט ווו אַ טריט צו
שטעלן — פאָרויס, צי ווײַטער?

ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן דער פעלץ
לעבן אים.

— וואַרף אַוועק! — האָט ער אים האַסטיק געזאָגט.

לערנער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם אײַזן!

— אַראָפּ צום טײַך!

ביידע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער געפרוירענער שטייענדי-
קער ווייסל און מיט פולע טריט געלאָזט זיך פאָרויס.

דער טײַך איז געווען גליטשיק, קרעציק. די באַנאָגלטע פיס
האָבן זיך געגליטשט, געפאַלן, אויפגעשטעלט זיך און געגאַנגען פאָרויס,
אַלץ פאָרויס!

אַז עס האָט אָנגעהויבן ווערן ליכטיק — האָבן זיי זיך ביידע
אַרויפגעדראַפּעט איבער אַ ליימיק געפרוירענעם ברעג און אַראָפּגע-
לאָזט זיך אין אַ שמאָלן שוץ-גרובן, וואָס האָט זיך אַוועקגעשלענגלט
אין דער ווײַטקייט אַרײַן.

עטלעכע צענדליק מעטער איז ער געווען שמאָל, דער שוץ-
גרוב, אָפן, באַלד איז ער געוואָרן ברייטער, אויסגעקלאַפּט מיט ברע-
טער ביי די זייטן און באַדעקט מיט אַ דאַך פון באַלקנס — און
לערנער מיטן פעלץ זענען געקראָכן אין דער פינסטערניש, געגאַנגען
אַלץ ווײַטער און ווײַטער, אַליין נישט ווויסנדיק, וווהין עס פירט זיי.

בלויז די פיס האָבן זיך געשטרויכלט אין בלעכערנע שאַכטלען,
שמאַטעס און אין אומריינקייט — און געגאַנגען ווײַטער.

צום סוף זענען זיי צוגעקומען צו אַ טויטן פּונקט. — קעגנאיבער האָט זיי באַגעגנט אַ וואַנט, אַ שטומע, פינסטערע וואַנט. מיט דעם זעלבערישן אינסטינקט האָבן זיי ביידע גלייך דערפילט, אַז דאָ מוז זיין עפּעס אַן אויסגאַנג, אַ פאַרמאַסקירטער אויסגאַנג — און זיי האָבן געטאַפּט מיט די פינגער אין דער פינסטערניש, געבויגן די קעפּ בידריק, זיך נישט אָנצושלאָגן אָן עפּעס.

לערנער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און דערטאַפּט עפּעס אַ שמאָלע הייל. ביידע האָבן זיך איינגעבויגן אין דרייען, דורכגעקראָכן די שמאָלע הייל און אַריין אין אַ ברייטער אויסגעבויטער שוץ-שטוב. דאָרטן איז געווען אַלץ: הילצערנע טאַפּטשאַנעס, אַ טיש אויף דריי פיס, אַ צעבראָכענע ביקס, עטלעכע שוץ־לעכער פון אַ מענטשלעכער גרויס און געדרייטע שמאָלע טרעפּ, וואָס פירן צו עפּעס אַן אויסגאַנג.

אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, האָבן זיי ביידע זיך אַוועקגעזעצט אויף די באַלקנס איינער לעבן אַנדערן.

— ביסט גאַנץ? — האָט לערנער שטיל געפרעגט.

— יאָ, און דו?

— בלויז אַ ברעג אויער אָפּגעסמאַליעט!

— מיר וואַרטן דאָ ביז נאַכט! — האָט דער פּעלץ דערויף גע-ענטפערט — בייטאָג איז גאָרנישט וואָס צו מאַכן.

— און אַז „זיי" וועלן טרעפן אַהער? — האָט לערנער שטיל געפרעגט.

— וועלן „זיי" קריגן אָט דאָס!...

דער פּעלץ האָט לערנערן געגעבן אָנצוטאַפּן אַ קאַלטן רעוואָלווער.

„זיי" זענען נישט געקומען — דער קורצער ווינטער-טאָג האָט זיך אונטער דער ערד געצויגן ווי אַן אייביקייט. יעדער שאָרך פון דרויסן, יעדער ווינט, יעדער קראַקן פון אַ קראָ האָט אָפּגעשלאָגן מיט אָן אַ שיער ווידער־קולות — נאָר געקומען איז קיינער נישט.

די לאַנגע פּוסטע שטילע אונטערערדישע שעהן האָבן אַזוי לאַנג זיך געצויגן, אַז מען האָט אָנגעהויבן פאַרגעסן אין דער שרעק. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אייביק וועט מען שוין דאָ אַזוי זיצן. איין זאַך האָט געמאַטערט.

— וואָס איז געשען דאָרט? אויף דער בריק?

ביידע האָט דאָס גלייך געמאַטערט. נאָר קיינער האָט זיך נישט פאַרגיינען אַרויסרעדן אַ וואָרט און געשוויגן.

דער פּעלץ האָט כּסדר צוגעלייגט זיין זעלנערישן ציבעלע־זיי־גער צו די אויערן און געגוויט זיך דערגיין די שעהן אין דער פינס־טערניש.

שפּעט בּאַנאַכט האָט ער אַריינגעשטעקט לערנערן דעם רעוואָל־ווער אין קעשענע. פּאַר זיך האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון דער כאָ־ליעווע אַ מעסער, אַ שוסטעריש מעסער מיט אַ לעדערן הענטל, און אַרויסגעדראַפּעט זיך איבער די שמאָלע פאַרמאַסקירטע אָקאָפּ־טרעפּ אין דער נאַכטיקער פינסטערניש אַריין.

— האַלט צו דעם „שפּייער" — האָט ער שטיל געזאָגט — איך אַרבעט בעסער מיט אַ בריטווע...

זיי זענען אַרויסגעקומען צו אַ קוסט, אַ געדיכטן געפּרוירענעם קוסט, אונטער וועלכן די עפענונג איז געווען פאַרמאַסקירט.

דער פּעלץ האָט אַרומגעשמעקט דעם פּוסטן פינסטערן געגנט עטלעכע מינוט, איינגעהערט זיך מיט די אויערן אין אַלע זייטן און געהייסן גיין אין אַ זייט.

אַ גאַנצע נאַכט זענען זיי געקראָכן אין דער פינסטערניש, גע־בלאָנזשעט, געדרייט זיך און ענדלעך אַרויסגעקומען צו אַ שליאַך.

— צוריק! — האָט דער פּעלץ געזאָגט לערנערן — מיט הינטער־וועגן.

אין דעם אויגנבליק האָט זיי אַ בליץ געטון אַן עלעקטריש לעמפּל גלייך אין די אויגן אַריין.

אַ ווייסער פּעלץ מיט אַ שפּיץ פון אַ פּיקלהויב האָט זיך גע־רוקט צו זיי:

— האַלט!

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער ווייסער פּעלץ האָט זיך צוגע־שאַרט. די ביקס איז אים געהאָנגען אויף דעם אַקסל. פון ריזיקן ווייסן פּעלץ האָט אַרויסגעקוקט אַ גראָב אָנגעבלאָזן געזיכט מיט גרוי־סע ברילן.

— וואָהין?—פּאַסיר־שיין!

לערנער האָט אָנגעהויבן זוכן ביי די קעשענעס, אַרויסגעשלעפּט עפּעס אַ דאָקומענט און דערלאַנגט דעם גראָבן דייטש. דער דייטש האָט קוים געריהרט מיט די הענט. ער איז געווען אַזוי פּאַרטוליעט, אַז ער האָט זיך קוים געריהרט. דער דייטש האָט צוגעלייגט דאָס פּאַפּיר צו די פּאַרלאָפענע ברילן און געקרעקט זיך מיט די אָפּגעריבענע ווערטער.

— יאַ — האָט ער געזאָגט — דאָס איזט דאָך צום טויפעל קיין פּאַסיר-שיין — אונד זי! — האָט ער געפרעגט דעם פּעלץ.

דער פּעלץ האָט דערלאַנגט דעם דייטש אַ פּאַפּיר און לערנערן אַ שטייפן קוועטש אין האַנט.

דער פּאַרהילטער דייטש האָט ווידער צוגעלייגט די ברילן צום פּאַפּיר, געזוכט און געברומט:

— וואָס צייגען זי דען? — האָט ער געשריגן און געקוקט אין פּאַפּיר מיט די ברילן — פּאַסיר-שיין!

דער פּעלץ האָט אַריינגערוקט דאָס שוסטערישע מעסער אין האַנט און פלינק, געשיקט, מיט זיכערקייט און געשיקטקייט, אַריינגעזעצט עס דעם גראָבן דייטש אין סאַמע גאָרגל אַריין.

— כאַש, שוואַביע, פּאַסיר-שיין!

— גאָטט! — האָט דער דייטש אויסגערופן, געוואַקלט זיך און געקלעמערט מיט אַ האַנט אין דער ביקס.

לערנער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און מיט דער גאַנצער קראַפט אַ זעץ געטון דעם דייטש מיטן אייזערנעם קאָפּ איבער דער האַנט, און דער דייטש איז געפאַלן אויף דער ערד.

מיט דער זעלבער גיכקייט און געשיקטקייט האָט דער פּעלץ צוריק אַרויסגעצויגן דאָס שוסטערישע מעסער פון דעם אומגעפאַלענעם דייטש, אָפּגעווישט עס אין דייטשישן ווייסן פּעלץ און געכאַפּט לערנערן ביי דער האַנט.

— שנעל!

זיי זענען געלאָפן איבער פרייע פעלדער, וועלדלעך, געפרוירענע טייכלעך, איבער טאָלן און בערג, געלאָפן, געפאַלן און אויפגעהויבן זיך.

פאַרטאָג זענען זיי אָנגעקומען צו אַ דאָרף. בלישטשענדיקע

לעמפּלעך האָבן געפינקלט אין די געפרוירענע קליינע דאָרפישע שייב-לעך. אויף דעם פאַרטאָגיקן הימל האָט זיך געצייכנט אַ שפּיציקער טורעם פון אַ פּאַלאַץ.

— „וואָלקאַ" — האָט דער פעליק אויסגערופן מיט פרייד — דאָ בין איך ווי ביי זיך אין דער היים.

ער האָט אַלע דערפאַר דאָ געקענט, דער פעליק, אַלע פּריציש פּעלע הויפן און פאַראַבקעס. נישט איינמאָל האָט ער דאָ געאַרבעט, שטרייקן אָרגאַניזירט. דאָ האָט ער געהאַט בלויז אייגענע און די גרינע אויגן האָבן ביי אים געלויכטן.

— שנעל! — האָט ער געמונטערט לערנערן און דורך אַ זייטיקן וועג אַריין אין ריזיקן פּריצישן הויף.

— איר דערקענט נישט „כלאָפּצי"? — האָט ער געזאָגט צו די פאַראָבקעס, שקאָצים אין פּעלצלעך און אין קורטקעס.

— ניין, מיר דערקענען נישט.

— שטשיגעל! דערמאָנט איר זיך.

אָליאַ באָגאַ! — האָבן די שקאָצים אויסגערופן — אַזאַ באָרד!

— באַהאַלט אונז! — האָט דער פעליק געזאָגט — גיך און אויף אַ זיכער אָרט... שוואַבעס יאָגן אונז...

— קומט! — האָבן די פאַראָבקעס געזאָגט, נישט איבערפרעגנדיק קיין וואָרט, און אַוועקגעפירט ביידע אין אַ ווייטן פאַרשאָטענעם קאַרטאָפל-קעלער, וואָס שטייט אין אַ ווינקל הויף, באַשאָטן מיט שניי.

נאָכן ערשטן אָנבייסן פון הייסע קאַרטאָפל מיט מילך, וואָס ביידע האָבן אָפּגעגעסן אין קעלער, האָט מען דעם פעליק געבראַכט אַ בריטווע מיט זייף. פון דער העלער באָרד זיינער האָט ער גאָר-נישט איבערגעלאָזן, אפילו די וואָנסן נישט.

לערנער האָט אויך געוואָלט זיך אַרומראַזירן, ער איז איינגאַנצן געווען באַוואַקסן. נאָר דער פעליק האָט אים נישט געלאָזט.

— מוזט דיר פאַרלאָזן אַ באָרד! — האָט ער אים געזאָגט.

שפּעטער מיט פיר וואָכן זענען ביידע, דער פעליק און לערנער, אַוועקגעפאָרן באַנאַכט פון הויף אין פאַרש־דענע זייטן.

דער פעלץ, אַ געגאָלטער, אין אַ קורטקע מיט הויזן, ווי אַ דאָר־פישער שייגעץ, איז געפאָרן מיט אַ פיר האָלץ.

לערנער אין אַ יידישער קאַפּאָטע, מיט אַ פּליושן היטל אויפן קאָפּ, מיט אַ שוואַרץ שטייף בערדל און מיט אַ נייעם נאָמען — איז אַוועק מיט אַ גרויסער פּראָווינצער פור, וואָס פירט קיין וואַרשע זאַלץ און נאַפט.

אויף דער וואַרשעווער ראָגאַטקע, ווו די גרויסע פּראָווינצער פור זייַנע האָט זיך אָפּגעשטעלט צוזאַמען מיט אַלע פּאַסאַזשירן, יידן און יידענעס, האָט אַ פאַרשלאָפענער דייטש געמאַטערט זיך איבער־צולייענען זיין נייעם פּאַס, עפּעס אַ צעריסן שטיקל רוסישן דאָקומענט, און געברומט:

— ס׳גוט, ס׳גוט! לאָס!

אויף דער וואַנט פון וואַך־ביידל האָבן געהאָנגען אַ סך באַפעלן, מיטטיילונגען. צווישן אַלע האָט געהאָנגען אַן אָפּגעצוואָגענער שטעק־בריוו מיט אַ באַלויבונג פון טויזנט דייטשע מאַרק פאַר צושטעלן צוויי בריקן־אַרבעטער בנימין לערנער און אַדאַם קלאָס, וואָס זענען אין דער נאַכט פון ניי־יאָר אַנטלאָפן פון דער בריק און אויפן וועג ערמאָרדעט דעם דייטשן לאַנד־שטורמער יאָהאַן לינקע.

לערנער איז מיטן ערשטן טראַמוויי אַוועק אין שטאָט.

## קאפיטל XI

# אַלײן

אין גרויסן אָפּגעשײלטן הויף, װוּ ר׳ ברוך יוסף האָט געװױנט, האָט מען אױפגעהערט פּאַר ר׳ ברוך יוספן האָבן דרך־ארץ.

— אַ קבצן! — האָבן יידן געזאָגט אויף אים — אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס.

— און אַ פאַרשײטער קבצן דערצו — האָבן אַנדערע געהאַט תרעומות — אַ פאַרריסענער דלות, אַ בעל-גאַװהניק.

ביי ר׳ ברוך יוספן אין שטוב איז געװען שלעכט. אפילו די שטענדיק פאַרשלאָסענע טירן האָבן מער נישט געקאָנט באַהאַלטן דאָס אָרעמקייט.

פון פּאָלװאַרק באָראָװקע, װוּהין ר׳ ברוך יוסף האָט זיך גע-קליבן גראָבן טאָרף, האָט זיך גאָרנישט נישט אויסגעלאָזט—און אַלץ צולב גנענדלען.

באַלד װי די דײטשן זענען אַרײַן אין שטאָט, איז יעקל קאָר־לאָװער געקומען צופאָרן אויף אַ דראָשקע צו ר׳ ברוך יוספן און אָנגעהויבן רעדן אָפענע דיבורים.

— מזל־טוב, ר׳ ברוך יוסף! — האָט ער געזאָגט, װי נאָר ער האָט די שװעל איבערגעטרעטן — מיר האָבן זיך דערלעבט. דער „טאָרף" איז אונזערער...

– כ׳האָב אָבער באַלד געזאָגט, אַז ס׳איז פּאָניעס לעצטע טעג— האָט ר׳ ברוך יוסף זיך באַרימט, כאָטש קיינער האָט דאָס פון אים גאָרנישט געהערט — כ׳האָב באַלד געװוּסט...

און װי ביי יעדער שמחה, האָט ער אַראָפּגענומען פון דער שאַפע דעם בײַליקן בוטעל װײַנשל־זאַפּט און אָנגעגאָסן צװיי פולע חמצדיקע כוסות — איינע פאַר זיך און איינע פאַר יעקלען.

— לחיים, יעקל, לחיים פאַר „באַראוועקע".

— לחיים, ר' ברוך יוסף, לחיים פאַרן טאָרף.

ער האָט געוווּסט, יעקל, וואָס ער טוט. וויפל מאָל ער האָט דערמאָנט דעם טאָרף, אַזויפיל מאָל האָבן ביי ר' ברוך יוספן אויפגעגלאַנצט די אויגן — און ער האָט דאָס וואָרט גאָר פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער עס דערמאָנט.

עטלעכע חדשים צייט איז ער אַלץ אַזוי געקומען, יעקל קאַרלאָווער, און געטרונקען מיט ר' ברוך יוספן וויינשל-זאַפט. די ערשטע עטלעכע חדשים האָט מען נאָך אַלץ נישט געקאָנט פאָרן קיין באַראוועקע. עס האָט געהערט, דאָס פאָלוואַרק, נישט צו די דייטשן, נאָר צו די עסטרייכער, און ביז מען האָט אָנגעהויבן צוריקשיקן די היימלאָזע האָט געדויערט אַ צייט.

איבעריקנס האָט ער זיך גאָרנישט געאיילט אַזוי אין דאָרף אַריין. יעקל קאַרלאָווער האָט דערוויילן דאָ אין וואַרשע געמאַכט גאַנץ גוטע געשעפטן. פונקט ווי פריער מיט די רוסישע אָפיצירן, האָט ער זיך שוין געקענט איצט מיט די דייטשע אָפיצירן, געווען מיט יעדן אויסגעקאָכט, געשפילט צוזאַמען אין קאָרטן, געגאַנגען איבער די רעסטאָראַנען, געשאָנקען מתנות און געמאַכט געשעפטן. ער האָט שוין געהאַט איצט עטלעכע קאָנצעסיעס אייגענע. קאָנצעסיעס אויף אַ מיל, אויף אַ גאַרבערײַ און אַפילו צו האָלץ, צו וועלכן קיינער האָט נישט געהאַט קיין צוטריט, האָט ער, יעקל קאַרלאָווער, באַקומען אַ וועג.

פונקט ווי פריער די רוסישע אָפיצירן, אַזוי זענען אויך איצט די דייטשן געווען פון אים אַנטציקט, געהאַלטן פון אים אַ וועלט.

— יאַ—האָבן זיי געזאָגט ביי יעדער געלעגנהייט — דער קאַרלאָווער איזט בראוו אונד עהרליך, דער איזט יאַ קיין יודע...

ער האָט שוין אַליין אָנגעהויבן קליידן זיך אַפילו ווי אַ דייטש. אויסגעפוצט זיך אין געלע שיך מיט גלאַנציקע געלע שטולפּן, ווי אַלע דייטשע אָפיצירן טראָגן. הויזן האָט ער געטראָגן העלע, געפּאַסטע, דעם קאָפּ האָט ער דין געשוירן, מעשה מיליטער-מאַן, אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שפּיץ-רוט, מיט וועלכן ער האָט זיך ווײַלױנגעריש געשמיסן איבער די גלאַנציקע כאָליעוועס. אַפילו אַ הונט,

אַ וואָלף האָט ער זיך איינגעהאַנדלט ביי איינעם אַ דייטש, אַ פעלד־זשאַנדאַרם, און גערעדט צו אים הויל דייטש:

— העקס! — האָט ער אים אָפט גערופן — העקס, פאַס מאהל אוף... העקס!

יידן האָבן אים אָפגעטרעטן דעם וועג, אַז ער איז דורכגעגאַנגען מיט זיין הונט, אָננעמענדיק אים פאַר אַ דייטשן געהיים־אַגענט. סוחרים האָבן אים די שוועלן פון זיין שטוב אָפגעשלאָגן נאָך טובות צום דייטש.

— הער קאַרלאָווער — האָט מען אים געחנפעט — איר זענט דאָך ביי „זיי" גרויס, — טוט אַ טובה.

עס איז אים דאָ גוט געווען אין וואַרשע. אים האָט זיך גאָר נישט געגלוסט אַוועקצופאָרן אין דאָרף און אַריינבראָקן געלט אין די באַראווקער זומפּן, פונוואַנען ר׳ ברוך יוסף וויל שלעפּן טאָרף.

דעריבער טאַקע איז ווילאַנג מען האָט צו די עסטרייכער נאָך נישט געקאָנט קומען, איז ער געקומען יעדן טאָג צו ר׳ ברוך יוספן אין שטוב, געטרונקען ווײנשל־זאַפט און מכבד געווען ר׳ ברוך יוספן מיט געשמאַקע ציגאַרן.

— ס׳שמעקט גוט! — האָט ער געלויבט דעם ציגאַר, פונקט אַזוי ווי די דייטשע באַיאָרטע קאַפּיטאַנען און מאַיאָרן זאָגן עס, ווען ער איז זיי מכבד מיט אַ גוטן ציגאַר — ס׳שמעקט גוט...

גנענדל האָט זיך אמת געהאַלטן פון דערווייטנס. ער האָט זי נישט געקענט צוציען צו זיך נישט מיט די גלאַנציקע דייטשע שטולפּן, נישט מיט דעם שפּיצרוט, נישט מיט דעם פאַרדייטשטן יידיש, מיט וועלכן ער האָט איצט גערעדט און אפילו נישט מיטן „וואָלף" העקס...

— פאַשאל! — האָט זי געטריבן דעם הונט פון זיך יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט די פאָדערשטע פיס און געריבן זיך איר אין די קניען.

יעקל קאַרלאָווער האָט איר פאַרריכט:

— גוטשעלע — „פאַשאל" פאַרשטייט ער נישט. מען דאַרף אים זאָגן אויף דייטש — „העקס, בלייבע רוהיג".

נאָר גנענדל האָט צו אים נישט געוואָלט רעדן קיין דייטש.

און יעקל האָט זיך געפילט באַליידיקט.

אָבער ער האָט זיך קיין סך נישט געמאַכט דערפון.

— ס'איז גאָרנישט! — האָט אים זיין שדכן כתריאל בורר אויס־גערעדט — ר' ברוך יוסף האָט די דעה, נישט דאָס מיידל.

און יעקל קאַרלאָווער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזוי איז עס.

מיטן געדולט פון אַ גוטן סוחר און אונטערנעמער, וואָס אַז ער וואַרפט אַן אויג אויף עפּעס, לאָזט ער עס שוין נישט פון די הענט אַרויס, איז אים נישט מיאוס געוואָרן קומען יעדן טאָג צו ר' ברוך יוספן, אָוועקזעצן זיך מיט אים ביים טיש און רעדן איינס און דאָס זעלבע:

— ר' ברוך יוסף, אינגיכן וועט מען שוין פאָרן... אינגיכן נעמט מען גראָבן...

אַ סך מאָל האָט אים גנענדלס עקשנות אַפילו הנאה געטון. ער האָט שוין געזען דעם טאָג, ווען איר עקשנות ווערט געבראָכן — ער האָט געזען שוין אַפילו, ווי עס וועט אויסזען זייער וווינונג, דאָס מעבל דאָס נייע, דער שלאָף-צימער. געסט קומען צו זיי, הויכע געסט, אָפיצירן. אַלע קוקן אויף איר, זיין גוטשע, וואָס דרייט זיך אַרום איבער די זאַלן אין ווייכע זיידענע קליידער, און זענען אים מקנא:

— אַך, וואס פיר איינע הערליך שיינע פראו זי האַבען, הערר קאַרלאווער...

און וואָס מער נישט צוטריטלעך זי איז געוועזן, אַלץ מער האָט עס אים הנאה געטון, זייענדיק זיכער ביי זיך, אַז זי וועט סוף כל סוף זיין זיינע.

—נישט געזאָרגט, ר' ברוך יוסף, מירן גראָבן טאָרף... גראָבן.., אָבער געשען איז עפּעס אַנדערש:

אין לעצטן טאָג, ווען מען האָט שוין געקאָנט פאָרן קיין באָ־ראַחוקע, איז יעקל קאַרלאָווער געקומען צו ר' ברוך יוספן נישט אַליין, נאָר מיט ר' כתריאל בורר און מיט עטלעכע פלאַשן גוטן וויין.

— מזל טוב! — האָט ער געזאָגט — מזל טוב, ר' ברוך יוסף! מען פאָרט אַהיים!

און גלייך איז ער אַרויפגעפאַלן אויף ר׳ ברוך יוספן און אים צוויי מאָל אַ קוש געטון איןביידע באַקן.

ביי ר׳ כתריאל דעם בורר, וואָס איז געווען אָנגעטון אין דער גלאַנציקער אַלפּאַגענער זשיפּיצע, האָט געשיינט דאָס פּנים מיט דער שיינענדיקער צופרידנקייט, וואָס איז אַזוי אייגנאַרטיק פאַר שיינע יידן אָרעמע־לייט, וואָס געלינגט זיי אויסצופירן אַ לייטישן שידוך און כאַפּן מן-הצד אַן אומגעריכטן רח״ש.

יעקל קאַרלאָוועצר האָט פלינק געעפנט די פלעשער ווייַן, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, פונקט ווי די קעלנערס אין די גרויסע רע־סטאָראַנען מאַכן עס; ער האָט אויסגעווישט מיט אַ סערוועטל דאָס העלזל און געקוקט מיט איין מבינישן אויג אויף די אָנגעגאָסענע גלעזער.

— איר קאָנט נישט טרינקען, ר׳ כתריאל — האָט ער געזאָגט פרייליך — אַזוי גיך טרינקט מען פסחדיקן באָרשט, — נישט אַזאַ וויין!

פון גרויס גדולה האָט ער אפילו אָנגעהויבן זיך פאַרגעסן און אַ קיצל געטון ר׳ ברוך יוספן אין בויך:

— נישט געזאָרגט, ר׳ ברוך יוסף — מ׳עט גראָבן...

ער האָט געכאַפּט ביי ר׳ ברוך יוספס ווייב טויבעלען איר האַנט און אַ קוש געטון, כאָטש זי האָט זיך געוועהרט.

— מחותּנתטע — האָט ער געשריגן — ווערט זיך נישט! — זאָל דאָס מיר צוקומען, וואָס אייער טאָכטער וועט ביי מיר אָפּקומען!

צום סאַמע סוף איז ער אַריינגעפאַלן צו גנענדלען מיט צוויי גלעזער וויין אין ביידע הענט.

— גנענדעלע, גוטשעלע, צום וואָהל זיין!

נאָר גנענדל האָט זיך צוריקגערוקט, איבערלאָזנדיק אים אין מיט שטוב מיט ביידע גלעזער וויין אין די הענט, און יעקל איז אַזוי אַראָפּגעפאַלן, אַז די הענט האָבן אים געציטערט און דער וויין האָט זיך געגאָסן איבער די העלע הויזן זיינע און איבער די דייטשע שטולפן.

ער האָט אָנגעהויבן בעטן, קליין געוואָרן ווי אַ קינד.

— גנענדעלע — האָט ער געבעטן און אויסגעשטרעקט אַ האַנט — פאַרוואָס ?

גנענדל איז געזעסן אויף אַן אָרט, געקוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן און געשוויגן.

יעקל איז נאָך קלענער געוואָרן. אַן אונטערטעניקייט האָט זיך אויסגעלייגט ביי אים אין פּנים.

גנענדל האָט אויף אים אַ בליק געטון.

— גנענדעלע ! — האָט ער געמורמלט.

און איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז נישט יעקל, נאָר זיין פאָ־טער גדליה שטייט דאָ אין שטוב. פּונקט אַזאַ אונטערטעניק פּנים פלעגט ער האָבן, דער טאַטע זיינער, גדליה ווייזל, ווען ער פלעגט פאַרבייגיין אַמאָל דורך זייער הויף אין בּאַראַווקע, טרייבנדיק אַ ביקל אין אַ הייסן, קאָכעדיקן זומער־טאָג און געבעטן אַ טרונק וואַסער. — אפילו דאָס קול זיינס איז געווען דאָס זעלבע ווי ביים פאָטער זיי־נעם. יענער פלעגט אויך אַזוי עס־הארציש איבערטריבן דאַנקען פאַרן וואַסער, וואָס מען פלעגט אים אַרויסטראָגן.

— גנענדעלע ! — קניינע האָרע ! — פלעגט ער זאָגן פאַר דאַנק־באַרקייט — גנענדעלע.

זי האָט אויף אים רחמנות געהאַט, פּונקט ווי זי פלעגט רחמנות האָבן אויף דעם טאַטן זיינעם, בעת ער פלעגט אַ מידער, אַן אָפּגעע־האָרעוועטער אויסטרינקען מיטאַמאָל אַ גאַנצן קופערנעם שעפער קאַלט וואַסער. — עס האָט זיך איר אפילו געגלוסט אָננעמען אים ביי דער האַנט און אים אויסרעדן:

— יעקל, מ׳דאַרף נישט אַזוי...

נאָר אָט האָט יעקל געטון אַ מאָדנעם שריט — ער האָט זיך פּלוצלינג געגעבן אַ זעץ אַראָפּ אויף דער ערד צו איר שטול און גע־נומען קושן איר אין די הענט, שטייענדיק אויף איין קני.

— גנענדעלע, ווייסט זיין גליקלעך ביי מיר. גנענדעלע, אויף די הענט וועל איך דיך טראָגן... די פיס דיינע קושן...

און ער איז איר געוואָרן אַזוי קאַמיש, אַז זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַרויסצולאַכן.

— זאָל מיך יעקל אָפּלאָזן! — האָט זי געשריגן — זאָל יעקל גיין, גיין...

און ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, אויסגעגלייכט זיך און מיט פעסטע געזעצטע טריט אַריין צו ר׳ ברוך יוספן אין שטוב.

— ר׳ ברוך יוסף — האָט ער געזאָגט בייז — אייער טאָכטער וואַרפט זיך מיט מיר.

דער ערשטער האָט זיך אַריינגעמישט ר׳ כתריאל בורר.

מיט דער פּלוצלינגדיקער פרייהייט פון אַ שיינעם ייד, וואָס דאַרף אין אַ וויכטיקן מאָמענט רעדן מיט אַ פּרוי, איז ער אַריין צו גנענדלען אין אַלקיר און גענומען רעדן מיט שכל, ווי אַ ייד אַ בר-דעת דאַרף עס מאַכן.

— טאָכטער — האָט ער געזאָגט פאָטערלעך — אין מלחמה-צייט וואַרפט מען זיך נישט מיט אַזאַ יונגערמאַן, ווי יעקל. ער איז קורח-רייך און ער האָט דיך — גערן — דער יעקל...

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

ר׳ כתריאל בורר האָט נישט אָפּגעלאָזן — ער האָט גענומען אַן אַנדער ווענדונג:

— מיינסט, קינד — האָט ער געזאָגט שטילער — אַז איך ווייס נישט וואָס הייסט הם... אהבה—ליבע — איך ווייס! — אויך אין דער תורה איז דערמאָנט וועגן דעם... יעקב אבינו... וואָס דאַרף מען מער! — נאָר פונדעסטוועגן איז אַ טאַטע וויכטיקער — מען האָט נאָר איין טאַטן, נישט קיין צוויי, ווייסט דעם מצב...

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

ר׳ כתריאל בורר האָט נאָך געפּרוווט דאָס לעצטע מיטל. — ער האָט זיך צוגעבויגן צו גנענדלען נאָענט, שיער נישט צום אויער און גערעדט שטיל, סודותדיק:

— מיידל, ס׳גייט אין מסירת־נפש, ביסט ר׳ ברוך יוספס טאָכ-טער, און קיין פינגער אין מויל דאַרף מען דיר נישט לייגן...

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

ר׳ כתריאל בורר איז אַרויס, ווישנדיק דעם פאַרשוויצטן שטערן מיט אַ גרויסער קעשענע־פאַטשיילע.

— גייט איר, ר ברוך יוספס ווייב — האָט ער געזאָגט — אַן אשה אַן אשה רעדט גיכער צום האַרץ.

טויבעלע איז אַריין אין אַלקיר.

— גנענדעלע! — האָט זי געבעטן.

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

— גנענדעלע, גיי בלויז אַריין אויף אַ ווײַלע.

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

— גנענדל, מען טאָר נישט מביש זיין קיין מענטש.

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

דער לעצטער איז אַרייגעקומען ר׳ ברוך יוסף אַליין.

די פענסטע זענען אים שוין באַצייטנס געריטן אויף דער שאַרפער געבויגענער נאָז, די שאַרפע הערעלעך פון די נאָזלעכער האָבן ביי אים געציטערט. ער האָט אָנגעהויבן מיט גוטן.

— האָ, האָ, גנענדל! — האָט ער געחוזקט — ביזט ב׳טאַטנס טאָכטער!

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

ער האָט זי באַטראַכט עקשנותדיק און די פענסטע זענען אים אַליין אַראָפּגעשפּרונגען פון דער נאָז.

— נו, נו — האָט ער געזאָגט — גענוג! אַלץ דאַרף זיין מיט אַ מאָס, אפילו עקשנות אויך. קום אַריין.

גנענדל האָט נישט געענטפערט.

ר׳ ברוך יוספן איז אָנגעלאָפן דער קאַרק מיט בלוט.

— אַריין! — האָט ער אַ געשריי געטון און אַ קלאַפּ געגעבן מיט דער האָריקער פויסט אין טיש — טו דיך אָן און גיי אַריין!

נאָר גנענדל האָט נישט געענטפערט.

האָט ר׳ ברוך יוסף אויפגעעפנט די הויז־טיר אין דער גאַנצער ברייט און באַפוילן:

— צום זעלנערוק גיי! — צום זעלנערוק!

און גנענדל האָט זיך אויפגעהויבן, גלייך געמאַכט די האָר און אַרויס פון שטוב.

אַלע, די מומע טויבעלע, ר׳ כתריאל בורר און אפילו יעקל קאַרלאָווער האָבן זיך געריסן צו דער טיר.

— גנענדל, גנענדעלע! קינד מיינס! — האָט טויבעלע געשריגן.

— לאָזט זי נישט, ר׳ ברוך יוסף! — האָט ר׳ כתריאל בורר זיך געבעטן—אַ מיידל טרייבט מען נישט!

— גנענדל, בלייב! — האָט יעקל קאַרלאָווער געבעטן און פאַרשטעלט איר דעם וועג.

נאָר נישט גנענדל, נישט ברוך יוסף האָבן נאָכגעגעבן. טויבעלע איז אַרומגעלאָפן ווי אַ הון, וואָס אירע אויסגעזעצטע קאַטשקעלעך לאָזן זיך דאָס ערשטע מאָל אויפן וואַסער. יעקל קאַרלאָווער איז אַוועק, נישט געזעגנדיק זיך אפילו. ר׳ כתריאל בורר האָט זיך אַרומגעדרייט מיט ביידע הענט פאַרשטעקט אין די הינטערשטע קעשענעס פון זיין אַלפּאַגענער בעקעשע און איבערגעחזרט צענדליקער מאָל די זעלבע ווערטער.

— קאָסאַ נאַ קאַמיען! זינד עך לעב!

און וואָס אַ טאָג איז איצט געוואָרן אַלץ ערגער ביי ר׳ ברוך יוספן אין שטוב.

שכנים אין הויף האָבן עס דערפילט און אַלע טאָג אַלץ מער דעם דרך־ארץ אָנגעוווירן צו ר׳ ברוך יוספן.

— אַ קבצן! — האָט מען געזאָגט — און אַ פאַרשייטער קבצן דערצו! אַ בעל־גאווהניק.

איבערהויפּט האָט מען אָנגעהויבן פון אים נישט צו האַלטן, נאָכדעם ווי מיליציאַנטן האָבן ר׳ ברוך יוספן מיט זיין ווייב געפירט אין באָד אַריין.

גרויסע פּאַרטיעס מיליציאָנערן, פּוילישע מיליציאָנערן, וואָס די דייטשן האָבן זיי קיין געווער נישט אָנגעטרויט, בלויז שטעקעלעך — האָבן זיך אַרומגעשלעפּט גאַנצע טעג איבער די וואַרשעווער יידישע גאַסן, באַפאַלן הייזער, דורכגעקוקט ביי יידן די בערד, ביי ווייבער די קעפּ, און גאַנצע מחנות יידן, ווייבער און קינדער אָפּגעפירט איבער די גאַסן צו די שמאָטישע בעדער, צו די ענטלויזונגס-אַנשטאַלטן. דאָרטן האָט מען די יידן אָפּגעשוירן די בערד, די ווייבער און מיידלעך אָפּגעגאָלט די קעפּ, די מלבושים אויסגעקאָכט אין קעסל, און נאָך עטלעכע טעג הונגערן, אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי פּאַר־

שעמטע, יידן מיט ליידיקע באַקן, ווייבער מיט קליינע געגאָלטע קעפּ, וואָס האָבן אין די אויסגעקאָכטע איינגעצויגענע רויטלעכע מלבושים אויסגעזען נאָך קלענער און אָרעמער ווי אין דער אמתן.

זיי האָבן געאַרבעט טעטיק, די מיליציאָנערן מיט די שטעקעלעך אָנשטאָט געווער. יידן האָבן אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע, אַבי נישט אַריינצופאַלן אין זייערע הענט, און זיי זענען פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט אַריין אַרומגעקראָכן איבער די הויפן, אָפּגעשלאָסן טיר און טויער, גענומען געלט און ווער עס האָט נישט געגעבן, געפירט אין באָד.

ביי ר׳ ברוך יוספן אין שטוב איז געווען ריין, קיין שפּרענקעלע אויף דער פּאָדלאָגע איז נישט געווען. און ר׳ ברוך יוסף האָט זיך איינגעשפּאַרט, ווען די מיליציאָנערן זענען צו אים אַריין

— קוקט! — האָט ער געזאָגט — זוכט!

די מיליציאָנערן האָבן געקוקט אין די בעטן, אונטערגעהויבן דאָס בעטגעוואַנד און נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

—אָ! — האָבן זיי זיך דערפרייט, פּאַקנדיק אַ שטיקל פאַרוואָרפן פּאַפּיר, אַ ביסל שטויב — און דאָס וואָס איז?

טויבעלע האָט זיך געבעטן:

— ברוך יוסף, גיב זיי אין „יד" אַריין.

— ניין! — האָט ברוך יוסף זיך געהאַלטן ביי זיינס—זיי האָבן נישט קיין רעכט.

— ברוך יוסף, מען וועט אונז מבייש זיין! געדענק

— זיי האָבן נישט קיין רעכט! — האָט ר׳ ברוך יוסף געשריגן — די גאַנצע וועלט זאָל זיך צוזאַמענקומען, וועל איך אויסווייזן, אַז זיי האָבן נישט קיין רעכט צו טשעפּען ריינע שטובן!

טויבעלע האָט געוויינט, געבעטן, נאָר ר׳ ברוך יוסף האָט זיך אָנגעהויבן קריגן מיט די מיליציאָנערן:

— גנבים! — האָט ער געשריגן אויף זיי — כאַבאַרניקעס! איך וועל אייך קיין געלט נישט געבן, בשום אופן נישט!...

און די מיליציאָנערן האָבן אים מיט טויבעלען אַרויסגעפירט מיט געוואַלד פון שטוב, די שטוב פאַרחתמעט, און צוזאַמען מיט הונדערטער אָפּגעריסענע יידן, צעקודלטע ווייבער, בעטלערס, גאַסן־

יונגען, פראָסטיטוטקעס, באַוואַכט פון אַלע זייטן, געפירט איבער די וואַרשעווער גאַסן אין אַנטלויזונגס-אַנשטאַלט.

גאַסן־יינגלעך האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, געפייפט, גע־שריגן:

— הוראַ! מען פירט קיין מצרים די יידעלעך! הוראַ!...

יידן אָרעמעלייט, פרייל עכע דליתים, האָבן געציילט די מכות — דם, צפרדע, כינים... שחין!

און די מיליציאָנערן האָבן אונטערגעטריבן מיט די שטעקעלעך.

— גיכער, לוויקע קאָמפּאַניע! גערירט זיך!...

צוריק איז ר׳ ברוך יוסף געקומען מיט אַ ווייס טיכל אַרומגע־בונדן אַרום די באַקן, כדי צו פאַרשטעלן די חרפּה, די באָרד, וואָס מען האָט אים אַראָפּגענומען, די פאַרחתמעטע שטוב איז געווען אויסגעליידיקט פון גנבים.

ער איז אומגעלאָפן גאַנצע טעג צו אַדוואָקאַטן, געשריבן בי־טעס, אַוועקגעגעבן לעצטע געלטער, כדי צו לייגן אין דער ערד אַריין די מיליציאָנערן, די כאַבאַרניקעס, און אין הויף האָבן שוין אפילו די יינגלעך אָנגעהויבן אים נאָכשרייען.

— דער פריץ גייט! — האָבן זיי געשריגן דערזעענדיק אים — מאַכט׳ס אַ וואַרע, דער פריץ גייט אין באָד אַריין!—סמירנאָ!

---

גנענדל האָט געוווינט פאַר זיך.

אויף אַ פערטן שטאָק פון אַ גויש אָרעם געסל ביי דער ווייסל האָט אירס אַן אַמאָליקע לערערקע געוווינט, אַן עלטערע פריילן, וואָס איז אַמאָל ביי ר׳ ברוך יוספן אין באַראָוויקע אויף אַ קאָנדיציע געווען, און איצט האָט זי אין וואַרשע אין אַ שפּיטאָל געאַרבעט, אין אַ שפּיטאָל פאַר ווענערישע קראַנקהייטן, וואָס איז איצט אין דער עפּידעמיע־צייט איבערגעמאַכט געוואָרן אויף אַ טיפוס־שפּיטאָל. זי האָט זיך גערופן פאַננע מאַלגאָשאַ.

אָט ביי דער דאָזיקער פאַננע מאַלגאָשאַ האָט איצט גנענדל געוווינט. אַ מאָדנע איז זי געווען, די פאַננע מאַלגאָשאַ. אַ טאָכטער פון אַ רייכן ייד, אַ חסיד, האָט זי אַ נויגונג געהאַט צו קריסטן און

צו קריסטנטום. ווי נאָר זי האָט געענדיקט די פענסיע, האָט זי פאַר־לאָזט די עלטערן און אָנגעהויבן אָננעמען קאָנדיציעס אין דערפער, איבערהויפט ביי אָרעמע פּריצים, און אויך צו ר׳ ברוך יוספּן אין באָראָווקע איז זי איבערגעגאַנגען פון אַ שכנישן פּריצישן פאָלוואַרק. זי האָט יידן נישט ליב געהאַט און זי האָט זיך שטענדיק פאַרענט־פערט, זיצנדיק ביי ר׳ ברוך יוספּן אין דאָרף, אַלמאַי זי איז ביי אַ ייד.

— די לערנערס זענען נישט קיין יידן — האָט זי געזאָגט — פונקט ווי איך אַליין.

אַ שלאַנקע, מיט שיינע העלע בלאָנדע האָר און גרויע אויגן, האָט זי פונדעסטוועגן נישט חתונה געהאַט. קיין ייד האָט זי נישט געוואָלט.

— חתונה האָבן מיט אַ ייד קאָן מען נאָך—האָט זי געהאַלטן—פאַרליבן זיך קיינמאָל נישט...

שמדן זיך און חתונה האָבן מיט אַ קריסט האָט זי אויך נישט געוואָלט.

און זי איז פאַרבליבן אַן עלטערע פריילן.

אָבער דערביי איז זי נישט געווען בייז, פאַרביטערט. פונקט ווי צו אַכצן יאָר, איז זי געווען גלויביק, ראָמאַנטיש און שטאַרק סענטימענטאַל.

אין אירע צימערלעך, וואָס זי האָט שטענדיק געדונגען ביי גוים אין פאַרוואָרפענע גוישע אָרעמע געסלעך, זענען געווען אַ סך וואַזאָנען, בלומען, שניצערייען פון קאָרע און לזיוויטשער פויערישע פאַרביקע טיכער. מיט די טיכער זענען געווען באַהאָנגען די ווענט, די שטולן, דאָס קלאָרע בעטל. אויף די ווענט האָבן געהאָנגען עט־לעכעערליי יעזוסן און מאַריעס, באַצירט מיט נאָדל־צווייגלעך, און יעדן אין דער פרי פלעגט זי פאַר זיי תפילה טון, געשטעלט זיך אויף די קני. איר בעסטער פלאַץ איז געווען די נאָענטע קירכע, אַ קליינע טונקעלע אַלטע קירכע, וווּ אין די גרעסטע היצן איז קאַלט און טונקל. און אין די פרייע צייטן, ווען זי האָט נישט געאַרבעט אין שפּיטאָל, האָט זי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אַלע שיקסע־לעך פון הויף, געפלאָכטן זיי קרענצעלעך צו די גלאַטיקע בלאָנדע

קעפּלעך און דערציילט זיי מעשיות, מעשיות פון קריסטלעכע הייליקע.

אין אָרעמען גוישן געסל האָט מען זי פאַרגעטערט — אַלע בײ־טערע הערצער האָט מען געבראַכט צו דער פּאַננאַ מאַלגאָשאַ. זי האָט באַהאַלטן בײ זיך יונגע גויעס אַרבעטערנס, וואָס זענען אַנט־לאָפן פאַר זייערע מענער די שכּורים; זי האָט געלערנט דיקע, צע־וואַקסענע, שטענדיק־שוואַנגערע גויעס, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון טראָגן; זי האָט געהיילט אָרעמע שכנישע בלוטלאָזע ראַכיטישע קינדער.

— טראָגן! — האָט זי געזאָגט — נאָר טראָגן צו טרינקען!

גנענדלען האָט פּאַננאַ מאַלגאָשאַ ליב געהאַט נאָך פון דאָרף.

— אַלעזש טי יעסטעש אַבסאָלוטניע ניע זשידוווקאַ! — פלעגט זי איר שטענדיק זאָגן קאָמפּלימענטן.

אין וואַרשע האָט זי גנענדלען עטלעכע מאָל געטראָפן אין גאַס און שטענדיק זי איינגעלאַדן צו זיך.

איצט, אַוועקגייענדיק פון שטוב, האָט זיך גנענדל אין איר דערמאָנט און אַוועק צו איר אין שטיבל, וואָס געפינט זיך אויף אַ פּערטן שטאָק פון אַ גויש געסל בײ דער ווייסל.

בײ די ערשטע ווערטער, וואָס גנענדל האָט דערציילט, דער־מאָנענדיק נאָר, אַז זי איז אַ קרבן פון אַ רייכן שדוך, איז פּאַננאַ מאַלגאָשאַ איר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלז און אַזוי הייס זי געקושט, אַז גנענדלען האָט אויסגעפעלט אָטעם.

— איך האָב עס געוווּסט, אַז דו ביסט שליאַכעטנע, — האָט זי געזאָגט מיט פרייד—ביסט אַלעמאָל געווען אַזוי... אַזוי נישט־יידיש...

זי האָט איר גלייך אויסגעבעט די סאָפּקע אין בלומען, וואָס איז געשטאַנען בײ דער וואַנט, איבערגעדעקט זי מיט אַ קאָלדרע, וואָס איז צענויפגעשטיקט פון אַ סך קאָלירענע קוואַדראַטן און געזאָגט:

— אָט דאָ וועסטו שלאָפן, קינד מיינס — און אין די נעכט, ווען איך אַרבעט אין שפּיטאָל, קאָנסטו שלאָפן בײ מיר אין בעט.

און די באַלעבאָסטע, אַן אַלטע איינגעשרומפּענע גויע, האָט איר אַרייַנגעבראַכט עסן, אַ שיטערע זופּ מיט אַ סך גרינס און ווינציק גרויפּן, וואָס שמעקט מיט גוישקייט אויף אַ מייל ווייט.

אין די ערשטע עטלעכע טעג האָט פּאַננאַ מאַלגאָשאַ גאָרנישט געלאָזט טון גנענדלען.

— וועסט זיין ביי מיר — האָט זי איר געזאָגט — מיר וועלן לעבן צוזאַמען.

אָבער נאָך עטלעכע טעג זיצן ליידיק, האָט גנענדל נישט געוואָלט איינזיצן אין שטוב.

געוויינט אין שטוב, אַז נעמען ביי עמעצן די מינדעסטע זאַך איז דאָס גרעסטע פאַרברעכן, האָט זי נישט געקאָנט זיצן און עסן, וואָס מען דערלאַנגט איר צום טיש.

— ניין! — האָט זי געזאָגט פעסט — איך וועל נישט עסן!

און די פּאַננאַ מאַלגאָשאַ האָט איר אָנגעהויבן שאַפן אַרבעט. זי האָט פאַר איר אויסגעזוכט „דיזשורן" ביי קראַנקע.

נישט געווען די שטוב, עס זאָל קיין טיפוס-קראַנקער נישט זיין. פון די אָרעמע גאַסן האָט עס זיך אַריבערגעטראָגן אין די רייכע גאַסן — די פּאַננאַ מאַלגאָשאַ האָט געקריגן פון צייט צו צייט אַזאַ פריוואַטע שטוב ביי אַ קראַנקן, אַרום וועלכן מען דאַרף אַרומגיין, און זי האָט אַהין געשיקט גנענדלען.

זי האָט איר אָנגעטון אירס אַ ווייס פאַרטוך, אַ ווייס הויבל אויפן שוואַרצן קאָפּ, און זיין גאָרנישט געקאָנט זאַט אָנקוקן אין איר.

— ביסט אינגאַנצן ענלעך אויף אַ נאָנע — האָט זי איר געזאָגט קאָמפּלימענטן — ווי די איטאַליענישע נאָנעס, וואָס מען זעט אויף די בילדער.

זי האָט איר נישט געקאָנט זאָגן, אַז זי איז ענלעך צו די פוילישע נאנעס. גנענדל מיט אירע טיף שוואַרצע האָר און דרומדיק פּנים איז שוין גאָרנישט געווען ענלעך אויף אַזעלכער. האָט זי איר כאָטש געמאַכט ענלעך צו די איטאַליענישע נאנעס. אַבי צו אַ נאָנע.

גנענדל איז אַרומגעגאַנגען אַרום די קראַנקע מיטן גאַנצן ערנסט פון אַ יונג אומערפאַרן באַלעבאַטיש מיידל, וואָס נעמט זיך צו אַן אַרבעט. זי האָט זיך אַפילו נישט פאַרגונען צוצולייגן אויף אַ ווײַלע און זי פלעגט צוריקקומען פון אַזאַ דיזשור מיד און ערשעפּט.

דערצו נאָך פלעגט זי האָבן אויסצושטיין פון אַנדערע זאַכן. עס האָט אָפט געטראָפן, אַז דער מאַן פון אַ שוער־קראַנקער פרוי,

אַרום וועלכער זי איז אַרומגעגאַנגען, האָט זיך באַנאַכט אָנגעהויבן טשעפּען צו איר — דער „שוועסטער" אין ווייסן הייבל אויף די שוואַרצע האָר.

דאָס האָט זי אַזוי אויפגערעגט, באַליידיקט, באַליידיקט דאָפּלט, אי אַלס פרוי, אי אַלס מענטש, וואָס מען טוט אַ פאַרברעכן אין זיין געגנוואַרט, אַז זי האָט דערנאָך עטלעכע טעג נישט געקענט קומען צו זיך.

זי האָט נאָס געמאַכט דאָס קלאָרע קישן ביי דער פאַננאַ מאַל-גאָשאַ אין צימערל. אין די ליידיקע טעג, ווען זי האָט קיין דיזשור נישט געהאַט, פלעגט זי שטיין אין די „רייען"

איבער אַלע וואַרשעווער גאַסן, אין אַלע ראָגעס, ווו עס האָבן זיך געפונען די שטאָטישע שפּייז-מאַגאַזינען, האָבן זיך געצויגן לאַנגע רייען, רייען פון טויזנטער מענטשן, מענער, ווייבער, קינדער, רייען נאָך קאַרטן-ברויט, רייען נאָך קאַרטאָפל, רייען נאָך גרויפּן, רייען נאָך צוקער.

לאַנג האָבן זיי זיך געצויגן, די רייען. שוין פון פאַרטאָג זענען די גאַסן געוואָרן פול. וויפל די מיליציאָנערן האָבן נישט געטריבן, וויפל די סטרוזשעס האָבן נישט באַשפּריצט מיט וואַסער, פאַרשטויבט מיט דעם גאַסן-שטויב, וואָס זיי האָבן אַרויפגעקערט שטענדיק אויף די מענטשן אין די רייען, — האָט מען זיי נישט געקאָנט אָפּטרייבן.

אפילו ביינאַכט זענען די גאַסן געווען פול מיט מענטשן אין די רייען. מען האָט געשטעכטיקט אין ריי. טייל האָבן אַרויסגעברענגט קאָלדערעס און זיך אַוועקגעלייגט, אַנדערע האָבן זיך געלייגט אויף דער ערד.

אָט אין די רייען איז אויך געשטאַנען גנענדל אין געוואַרט שעהן לאַנג. זי האָט אָפּגענומען אין די שטאָטישע קראָמען שפּייז פאַר זיך, פאַר דער פאַננאַ מאַלגאָשאַ, און אָפּטמאָל אויך פאַר דער שטוב.

שטילערהייט, אָן פאָטערס וויסן, האָט זי זיך געזען מיט דער מאַמען, אויסגעקושט איר די געזאַלצענע טרערן, וואָס פלעגן איר רינען איבער די צעקנייטשטע באַקן, און צוגענומען ביי איר די שפּייז-קאַרטן.

— לאָז, מאַמע, — האָט זי זיך געבעטן — ס׳איז נישט פאַר דיינע כוחות...

נאָך מער ווי ביי די קראַנקע, האָט זי דאָ געהאַט אויסצושטיין פון די מענער אין די רייען. די דייטשע סאָלדאַטן, וואָס זענען געשטאַנען און געהיטן, האָבן איר שטענדיק פאַרגעלייגט אַריינצולאָזן אויסער דער רייע און געווונקען מיט די אויגן:

— קאָמען זי, שעהנעס פרוילײן, ביטע!

ווייבער האָבן זי אונטערגעשטופט:

— גיי, נאַרישע מויד! — וואָס אַרט עס דיך! — גיי! גיי! אַנדערע וואָלטן זיך געווונשן.

מענער האָבן זי געטשעפּעט. שטענדיק איז אַזוי שוין אויסגעקומען, אַז אַ יונג האָט זיך איר אָװעקגעשטעלט פון הינטן, געריבן זיך אין איר, צוגעדריקט זיך און מיאוס געשמײכלט.

אַהיימקומענדיק אין שטיבל אויפן פערטן שטאָק, האָט זי פון ווייטיק, מידקייט און בושה נישט געגעסן און זיך אַריינגעוואָרפן צו דער פריילן מאַלגאָשאַ אין בעט.

די פריילן מאַלגאָשאַ איז נישט געוועזן. זי האָט איצט כּסדר געאַרבעט באַנאַכט.

און אין טיר פלעגט מען פון צייט צו צייט אָנקלאַפּן. מיט אַ שטאָק העכער, אויפן בוידעם-שטיבל, איבער דער פריילן מאַלגאָשאַס צימער, האָבן אויך געוווינט צוויי פריילנס, צוויי בלאָנדע פליישיקע שיקסעס, צו וועלכע עס פלעגן שפּעט באַנאַכט קומען שכורע געסט.

שטענדיק האָבן זיי געהאַט אַ טבע צו פאַרבלאָנדזשען, די שיכּורע געסט, און אָנקלאַפּן אין דער טיר ביי פאַננאַ מאַלגאָשאַ, וואָס איז געווען אויף דער זעלבער זייט, נאָר מיט אַ שטאָק נידריקער.

דאָס ערשטע מאָל האָט זיך גנענדל דערשראָקן

— פאַננא מאַלגאָשאַ! — האָט זי געוועקט — מען קלאַפּט!

נאָר פאַננאַ מאַלגאָשאַ האָט זיך נישט דערשראָקן.

— מיט אַ שטאָק העכער! — האָט זי אַרויסגעשריגן — איר האָט אַ טעות!

און איצט, אַז פּאַננאַ מאַלגאַשאַ איז נישט געווען, האָט גבענדל אַרויסגעשריגן דאָסזעלבע:

— מיט אַ שטאָק העכער! איר האָט אַ טעות!...

די נעכט האָבן זיך געצויגן שווערע, דומפּיקע, אַ סך מאָל האָט דאָס אַרויסשרייען „מיט אַ שטאָק העכער" נישט געווירקט.

די שיכורע געסט האָבן געגלויבט, אַז די „מיידלעך" נאַרן זיי, ווילן נישט אַריינלאָזן און זיי האָבן געריסן אין דער טיר, געזידלט:

— עפנט, הורן, — מיר וועלן די טיר אויסזעצן!

גבענדל האָט זיך צענויפגעקאָרטשעט אין דער קאָלדרע, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און געציטערט.

די גאַנצע וועלט איינזאַמקייט און עלנט האָט צענויפגעקליבן זיך אין קלאָרן שטילן צימערל אויף דעם פערטן שטאָק. יעזוסעס אויגן האָבן געקוקט מיט שרעקלעכן צער.

גבענדל האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און שטיל געשעפּטשעט אין קישן אַריין:

— בנימין! בנימין!

---

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז ער געקומען, בנימין.

אַן אָפּגעבראַנטער פון ווינט און פראָסט, אַ פאַרהאַרטעוועטער, אַ פרעמדער — מיט אַ שוואַרץ פרעמד בערדל אַרום אָנגעשטרענגטן האַלז, מיט אַ שוואַרצער טשופּרינע איבערן שטערן פאַרשטעלט דעם שראַם — איז ער געשטאַנען פּלוצלינג אין קליינעם טונקעלן שטיבל, וואָס האָט אויסגעזען נאָך קלענער און נישט־אָנזעעוודיקער אין זיין געגנוואַרט.

גבענדל האָט אפשר אַ גאַנצע מינוט נישט געקאָנט קומען צו זיך.

— בנימין! דאָס ביסטו? — דו?

— איך! — האָט לערנער שטיל געזאָגט — נאָר רוף מיך נישט בנימין. איך הייס איצט שלמה — שלמה סעגאַל.

גבענדל איז צוגעפאַלן אים צום האַלז, אויסגעקושט אים יעדער טייל פון פּנים מיט צענדליקער הייסע גיכע קושן, אפילו דאָס פרעמדע

שוואַרצע בערדל און די לעפלעך פון די אויערן — און האָט גע-מורמלט הייס:

— ניין, בנימין וועל איך דיך רופן — בנימין, בנימין בנימין!

זי האָט זיך אים איינגעקלאַמערט מיט אַלע כּוחות אין זיינע פעסטע הענט און איבערגעחזרט אַ סך מאָל:

— וועסט נישט מער אַוועקגיין פון מיר, אמת בנימין? — וועסט נישט גיין? נישט גיין?

לערנער האָט זי באַטראַכט אין טונקעלן צימערל, דורכגעדרונגען זי מיט זיין בליק און שטיל געזאָגט:

— איך וועל נישט גיין! ניין!

און זיי זענען געבליבן צוזאַמען, צוזאַמען אין קליינעם צימערל פון כּעמטן שטאָק אין גוישן געסל ביי דער ווייסל.

אַז פּאַננאַ מאַלגאָשאַ איז צוריקגעקומען מיט עטלעכע טעג שפּעטער פון שפּיטאָל און דערזען דעם פרעמדן הויכן מאַן, האָט זי אים גלייך אויסגעשטרעקט ביידע הענט.

— איך ווייס! — איך ווייס! — האָט זי אים געזאָגט — און איר געפעלט מיר!

זי האָט נישט אויסגעטון דאָס היטעלע און געקליבן זיך צוריק אין וועג.

— איך וועל אייך נישט שטערן, קינדער, — האָט זי געזאָגט, ווי עס זאָגט אַן עלטערע מוטער, וואָס האָט אויסגעגעבן איר גע-ליבטע יונגע טאָכטער — איך וועל גיין צו אַ חברטע.

לערנער האָט זי נישט געלאָזט אַוועקגיין. מיט געוואַלד האָט ער זי אַוועקגעזעצט.

בלייבט, — האָט ער באַפוילן — איך וועל שלאָפן אויף דער ערד!

און זי האָט זיך געלאָזט האַלטן אין זיינע פעסטע הענט, אָטעמדיק שווער פון אָנשטרענגונג און צופרידנקייט.

— איר זענט גאָר קיין ייד נישט — האָט זי אים געזאָגט, ווי תּמיד, ווען אַ מענטש איז איר געפעלן געוואָרן — גאָרנישט..

לערנער האָט אַ קוק געטון אין רונדן שפּיגל אויף דער וואַנט, ווו ער האָט זיך געזען אַ שוואַרצן, אַ בערדיקן, ענלעך צום פעטער

ברוך יוסף מיט אַ פינפצן יאָר צוריק, און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט איבער דעם מיידלס מיינונג, פאַנאַנדערגעלאַכט זיך הויך, האַרציק.

גנענדל מיט פאַננאַ מאַלגאָשען האָבן זיך נישט געקענט באַהערשן און זיך אויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ס׳גוט! — האָבן זיי ביידע אַרויסגעזאָגט מיטאַמאָל און זיך געפאַלן אויף די העלזער.

אַלע יעזוסעס און מאַריעס, וויפל נאָר פאַננאַ מאַלגאָשאַ האָט געהאַט אַרויסגעהאָנגען ביי זיך אויף די ווענט, האָבן אַראָפּגעקוקט מיט פרידלעכע, שמייכלדיקע און בענטשנדע אויגן.

# קאַפּיטל XII

## אָבער־אָסט

הייסע טעג, מידע און ציִענדיקע האָבן זיך געשלעפּט, ווי בעטלערס, אויף דער וועלט, אָן מינדסטן ווינטל, אָן קלענסטן וואָלקנדל, אָן איין טראָפּן רעגן.

אויף די וואַרשעווער אויסגעטריקנטע גאַסן זענען מחנות אָרע־מעלייט געזעסן אויסגעזעצט ביי די אָפּגעשיילטע מויערן, מחנות קאַ־ליקעס, אמתע און פאַרשטעלטע; בלינדע און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך צוגעקלעבט מיט קלעבעכטס די אויגן; אָן־הענטיקע און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך צוגעבונדן אַ האַנט צום אַקסל אַרויף און דורכן פאַרקאַ־טשערטן אַרבל באַוויזן אַ שפּיציקן עלנבויגן, וואָס זאָל אויסזען ווי אַ פאַרקריפּלטע אָפּגעדאַרטע האַנט. ווייבער מיט אייגענע קינדער, מיט געליִענע קינדער, אָדער גאָר מיט אַ שטיק האָלץ, פאַרבונדן אין שמאַטעס, צוגעטוליעט צו זיך, זענען געזעסן האַלב־נאַקעטע, מיט די לויזע טאָרבעדיקע ברודיקע ברוסטן צו דער פרייער וועלט, מיט האַלב־אָפּגעברענטע שמוציקע פאַרברענטע לייבער און געמאַכט קולות, ווי ווייִנערקעס נאָך אַ טויטן:

— האָט רחמנות, יידישע קינדער!

און קינדער, ייִנגלעך, מיידלעך, מיט דאַרע נאַקעטע פיס, מיט לאַנגע נעגלדיקע רויבערישע פינגער, מיט רויטע ברענענדיקע אייג־לעך און מיט אומריינע אָפּגעדעקטע קעפּ האָבן זיך געוואַלגערט אי־בער אַלע טראָטואַרן פון די יידישע גאַסן, און אין כאָר געזונגען קוויטשיק, פאַרעקשנט, מיט געוויין און באַהאַלטענער צופרידנקייט אין די שטימען, די זעלבע אומגעלומפּערטע און איינגעפּרעסענע געזאַנגען:

— שענקט אַ שטיקל ברויט! כ׳בין אַן אָרעמער יתום! יידן בני־רחמנים, כ׳גיי אויס פאַר הונגער...

עפּעס אַ גאַנצע וועלט מיט אומריינע קינדערישע קעפּ האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן. די פליגן האָבן געראָיעט אַרום זיי מיט אַן אומאויפהערלעכן זשומען. און פון אַלעמען האָט זיך אַרויסגעריסן דאָסווילדע ברומעריי פון אמתע אָדער געמאַכטע שטומע. מיט די הענט אויף די מיילער, אַ סימן, אַז זיי ווילן עסן, האָבן זיי נישט אויפגעהערט ברומען מיט אָקסישער עקשנות און טעמפּקייט:

— הםםםם! — הםםםם!....

לוויות, אָן פערד און וועגן, בלויז קעסטלעך געטראָגן דורך מענטשן, האָבן זיך געשלעפּט פון אַלע זייטן, באַגלייט מיט קוויטשע-דיקע קולות פון צעשויבערטע אָפּגעשליסענע ווייבער. און דייטשע מיליטערישע קאַפּעליעס, צוזאַמענגעשטעלט פון פלייטן, פייפלעך און טראָמייטן האָבן מאַרשירט מיט פעסטע טריט און געשפּילט לכבוד די נייע זיגן אויף די רוסישע און פראַנצויזישע פעלדער. איבערהויפּט האָבן געגלאַנצט די טויטע-הוזאַרן. מיט הויכע קאַסקעס מיט אַ טויטן-שאַרבן און מיט געקרייצטע ביינער באַצייכנט; מיט לאַנגע שפּיזן אין די הענט; אויסגעגלייכט אויף די שטאָלצע רייטפערד; לאַנגזאַם און איינגעהאַלטן; קלינגנדיק מיט די שפּאָרן און שווערדן; ווייענדיק מיט די געקרייציקטע פענדלעך, האָבן זיי אויסגעזען ווי די רוימישע לעגיאָנען, וואָס גייען מיט שטאָל און אייזן באַזיגן די וועלט. מיט שאַלנדיקע פעסטע שטימען האָבן זיי געזונגען „וואַכט אַם רהיין", פאַרענדיקנדיק אַלעמאָל „בלייבסט רוהיג, פאַטערלאַנד"!...

און אין אַלע גערטנער, אויף אַלע ליידיקע פּלעצער, גאַסן, האָבן מידע פאַרשמאַכטע מענטשן אַרומגעבלאָנקעט, אויסגעדאַרטע, פאַרהונגערטע, מיט פאַרלאָשענע אויגן, מיט נישט-ראַזירטע קנאָכיקע געזיכטער, מיט לויזע וועסטלעך און ברייט-געוואָרענע באָכשלעפּנדיקע פּאָלעס, וואָס האָבן געהאָנגען איבער די אויסגעמאָגערטע קערפּערס, ווי זעק.

לערנער האָט, פּונקט ווי מיט אַ יאָר צוריק, געמאָסטן איצט די וואַרשעווער גאַסן, אויסגעשפּאַנט זיי אַ סך מאָל הין און צוריק, אַרויסקומענדיק אַלץ אויף די זעלבע ערטער, פּלעצער.

אַרום די דייטשע אַרבעט-ביוראָס זענען איצט טויזנטער אַרבע-

טער געשטאַנען און געוואַרט, אויף אַרבעט זיך פאַרשרייבן.

הונגעריקע, מידע, דערשלאָגענע, זענען זיי אָפגעשטאַנען אין די הייסע זומער־טעג ביי די ווענט מיט אויסגעשטרעקטע אויערן צו די דייטשע הייזעריקע שטימען, וואָס רופן אויס נעמען. קליינע מיידלעך און ייִנגלעך מיט קרוגן געווײַנלעכן וואַסער אין די הענט האָבן נישט אויפגעהערט לויבן זייער סחורה.

— אַ קאַלט און אַ גוט גלאָז וואַסער! אַ קאַלטס און אַ גוטס!

לערנער האָט עטלעכע טעג צייט געדרייט זיך אַרום ביורא, אָפּגעשטאַנען אַ טאָג און אַוועק מיט גאָרנישט, כדי מאָרגן ווייטער קומען און וואַרטן. נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַ פּאָר אויגן אויף זיך, אַ פּאָר הייסע בלוט-פאַרלאָפענע הונגעריקע אויגן, וואָס האָבן אים נישט אָפּגעלאָזן אויף קיין רגע.

ער האָט די אויגן דערקענט, געדענקט זיי פון דער בריק נאָך און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָט ער זיך גיך אָפּגעטראָגן און צום פּלאַץ מער נישט געקומען.

אויף די שטאָטישע מויערן, וואָס זענען פאַרקלעבט געווען פון אַלע זייטן מיט פּלאַקאַטן און באַפעלן, האָבן נאָך ביז דער צייט געהאַנגען שטיקלעך פון געלע פאַרדאַרטע שטעק-בריוו מיט טויזנטער מאַרק באַלוינונג פאַר צושטעלן די צוויי בריקן־בויער לערנער און קלאָס.

וויפל לערנער האָט זיך נישט באַמיט ענדערן, וויפל ער האָט נישט געאַרבעט ביים פאַרקעמען די טשופּרינע אויף דעם שראַם אין שלייף, וויפל ער האָט נישט געלאָזט וואַקסן זיין שוואַרצע געדיכטע באָרד, האָבן אים דורכגעדרינגען אויגן, הונגעריקע אויגן, וואָס טויזנטער דייטשע מאַרק האָבן אַראָפּגעשריגן צו זיי פון די ווענט — און לערנער איז מער צו די ביוראָס נישט געגאַנגען.

ער האָט אויסגעמיטן די גאַס, ווו אַזאַ ביוראָ געפינט זיך. פּריוואַטע אַרבעט איז נישט געווען. קיין פאַבריק־קוימען האָט נישט גערויכערט. קיין וואַרשטאַט איז נישט געגאַנגען.

פון צייט צו צייט האָט ער עפעס יאָ געפּאַקט אַרבעט. אַמאָל געאַרבעט אין אַ געהיימער מיל ערגעץ אין אַ באַהאַלטענעם קעלער, געדרייט ביי די האַנט־רעדער פון אַ פּרימיטיווער צילינדער־מיל פון

פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און געקריגן דערפאַר עט־לעכע פונט מעל אַ טאָג.

אָבער אינגיכן האָט אַ „שפּיצל" די מיל געפּאַקט, צוגענומען דעם צילינדער מיט די רעדער און לערנער איז קוים אַנטלאָפן פון געפאַר, נישט אָפּנעמענדיק אַפילו וואָס אים קומט.

ער האָט געאַרבעט אין געהיימע גאַרבערייען, ווו מ'איז שיער נישט דערשטיקט געוואָרן פון עיפּוש און אָנשטרענגונג; ער האָט גע־דרייט אַ ראָד אין אַן אַלט־מאָדישן סאָדע־וואַסער פאַבריקל; געצויגן חלבנע ליכט אין אַ געהיימער ליכט־פאַבריק, ווו מען איז צעגאַנגען פון היץ, עיפּוש און פעטיקייט.

אָבער דאָס איז געשען אַמאָל. מערסטנס איז ער געגאַנגען לייּ־דיק. און ער איז אָפּגעזעסן גאַנצע טעג אין די געפּאַקטע אַרבעטער־קיכן, ווו איבער די אַלע צעריסענע, אָפּגעפליקטע, נישט־געגאָלטע, ליידיקגייערישע און הונגעריקע; איבער די ברודיקע ווענט, בלאָטיקע פּאָדלאָגעס, רויע שווערע טישן און וואַלגערנדיקע שטאַנגען פון פע־נער און טראַנספּאַראַנטן, וואָס זענען דורכגעזאַפּט מיט ריחות פון שווייס, זויערקייט, שלעכטע מאכלים, עיפּושדיקן רויך און איינגעהאַל־טענעם הונגער—הערשן די צוויי מלכותדיקע קעפּ פון מאַרקס און לאַ־סאַל און פון אַ זיידענער רויטער אויפגעהאָנגענער פאָן שיינען אַראָפּ אַזעלכע ליכטיקע, פרייליכע גאָלד־געשטיקטע יידישע און פוילישע „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער"...

רוישנדיק איז געווען דאָרט אין די אַרבעטער־קיכן. אין די ערגסטע הונגעריקסטע טעג, האָבן דאָרט תּמיד געפונען זיך קאָכעדי־בחורים און מיידלעך, שוואַרץ־אויגיקע יידישע הייסע בחורימלעך און געקרייזלטע פלאַמענדיקע מיידלעך, וואָס האָבן אַלעמאָל אויפסניי מיט רויטע פּאַפּירן באַצירט די לאָמפּן, מיט פאַרביקע פּאַפּירענע קייטן און שלאַנגען אויסגעפּוצט די ווענט און סופיטן, געביטן די שטיקלעך פאַרדאַרטע צווייגלעך אַרום די אויסגעהאָנגענע בילדער פון קאָנפערענצן און קאָנגרעסן, אויסגעווישט די ראַמען און שויבן אַרום די פּאָטאָגראַפיעס פון העלדיש־אומגעקומענע חברים און איינגע־אָרדנט פייערלעכע יום־טובים און רעדעס.

און אינמיטן גאַנצן טומל און גערודער איז ער געזעסן, לער־

נער, מיט אַ ביכל אין האַנט און געלייענט. אַלע ביכער פון די קיך־ביבליאָטעקן, אַלע גראָבע געדיכט-געדרוקטע דין-פּאַפּירענע ביכ״ר, וואָס זענען געבונדן מיט זאַק-לייוונט ווי ספרים און זענען אַזוי שווער, טיף און אַרומגעפּליקט, ווי די ספרים, זענען דורכגעגאַנגען דורך זיין האַנט. ער האָט געלייענט אַלץ, שווערע סאָציאָלאָגישע ווערק און דינע בראָשורן; קאָמענטאַרן און קאָמפּילאַציעס, רעוואָלוצ־יאָנערע מעמואַרן און אַלטע פאַרשטויבטע צייטונגסקאָמפּלעטן און זשורנאַלן — און אַז ס'איז געקומען צו מיטאָג האָט ער פאַרקנייטשט אַ בלעטל און אַריין אין קיך, ווו מען האָט שעהן לאַנג געוואַרט אין רייען אויף א טעלער, אויף אַ לעפל, אויף אַ דין פענעצל ליימיק ברויט און אויף אַ וואַסערדיקער זופּ, וואָס שמעקט שטאַרק מיטן ריח פון גוישן שאָף, אין וועלכן מען שפּייזט חזירים.

אויך אויף דעם פערטן שטאָק, ביי פאַננאַ מאַלגאָשען און גנענדלען אין צימערל איז געווען נישט גוט.

קיין קראַנקע צו פלעגן איז נישט געווען. צופיל פלעגערינס זענען איצט געווען, מער פלעגערינס ווי קראַנקע.—אין שטוב ביי ר' ברוך יוספן איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. טויבעלע האָט געפּרובירט קאָכן מיטאָגן פאַר אינטעליגענץ — קיין בעלנים האָבן נישט געפעלט. די יונגעלייט מיט די שאַרפע נעזער און רייטנדיקע ברילן, וואָס האָבן שוין אויסגעפּרובירט אַלע וואַרשעווער קיכן פאַר אינטעליגענץ און אַריינגעגעסן אין זיך אַלע מיאוסקייטן, האָבן גלייך דערשמעקט די גוטע ריינע און עכטע מאכלים, וואָס טויבעלע האָט געמאַכט, און געקומען פון אַלע זייטן. טויבעלע האָט זיך שיער נישט צעריסן. נאָר אָפּקאָכנדיק אַזוי אַ חודש, האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז אַלע זענען שולדיק געבליבן, אַז ס'איז נישטאָ פאַרוואָס צו קויפן קיין שפּייז; די יונגעלייט מיט די ברילן זענען פאַרשווונדן — און זי האָט אויפגעהערט קאָכן מיטאָגן פאַר אינטעליגענץ.

ר' ברוך יוסף איז געלעגן גאַנצע טעג אויף דער סאָפקע, גע־לייענט אַלטע הצפירהס נאָך פון אָנהויב קריג, געדענקט וועגן טאָרף אין באָראָווקע און נישט אויפגעהערט יעדעס מאָל אויפסניי זיך ביי־זערן אויפן ווייב, אַלמאי זי זעט זיך בגנבה מיט גנענדלען.

— איך זאָג דיר — האָט ער געשריגן — זאָלסט זיך מיט דער

„מויד" נישט זען! כ'וויל איר נאָמען נישט הערן!...

טאָג טעגלעך האָבן די צייטונגען געבראַכט נייע בשורות וועגן שלום. יעדן טאָג האָבן די דייטשן אויפסניי אויסגעוויזן, אַז רוסלאַנד האָט שוין נישט איין ביקס און אַז די זעלנער גייען אויפן פראָנט מיט דובינעס; די פראַנצויזן האָבן מער קיין מענטשן נישט, אויסער אַלטע און ווייבער; לאָנדאָן איז אָפּגעווישט פון דער וועלט דורך די דייטשע צעפּעלינען.

יינגלעך צייטונג־פאַרקויפער האָבן געהאַלטן אין איין שרייען, אַז דער פויפּסט לייגט זיך אַריין און מאַכט שלום. די לעצטע פּע־גיגן האָט לערנער אַוועקגעגעבן די צייטונג־פאַרקויפער פאַר די שלום־בלעטער. וויפל מאָל ער האָט זיך נישט אָפּגענאַרט, האָט דאָך ביי יעדער פריילעכן רוף פון די צייטונג-יינגלעך אויפסניי אויפגעצי־טערט זיין האַרץ פון וואָרט „שלום".

— און אפשר? — האָט אים אַ בליץ געטון אין קאָפּ — אפשר?

נאָר אַנשטאָט שלום זענען געקומען אַלץ מער שווערערע טעג. אַלץ מער מענטשן האָבן שטיל און אונטערטעניק באַלאַגערט די שטאָ־טישע קראָמען, אַלץ מער קעסטלעך מיט טויטע אין פּאַפּירענע תּכריכים האָבן זיך געצויגן צו די בית־הקברות—און דאָרט, ווו מען פלעגט אַמאָל האַנדלען, אַרבעטן און מעקלערן, זענען איצט געשטאַ־נען טויזנטער מענטשן און געהאַנדלט מיט קאַרטן, פאַרקויפט זיך איינער דעם אַנדערן די שפּייז־קאַרטן, קאַרטאָפל־קאַרטן, גרויפּן־קאַרטן און צוקער־קאַרטן, נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן ביז דעם טערמין און דערווייל געכאַפּט אַ שטיקל ברויט, כדי דערנאָך אַ קנאַפּן חודש, ביז די נייע קאַרטן, הונגערן אינגאַנצן.

אָבער אַמערגסטן איז געווען לערנערן מיט די מלבושים. וואָס האָבן זיך אים מיט יעדן טאָג אַלץ מער צעריסן, אָפּגעקראָכן. די שיך האָבן זיך אויסגעדרייט, די וועש איז געוואָרן צעהודערט. יעדער פּאָר טעג איז ער אַוועק צו דער ווייסל, אויסגעבאָדן זיך, אויסגעע־וואַשן זיך דאָס העמד און געוואַרט אַ נאַקעטער, ביז עס וועט זיך אויסטריקענען. — פון שטענדיקן וואַשן און רייבן זענען די עטלעכע העמדער אינגאַנצן צעקראָכן געוואָרן. אים פלעגט אַפילו אויספעלן

עטלעכע פעניג אויף אָפּשנײַדן זיך. די גרויסע האָר מיט דעם בערדל האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן.

נישט איינמאָל האָבן חברה יונגען אין גאַס אים שוין אָנגעהויבן אַ טשעפּע טון.

— הע — האָט אַמאָל אַ יונג אים נאָכגעשריגן — פאַרקויפט מיר דעם אַנצוגז!...

אַמאָל האָט אַ קוטשער צו אים אַ פּאָך געטון מיט דער בײַטש אויף חוזק:

— פאַניע, מיר פאָרן?

און די אַלע דרימלדיקע קוטשערס האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— כאַ, כאַ, כאַ, כאַ! — דאָבראַ!

ער פלעגט נישט ווײַזן זיך בײַ גנענדלען גאַנצע וואָכן, אויסגעמיטן מענטשן.

גנענדל האָט זיך אויסגעקוקט די אויגן, אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן. מיט פרויאישער דורכדרינגלעכקייט האָט זי דערפילט, אַז ער וויל זיך נישט ווײַזן פאַר איר אין אָרעמקייט, אין שלעכטע קליידער — און זי האָט אים געקושט די גראָבע צעהאָרעוועטע און צעשטאָכענע הענט; געקושט יעדער האָר פון זײַן פרעמדער באָרד, פאַרריכט די מלבושים זײַנע מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, ווי נישט זי זאָל האָבן צוטון מיט אָפּגעטראָגענע גראָבע מענערישע קליידער, נאָר מיט ווײַכע זײַדענע חתונה-מלבושים. זי האָט זיך געטוליעט צו זײַן אויסגעדאַרטער האָריקער ברייטער ברוסט און געבעטן ווי אַ קינד בײַ אַ מאַמען:

— גיי נישט אַוועק, בנימין! — ניין!

ער האָט איר פאַרריכט:

— איך הייס מער נישט בנימין, געדענק עס!

נאָר זי האָט אים פאַרהאַלטן דאָס מויל:

— ניין, בנימין ביסטו! — האָט זי אים געשעפּטשעט אין די אויערן — מײַן בנימין! — מײַנער!

און זי האָט אַ סך מאָל איבערגעחזרט זײַן נאָמען.

אַרומשלעפּנדיק זיך אַזוי אַ גאַנצן שווערן זומער, וואָס האָט זיך געצויגן בײַ אים נישט זעקס חדשים, נאָר גאַנצע זעקס יאָרן,

איז ער שוין אַפילו אַוועק צו די דייטשע אַרבעט-ביוראָס.

אויף די שטאָטישע מויערן האָבן איצט נייע פּלאַקאַטן געהאָנ-גען, פּלאַקאַטן, וואָס האָבן גערופן יונגע קרעפטיקע מענער קיין דייטשלאַנד אויף גראָבן קוילן

גנענדל האָט אים אַרומגענומען ביים האַלז און מיטן גאַנצן כּוח אים איינגעקלעמערט צו זיך.

— בנימין, — האָט זי שטיל געשעפּטשעט — איך האָב מורא... בנימין, מען וועט דיך דערקענען...

נאָר לערנער האָט זיך אַרויסגעריסן.

— זאָל זיין, וואָס עס ווילו! — האָט ער געזאָגט און ער איז אַוועק.

נאָר אין לעצטן מאָמענט, גייענדיק שוין צוריק פון ביורא, האָט אַ צופעליקע באַגעגעניש געענדערט זיין באַשלוס און צוזאַמען דערמיט זיין גאַנצן אַרט לעבן.

דורכגייענדיק דעם זאַקסישן גאָרטן ביים וואַסער, האָט ער זיך צוגעזעצט אויף אַ ווייל. ביים רונדן וואַסערל אַקעגנאיבער זענען עטלעכע דיקע דאַמען מיט קינדער געזעסן און געוואָרפן שטיקלעך ברויט די אָנגעבלאָזענע שטאָלצע שוואַנען. אַ קליין אָפּגעבריענט באָר-וועס ייִנגל מיט קורצע געלאַטעטע הייזלעך האָט זיך פלינק אַרונטער-געכאַפּט צום ברעג און נאָך איידער איינער פון די אָנגעבלאָזענע שוואַנען האָט באַוויזן אויסצוציען זיין לאַנגן האַלז צום האַלבן זעמל מיט פּוטער, וואָס אַ מיידעלע האָט אים געוואָרפן, האָט דאָס ייִנגעלע אויסגעצויגן דאָס דינע שוואַרצע הענטל, אַ כאַפּ געטון דעם האַלבן זעמל און גיך מיט אים אַנטלאָפן.

אַ דיקע דאַמע האָט אים געפּרוווט נאָכלויפן, שאָקלענדיק מיטן גאַנצן גוידער פאַר כּעס.

— לאַפּאַטש זלאָדזשעיאַ! — האָט זי געשריגן און געסאָפּעט.

דאָס געלויף פון דער דאַמע מיטן ייִנגל האָט לערנערן פאַר-אינטערעסירט. דער ייִנגעלע איז געלאָפן גיך, כוואַליענדיק מיט זיינע שלאַנקע פלינקע פוּלקעס פון די אָפּגעבריענטע פיסלעך. די נאָכלויפנ-דיקע דאַמע האָט באַוויזן דיקע שווערע פיס צוזאַמען מיט ברייטע פאַרהויבענע געהאָפטענע מייטקעס — האָט זיך דער ייִנגעלע גאָר

אויסגעדרייט און געוויזן אַ צונג. לערנער האָט זיך אַזש פאַנאַנדער־געלאַכט פון יינגלס שקאָצישע שטיק, און נישט באַמערקט דערוייל ווי איינער אַ מענטש דרייט זיך אַרום אים פון אַלע זייטן און באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. פּלוצלינג האָט ער דערפילט אַ האַנט אויף דעם אַקסל צוזאַמען מיט אַ דיקער באַס־שטים:

— לערנער!

אין ערשטן אויגנבליק איז אים פאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט.

— פּאַרפּאַלן! — האָט אים אַ בליץ געטון אין קאָפּ.

אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט אַ ווײַלע. איין ווײַלע בלויז. באַלד איז געקומען אַ צווייטער געדאַנק.

— אָפּציען!

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעשטעלט צוויי האַסטיקע בליקן אויף דעם, וואָס האַלט אים, כּדי צו וויסן מיט וועמען ער האָט צו טון און ווי אַזוי האַנדלען — און גלייך דערויף זענען אים די הענט אַראָפּגעפאַלן — און איבערראַשונג, גאַפונג האָבן פון ביידע אויגן אַרויסגעקוקט.

— אַראָן לוואָוויטש! — האָט ער אויסגעשריגן — ניעאוזשעלי זייט איר עס?

— איך אַליין! — האָט דער, וואָס מען רופט אים אַראָן לוואָוויטש, געענטפערט מיט אַ געדריקטן וואַרעמען באַס. ער האָט געדריקט לערנערס ביינערדיקע האַנט מיט אַ פעסטן טרוקענעם וואַרעמען דרוק און זיך אַליין געלויבט אויף האַלב יידיש — האַלב רוסיש.

— אָבער איך האָב אַן אויג! — סעי טשאס אוזנאַל כאָטיאַ מיט אַ באָרד...

ערשט איצט האָט ביי לערנערן אָנגעהויבן אָפּטרעטן די איבערראַשונג, אויף איר אָרט איז אָנגעקומען אַן אומווילן, אַן אומצופרידנקייט מיט דער פּלוצלינגדיקער באַגעגעניש.

פאַר לערנערן איז געשטאַנען אַ גוטער באַקאַנטער.

מיט עטלעכע יאָר צוריק אין טיפליס, ווו ער האָט געדינט, לערנער, איז ער צו אַראָן לוואָוויטשן אָפט אין שטוב אַריינגעקומען. אַלע יידישע זעלנער פלעגן צו אים קומען. וואָרום אַראָן לוואָוויטש, אַ גרויסער פּאָדריאַדטשיק, אַ מיליאָנער, פלעגט אַלע יידישע זעלנער ביים

קאָמאַנדיר אויף שבתים און יום־טובים אויסבעטן; געדעקט פאַר זיי גרויסע טישן אין זיין רייך הויז און געגעסן ווין ווי וואַסער פאַר אַלעמען.

ספּעציעל באַפריינדעט האָט ער זיך מיט אים, לערנערן, אים אַליין פלעגט ער אַריינבעטן צו זיך אין קאַבינעט, אַוועקזעצן אויף דער בערן־פעל, מכבד געווען מיט גוטע האוואַנעס און טערקישע קאַפע און אויסדערציילט פאַר אים וועגן אַלע זיינע רייזעס, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אויף דער וועלט; וועגן אַלע זיינע גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס ער האָט דורכגעפירט, וועגן אַלע זיינע פאַנטאַסטישע פּלענער, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגעטראָגן און שטענדיק געווען פול.

איצט, נאָך עטלעכע יאָר, האָבן זיי זיך באַגעגנט דאָ, אין אַ פרעמדער ווייטער שטאָט, ביי אַ וואַסערל פון אַ גאָרטן, אָבער ביי זייער נישט קיין גלייכע באַדינגונגען.

פון איין זייט איז געשטאַנען אַראָן לוואָוויטש, אַ געוואוקסיקער מיטל־יעריקער מאַן מיט אַן אָפּגעבערענט פול שיין געזיכט, אין אַ רייכער שוואַרצער באָרד געראַמט, מיט גלאַנציקע גליקלעכע אויגן, ענלעך אַ ביסל צו די געמעלן פון די אסירישע קעניגן און אַ ביסל צו די טאַטערישע און ארמענישע מאַגנאַטן; — אָנגעטון אין ווייסע זיידענע וועש, וואָס בלענדט פון ווייסקייט, אין נייע געפּאַסטע ספּאָרט־קליידער, וואָס ליגן ווי אויסגעגאָסן, אין געשנורעוועטע בארג־שיך און אין הויכע איבערגעלייגטע ספּאָרט־זאָקן, דורך וועלכע די פעסטע מוסקולירטע לידקעס קוקן אַרויס מיט אַ גאַנצער וועלט קראַפט — פון דער צווייטער זייט איז געשטאַנען לערנער, אַ באַוואַקסענער, אַן אויסגעדאַרטער, מיט אָנגעכמורעטע הונגעריקע אויגן, מיט שווייסיקע וואַרעמע קליידער, מיט צעדרייטע שיך און עלטערע צו־ברייטע הויזן, דורך וועלכע די בעסטע פיס זעען אויס קרימלעך און אַלט.

— צום טייוול! — האָט ער זיך אַליין געזידלט, אַלמאַי ער איז גראָד געגאַנגען דורך דעם גאָרטן — און גלייך דערויף איז אים דורכגעלאָפן אַ ביטערער געדאַנק.

— מען דערקענט מיך טאַקי? — האָט אים אַ ציפּ געטון אין האַרץ.

ער האָט אויסגעמיטן קוקן דעם פרעמדן מאַן אין די אויגן. ער האָט פאַרעקשנט באַטראַכט די אייגענע שיך, ווי ער וואָלט זיי וועלן מיט די אייגענע אויגן פאַרשטעלן. מער פון אַלץ האָבן אים געשראָקן די שיך, די צעדרייטע שיך, וועלכע זענען תמיד מער פון אַנדערע קליידער דער שילד פון דלות, און וואָס אַ זייטיקער דערזעט זיי שטענדיק צום ערשטן.

נאָר דער געוויקסיקער פעסט-געבויטער מאַן האָט אַפילו קיין איין בליק נישט געוואָרפן אויף די שיך. ער האָט אַרויפגעלייגט לערנערן אַ האַנט אויף דעם אַקסל, אַ וואַרעמע קרעפטיקע גוטע האַנט, מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אים אָנגענומען אַרום האַלז, ווי מען נעמט אַרום אַ קינד, און אים אַ קוש געטון אין מויל אַריין צוויי מאָל.

לערנער האָט נישט געענטפערט, עפּעס צו אומגעריכט איז עס געקומען. האָט אַראָן לוואָוויטש אַ בליק געטון מיט צוויי שוואַרצע בליקן גלייך אים אין די אויגן אַריין און באַפוילן:

— נו, פּאַצאַלוי!

האָט לערנער צוגעלייגט די ליפּן צו אַראָן לוואָוויטשעס באַקן, ווי אַ קינד צו אַ פאָטער, אַ קוש געטון אויף רעכטס און לינקס אין ביידע אָפּגעבערנטע בלוטיקע באַקן און אים האָט אַ שמעק געטון מיטאַמאָל מיט זון, ווינט, פאָטער און לעבן.

— אָט אַזוי! — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט פאָטערלעך

און מיט דער זעלבער באַפעלערישקייט און פאָטערלעכקייט צוזאַמען, וואָס לאָזט אויף קיין איין רגע זיך נישט באַליידיקן, נישט קעגנשטעלן און נישט טראַכטן אפילו, האָט ער אים גענומען מיט זיך אויף אַ דראָשקע, אַריינגעפירט צו זיך אין אַ שיינעם קילן צימער פון אַ גרויסן האָטעל. אָן איין וואָרט אַרויסצורעדן, האָט ער אים אַריינגעפירט אין וואַנע, וואָס איז אונטער אַ שווערער פליושענער פאָרהאַנג אין זעלבן צימער; אַוועקגעלייגט אים זייף, אַ באָד-ליילעך, אַ האַנטוך, אַ שוואָם. אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי, עפּעס ווי דורך אַ כּישוף, איז ער, לערנער, געטריבן געוואָרן אין וואַנע אַריין, אין אַ מאַרמאָרנער וואַנע, וואָס פון אַלע זייטן שפּריצט, גיסט און קוועלט מיט קאַלטן פרישן וואַסער. און פּונקט אַזוי אומדערוואַרט און

אומבאַמערקבאַר זענען פון דער סאָפקע אין באָד־צימער פאַרשוווּנדן געוואָרן לערנערס מלבושים, די וועש און די קליידער, און אויף זייער אָרט איז געלעגן פרישע נייע וועש, פרישע נייע קליידער, ווייכע לייכטע שיך. אפילו אַ נאָז־טיכל האָט נישט געפעלט.

פון אומגעריכטן און פּלוצלינגן זענען לערנערן די ווערטער אין האַלז געבליבן שטיין.

— אַראָן לוואָוויטש! — האָט ער קוים גערופן.

קיינער איז נישט געווען.

ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אָנטון זיך.

מאָדנע גיך, ווי אַ גנב, האָט ער געצויגן אויף זיך די פרעמדע וועש, קליידער. דער שניפּס האָט זיך אים געגליטשט פון די הענט, די קנעפּלעך האָבן נישט געוואָלט אַריין אין די לעכלעך. נאָר אָט איז אויסגעוואַקסן אַראָן לוואָוויטש, אויסגעוואַקסן אויך אַן אויסגעבאָדענער, אַ פרישער, מיט גלאַנציקע טראָפּנס אין דער געדיכטער באָרד און מיט אַן אָפענער מעכטיקער האָריקער ברוסט פון אַ רויט פּליושענעם לאַנגן שלאָפראָק, וואָס האָט אים געמאַכט נאָך שענער, הערשערישער און פּאָטערלעכער ווי פריער. אָן איין וואָרט, האָט ער אים אַרומגענומען ביי דער פּלייצע, אַרומגענומען מיט זיין וואַרעמער גוטער קרעפּטיקער האַנט, וואָס פאַרגלעט אַלץ אין דער וועלט, און צוגעיאָגט פרייליך:

— עסן! עסן! כ׳בין הונגעריק, ווי אַ וואָלף!..

און לערנער האָט צוריק אַראָפּגעשלוגגען אַלץ, וואָס איז אים געשטאַנען אין האַלז, און אַ רויקער, אַ פרישער און אַ נייער, געלאָזט זיך פירן אונטערן אָרעם איבער די ווייכע טעפּיכער פון די ברייטע מאַרמאָרנע האָטעל־טרעפּ; אַריין אין ברייטן טונקעלן און קילן האָטעל־רעסטאָראַן און פאַרזינקען זיך אין ווייכן געבעטן סאָפקעלע ביים טיש, גלייך מיטן פּנים אין אַ פרישן בוקעט בלומען אַריין.

— העי! אָפּיציאַנט! — האָט אַראָן לוואָוויטש גערופן, פּאַטשנדיק אין ביידע הענט — סודאַ!

אַזש צוויי קעלנער זענען מיטאַמאָל צוגעלאָפן און זיך אויסגעצויגן ווי די סטרונעס.

— סלושאַיוס!

שוין אַ צייט, ווי זיי האָבן אַזאַ רוף נישט געהערט. זינט דעם לעצטן קלאַפּ פון די בריקן, האָט קיינער דאָ נישט געקלאַפּט אין די הענט, נישט געבראָכן קיין שפּיגלען און נישט געגעבן קיין לייטישן טרינק־געלט, ווי אַמאָל די שלאַנקע רוסישע אָפיצירן און ברייט־בער־דיקע סוחרים פלעגן עס טון. אַראָן לוואָוויטש האָט זיי מיט זיין רוף צעטומלט און אַזש צוויי מיטאַמאָל זענען געקומען צולויפן צום טיש און זיך אויסגעגלייכט, ווי פאַר נאַטשאַלסטוואַ.

זיי האָבן נישט קיין טעות געהאַט. ער האָט באַשטעלט, אַראָן לוואָוויטש, ווי מען דאַרף, מיט גרויס קענטעניש און געניטקייט. ער האָט געלאָזט אָנשטעלן אַ טיש מיט פלעשער און פלעשלעך, סלאָיקעס און סלאָיקלעך, טעלערס און פּאָלימעסן.

— נאַליעוואַי! — האָט ער באַפוילן די קעלנער — נאַליעוואַי! — און ער האָט געקלאַפּט אַלע מאָל לערנערן אין גלעזל.

אויף קיין רגע האָט ער אים נישט אָפּגעלאָזן. מיט אַן אויסגע־שטרעקטן פינגער האָט ער אָנגעוויזן לערנערן אויף יעדער נייער כוסה און געגעבן שווייגנדיק נעמען.

קיין איין וואָרט האָט ער נישט אויסגערעדט, אויסער צום קעלנער:

— נאַליעוואַי, בראַט! נאַליעוואַי.

און ערשט דערנאָך, צום אַנאַנאַסן־קאָמפּאָט אַז ס׳איז געקומען, האָט ער אַרויסגענומען צוויי האַוואַנעס, דערלאַנגט איינעם לערנערן, איינעם זיך, און די צונג האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ביי אים, רעדן פאַר דער גאַנצער צייט, און אַלץ אַליין, נישט לאָזנדיק לערנערן אפילו קיין איין מאָל צום וואָרט קומען.

לערנער האָט געקוקט אין שפּיגל, געזען זיך אַ פרעמדן, מיט פרעמדע קליידער, מיט אַ פרעמד צעהיצט פנים, מיט אַ פרעמדן ציגאַר אין מויל און זיך אַליין נישט דערקענט.

אַ ווײלע האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זיצט גאָר איצט אין טיפליס, זיצט ביי אַראָן לוואָוויטש אין קאַבינעט, רויכערט אַ ציגאַר און הערט זיין שטים, די זאַנפטע געדיכטע באַס־שטים, וואָס איז פול מיט זיכערקייט, איבערצייגונג און הערשערישקייט, די שטים, וואָס לאָזט קיינעם נישט רעדן, קיינעם נישט אָפּשפּאַרן, נאָר רעדט אַלץ

אַליין, רעדט וועגן זיך, וועגן זיינע רייזעס, וועגן זיינע אונטערנע־מונגען, וועגן זיינע פּלענער, וואָס זענען פול מיט פאַנטאַזיע און אמת גלייכצייטיק.

---

ער האָט איצט אַ סך געהאַט צו דערציילן, אַראָן לוואָוויטש. דורך די עטלעכע יאָר מלחמה האָט ער זייער אַ סך דורכגעמאַכט.

מיטפאָרנדיק מיט די רוסישע אַרמייען, וועלכע ער האָט פּראָ־וויאַנטירט, האָט ער מיטגעמאַכט צום ערשט דעם קאַווקאַזער פראָנט, דערנאָך די מערב־פראָנטן און אַ סך מיליאָנען געמאַכט. פאַר די מיליאָנען האָט ער אַ סך וועלדער אין טיף רוסלאַנד אָנגעקויפט, אַ סך גיטער און פאַבריקן. צום לעצט האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט אין זיין געבורט־אָרט קיין פּאָליעסיע. נאָך פון פאַר דער קריג האָט ער דאָ גרויסע וועלדער געהאַט, אַ גוט אַ גרויס, וואָס איז בעת זיין ווייגען אין טיפליס שטאַרק אָפּגעלאָזן געוואָרן. ביי די לעצטע קאַמפן איז דאָס גוט זיינס איבערגעגאַנגען עטלעכע מאָל פון האַנט צו האַנט און עס איז גאָר חרוב געוואָרן. די סאָלדאַטן, די רוסן און דערנאָך די עסטרייכער און דייטשן האָבן אויסגעקויליעט די קי, צוגענומען די פערד, איבערלאָזנדיק דערויף קוויטלעך. די שטובן זענען געווען צע־טרייבערט, די אויוונס איינגעלייגט, די ביכער צעריסן, די פעלדער מיט דראָט־פאַרצוימונגען און ברודער־קברים באַדעקט.

אויסער די גיטער און וועלדער האָט דאָ אַראָן לוואָוויטש אין אַ גרעסערער אויעזדנער שטאָט געהאַט ווייגען זיין מוטער, אַ זקנה. אַראָן לוואוויטש האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אַהער צוזאַמען מיטן רוסישן מיליטער און געוואָלט מיטנעמען מיט זיך די מוטער צו זיך אין רוסלאַנד.

עס האָט שוין געהאַלטן אין די לעצטע מינוטן. איין פעסטונג נאָכן צווייטן איז געפאַלן און די באַקאַנטע מיליטער־לייט זיינע האָבן אים געוואָרנט, וואָס פריער אַוועק מיטן מיליטער, וואָס ער פראָ־וויאַנטירט.

— דער שונא איז נאָענט — האָבן זיי אים געזאָגט בסוד.

נאָר ווי אַלע מאָל האָט אים פאַרשמעקט די ריזיקע. קיין זאַך

האָט אים נישט אַזוי געגומען ווי אַ ריזיקע. ער איז אַוועק צו דער מוטער, געוואָלט זי אַרויסכאַפּן, נאָר אין דער לעצטער מינוט איז זי קראַנק געוואָרן. מען האָט זי נישט געקאָנט רירן פון אָרט — און אין דער זעלבער נאַכט, ווען זי איז געשטאָרבן, זענען די עסטרײַכער מיט די דײַטשן אַרײַן — און ער איז געבליבן אָפּגעשניטן פון רוסלאַנד, אָפּגעשניטן פון זײַנע גיטער, וועלדער און פֿאַבריקן, וואָס ער האָט אָנגעקויפט, אָפּגעשניטן פון דער אַרמיי, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען פּראָוויאַנטירן.

אין די ערשטע טעג איז ער אומגעגאַנגען צעדודערט. ער האָט זיך געריסן מיט אַלע כּוחות אַהין, קיין רוסלאַנד.

ער האָט אַפֿילו שיִער נישט מיטן לעבן באַצאָלט.

אים איז נישט אַזוי געגאַנגען אין די פֿאַרמעגנס, וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזן, אין דעם פּראָוויאַנטירן די אַרמייען, וואָס האָבן אים מיליאָנען געבראַכט, — ווי אין דעם, וואָס ער איז געבליבן זיצן מיט ליידיקע הענט.

צוגעוווינט אַ גאַנצן לעבן צו טון, רייזן, בויען, פּלאַנעווען, איז ער שיִער נישט אומגעקומען פון דער לאַנגווייליקייט און פּוסט-קייט, אין וועלכער ער איז דאָ אַרײַנגעפאַלן.

אין זײַנע גרויסע וועלדער האָבן די דײַטשן און עסטרײַכער עטלעכע זעג-מילן אַרײַנגעשטעלט, געשניטן האָלץ, געהאַקט און אָפּגעשיקט צו זיך אין די לענדער. אין די געבליבענע ביימער האָבן זיי די קאָרע אָפּגעהאַקט, אויסגעבויערט לעכלעך, געצויגן די זאַפּט און אַוועקגעשיקט.

אַראָן לוואָוויטש האָט זיך שיִער נישט געעקט. אים האָט נישט געאַרט דאָס פֿאַרמעגן זײַנס, נאָר דאָס, וואָס מען מאַכט אַ תּל פון די וועלדער. זיי האָבן געשניטן, די דײַטשן, ביימער, וואָס מען טאָר גאָרנישט שניידן, אַרויסגעצויגן ביי די ביימער די זאַפּטן. ער איז געפאָרן צום דײַטשן פערשטער, דעם עלטסטן פון די וועלדער, און געמאַכט פֿאָרווורפֿן. נאָר ווי יעדער דײַטש, וואָס דינט נאָענט ביים פּראָנט אין אָבער-אַסט, האָט דער פערשטער געענטפערט:

— אָבער-אָסט, מיין העדר, ניכט צו מאַכען...

ער האָט שפּעטער פאָרגעלייגט זײַן הילף. ער האָט זיי אַלץ

געוואָלט געבן, די דייטשן מיט די עסטרייכער, אָבער ער האָט כאָטש געוואָלט עפּעס טון דערבײַ, צוהעלפן. ווי אַלעמאָל האָבן בײַ אים אין קאָפּ אויפגעבליצט פאַנטאַסטישע פּלענער, וואָס זאָלן די דייטשן געבן נאָך מער, ווי זיי ווילן, און עס האָט אים נישט געלאָזט איינרוען.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַלע הויכע פענסטער, נאָר די דייטשן האָבן אים חושד געווען, אַז ער האָט עפּעס אַ שווינדל דערבײַ און געענטפערט:

— אָבער־אָסט! — ניכט צו מאַכען!

ער האָט געפּרובירט דורכרײַסן זיך דורך דער פראָנט־ליניע, נאָר מען האָט אים געפּאַקט און שיער נישט אויפגעהאָנגען.

ער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טון. אַפילו די יעגער־ביקסן זײַנע, מיט וועלכער ער פלעגט זיך יאָגן אין די וועלדער און פעלדער נאָך האָזן; אַרומקריכן איבער די אָזיערעס נאָך ווילדע קאַטשקעס, האָט מען אים צוגענומען. — קיין געווער, אָבער־אָסט!

און ער איז שיער נישט אומגעקומען.

נאָר לעצטנס איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין זײַן לעבן

צוזאַמען מיט פּאַרטיעס געפאַנגענע רוסן, וואָס די דייטשן האָבן אַהערגעשיקט אַרבעטן אין די פּאָליעסער וועלדער, צוזאַמען מיט די געפאַנגענע איטאַליענער און רומענער, וואָס די עסטרייכער האָבן גע־בראַכט האַקן די וועלדער, זענען אויך מיטאַמאָל אָנגעקומען עטלעכע הונדערט יידן, ווײַבער און קינדער, אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע, מיט פּעק בעטגעוואַנד, מיט שבתדיקע לייכטער און מיט עטלעכע ספר־תורהס אין צעריסענע טלתים אײַנגעהילט.

דאָס זענען געווען אײַנוווינער פון גרענעץ־פּאַס, האַרט בײַם פראָנט. פריער האָבן זיי די רוסן געטריבן. בײַם פאַרנעמען די שטעט און שטעטלעך דורך די דייטשן, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט באַקעטע און באָרוועסע צו זיך אַהיים, באַזעצט זיך אין די האַלב פאַרברענטע הײַזלעך, געמאַכט פּאַפּיראָסן פאַר די דייטשע זעלנער, געטריבן בראָנפן — און אַ סך מיידלעך און ווײַבלעך האָבן אויסגעביטן זייער ליבע בײַ די זעלנער אויף ברויט, קאָנסערוון און צוקער.

נאָר מיטאַמאָל איז אַרויס אַ באַפעל, אַז צוליב קריגס־פּאָזיצי־טיקייט זאָלן אַלע פאַרלאָזן צוריק די ערטער. די יידן האָבן געוויינט,

געפאַלן צו די פיס, נאָר דער גענעראַל האָט געענטפערט שטרענג:
— אָבער־אָסט! — ניכט צו מאַכן!

און נאַקעטע, באָרוועסע, קראַנקע, מיטפירנדיק מיט זיך אָרעמ־קייט, טיפוס, הכנעה און געפאַלנקייט, האָבן זיי זיך געשלעפט אין די דייטשע לאַסט־וואַגאָנעס איבער פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך.
)עטלעכע הונדערט נפשות זענען אַריינגעפאַלן צו אַראָן לוואָ־וויטש אין שטאָט.

אין די קליינע געסעלעך, וואָס ליגן באַרג אַראָפּ אַ טייך, שווענקנדיק זיך אין וואַסער, אין צעפוילטע חרובֿע דאַך-שטיבלעך, אויף צעלעכערטע בוידעמער, — האָבן זיי זיך באַזעצט די פרעמדע און געלעבט אין נויט, דחקות, ענגשאַפט, שמוץ און רויך. די על־טערע, מענער און ווייבער, האָט מען געטריבן אויף צוואַנג־אַרבעט אין די וועלדער, ווו זיי זענען אומגעקומען פון אַרבעט, הונגער און אויסגעצערטקייט. די קינדער, יינגעלעך, מיידלעך, האָבן זיך געשלעפט איבער די שטאָטישע גאַסן, געבעטלט, געריסן ביי די פאָלעס, גע־גנבעט, געלעגן אין די רינשטאָקן, געקליבן קערנער פון פערדישן מיסט, געשנאָרעט ביי די סאָלדאַטן, געלעבט אויסגעלאַסן צווישן זיך, געקרענקט און געשטאָרבן.

די שטאָט האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט. פון די שטענ־דיקע קאַמפן, מלחמות, איז מען אַליין געווען פאַראָרעמט, אָפּגע־ברענט, פאַרהאַרטעוועט, פאַרגרעבט.

און אַראָן לוואָוויטש האָט זיך גלייך אַ כאַפּ געטון צו די פרעמדע און מיטן גאַנצן ברען, ענערגיע אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר זיי.
ער איז תחילת אַרויפגעפאַלן אויף זיי האַסטיק, צוהאַסטיק, מיט דער גאַנצער אויסגעהונגערטקייט זיינער צו טון עפּעס, מיט דער גאַנצער פרעמדקייט פון אַ ברייט־רוסישן טיפליסער פּאָדריאַדטשיק און מיט אַ סך רחמנות — און ער האָט גלייך קאַליע געמאַכט.

וואָס ער האָט נישט געוואָלט טון גוטס, איז אַרויסגעקומען שלעכטס.

גלייך אין ערשטן טאָג האָט ער צוזאַמענגענומען די קינדער. וויפל קינדער פון די היימלאָזע ער האָט געפּאַקט אין גאַס, האָט ער

געפירט צו זיך, אָנגעשטאָפּט זיי פולע קעשענעס מיט עסנוואַרג און געלט.

נאָר די קינדער האָבן זיך געוואָרפן אויפן געלט, ווי די חיהלעך, אויסגעריסן זיך די אויגן, אָפּגעריסן זיך די אויערן, גע-רופן זיך מיט צונעמען.

ער האָט גלייך געוואָלט מאַכן אָרדנונג.

— קינדערלעך! — האָט ער געשריגן — אַלע וועלן באַקומען — שטיל!

נאָר די קינדער האָבן אים מער נישט געהערט. זיי זענען גע־וואָרן די באַלעבאַטים — און ער האָט זיי פאַרטריבן פון שטוב.

— די טאַטע־מאַמעס זאָלן קומען! — האָט ער באַפוילן — אַהיים!

די טאַטע-מאַמעס זענען געקומען. נאָר זיי זענען פּונקט געווען ווי די קינדער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מחלוקתן, מסירות, געוויינען, היסטעריעס. איינער האָט באַרעדט דעם אַנדערן. מען איז אים גע-פאַלן צו די פיס, געקושט די הענט. מאַמעס האָבן אים אונטערגע-שיקט טעכטער — און ער האָט די גרויסע, ווי די קינדער, געטריבן פון זיך.

ער האָט געזען, אַז מיטן טיילן געלט האָט ער געמאַכט אַ טעות און ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן פּלאַנמעסיק.

ער איז געגאַנגען צו די דייטשן בעטן טובות פאַר די „פּליכטלינגע״.

דאָס מאָל זענען אים די דייטשן אַנטקעגנגעקומען. — זיי זענען זיי געשטאַנען איצט, די היימלאָזע, ווי אַ ביין אין האַלז. — גענוג קרבנות האָבן זיי שוין געהאַט געבראַכט, די היימלאָזע, פאַר די דייטשן ביי דער צוואַנגס־אַרבעט. אַ סך האָבן נאָך פון ווינטער ביי עפּענטלעכע אַרבעטן אָפּגעפרוירן זיך הענט, פיס. אַנ-דערע זענען אומגעקומען פון קעלט, הונגער. דערצו האָבן זיי דער־וואַרט, די דייטשן, אַ קאָמיסיע פון רויטן־קרייץ, אַ קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון שוועדן, שווייצאַרער, האָלענדער, נאָרוועגער און אַנדערע נייטראַלע פאַרשטייער און באַזוכט אַ סך געפאַנגען-לאַגערס, שפּיטעלער און פּליכטלינגע. — שוין אַ היפּשע צייט, ווי זיי האָבן צוליב דעם געמאַכט אָרדנונג אין די געפאַנגען-לאַגערס, אַפילו געגעבן

בעסער עסן די געפאַנגענע. — מיט די פליכטלינגע האָבן זיי זיך גאָרנישט געקאָנט קיין עצה געבן — און זיי האָבן אַראָן לוואָוויטשן אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

דער אָבערסט אַליין, דער קרייז־שעף, האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אין קאַבינעט און געלויבט אים פאַר זיין גוט הארץ.

— אָבער, ביטע זעהר, הערר אַראָן לוואָוויטש — דאָס איזט דאך הערליך.

דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ פּלאַן, אַראָן לוואָוויטש, ווי אַלעמאָל.

ער האָט אַלע היימלאָזע געוואָלט אַרויסנעמען צו זיך אין חרובן גוט, מיט זיי אַליין לאָזן דעם חרובן מאַיאָנטעק אויספאַרריכטן, אויסבויען, צוריקבּרענגען אין אָרדנונג די היפּשע עטלעכע טויזנט דעסיאַטין ערד, באַאַרבעטן זיי און לעבן פון דער אייגענער אַרבעט.

— גיט מיר נאָר שפּייז פאַר זיי ביזן ערשטן שניט — האָט ער געטענהט צו די דייטשן — גיט מיר נאָר די ערשטע זריעה און איך וועל אייך אָפּצאָלן מיט פּראָצענט...

מיטן וועלן אַרויסנעמען די פליכטלינגע פון שטאָט צו זיך אין גוט אַריין, האָט ער גאָר זיי געקויפט, אַראָן לוואָוויטש.—זיי האָבן זיי געוואָלט וואָס ווינציקער האָבן אין שטאָט, וואָס ווינציקער זיי זען, די פאַרשטויסענע, פאַרווונדעטע און אָפּגעריסענע.

זיי האָבן נישט געענטפערט, ווי אַלעמאָל — „אָבער־אָסט" — נאָר פאַרקערט:

— בראַווא, הערר לוואָוויטש, בראַוואָ, בראַוויססימאַ!

אַראָן לוואָוויטש האָט געמאַכט וועגן דעם פאַרזאַמלונגען מיט די היימלאָזע. ער האָט זיי געבראַכט די בשורה מיט גרויס הנאה, איבערצייגט, אַז זיי וועלן זיך אין זיין פּלאַן אָנכאַפּן. אָבער געשען איז פאַרקערט. אַלע האָבן געשוויגן, מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אָנגערופן.

אַראָן לוואָוויטש איז געווען אויסער זיך. — ער האָט צונויפ-גערופן די עלטסטע פון זיי, די קאָמיטעט-לייט און געהייסן זיי ווירקן אויף דעם עולם.

— זאָגט זיי — האָט ער געטענהט צו די קאָמיטעט־לייט — קלערט זיי אויף, אַז איך וויל זייער טובה.

די קאָמיטעט־לייט האָבן אים צוגעשאָקלט, געחנפהט.

— איר זענט דאָך אונזער פאָטער, פריער גאָט, דערנאָך איר, אַראָן לוואָוויטש...

נאָר הינטער די אויגן האָבן זיי אים באַרעדט פאַר די היימ־לאָזע.

ער האָט זיי נישט געטויגט צום עסק, אַראָן לוואָוויטש. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע קאַסע, די קאָמיטעט־לייט, אייגענע געלטער, וואָס זיי האָבן געשלעפּט פון פאַרשידענע שטעט און אינסטיטוציעס, פון צייט צו צייט געקריגן קליידער, שפּייז, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אויף די מערק און די געלטער גענומען פאַר זיך, אָפּשטופּנדיק די פליכטלינגע מיט קלייניקייטן. עפּעס צופיל האָט זיך דער פרעמדער אָנגעהויבן מישן צו זיי. און זיי האָבן אויסגערעדט אויף אים אַלדאָס בייז, געזאָגט, אַז ער האָט געמאַכט מיט די דייטשן איינס, אַז ער וויל זיי מאַכן פאַר קנעכט ביי זיך אין גוט, וויל זיי מאַכן פאַר פויערן און באָדן זיך אין זייער שווייס.

איבערהויפּט האָט געהעצט דער קאָמיטעטניק דושקין, אַ קליין ליטוויש יידל מיט אַ פּנים ווי פון זאַמד, מיט אַש־קאָלירענע גלאַטיקע האָר און מיט אַ שטייף בערדל, וואָס וואַקסט בלויז אויף דעם קין, און די באַקן זיינע, די פּירקאַנטיקע און די קרענקלעך רויטלעכע, זענען גלאַ־טיק, בלויז מיט עטלעכע שטייפע האָר דורכגעוואָרפן.

אַ געבויגענער, מיט אַ קאָפּ, וואָס זיצט צו טיף אַריינגעזעצט צווישן ביידע אונטערגעהויבענע פּירקאַנטיקע אַקסלען, אַן אַסטמאַ־ליידנדער, וואָס הערט נישט אויף אונטערצוהוסטן דריבנע און טרוקן, איז ער שטענדיק אַרומגעקראָכן פון שטוב צו שטוב, פון פּלאַץ צו פּלאַץ, אומעטום אונטערגעשטעלט די ווייכע צו־גרויסע אויערן, וואָס זענען מיט שטיקלעך וואַטע פאַרשטעקט; אומעטום אָנגעהוסט מיט זיין דריבנעם, טרוקענעם הוסטל און שטענדיק, ווען נאָר צוויי האָבן גע־רעדט, ווען צוויי האָבן אַ סוד געהאַט, איז ער אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד, מיט שטילע קעצישע טריט זיך צוגעשאַרט און באַגריסט זיך, טאַפּנדיק ביים דאַשעק פון זיין שטייף ליטוויש היטל:

— אַ גוטן מאָרגן אייך, וואָס מאַכט מען?

זינט אַראָן לוואָוויטש האָט אָנגעהויבן זיך מישן צו די היימ־לאָזע, האָט דושקין נישט אויפגעהערט העצן.

— איר וועט זען, וואָס ער וועט מאַכן פון אייך, דער המן — האָט ער אומעטום געזאָגט — איר וועט געדענקען מיינע רייד.

און צו דער זעלבער צייט איז ווי אַראָן לוואָוויטש האָט זיך נאָר געריִרט, ווו ער איז נישט געקומען, איז אים שטענדיק דושקין אויסגעוואַקסן, אַראָפּגענומען דאָס היטל און זיך באַגריסט אין ליט־ווישן רוסיש:

— זדראַסטוויטיע, אַראָן לוואָוויטש, מאָיאָ פּאָטשטעניע!

אַראָן לוואָוויטש האָט אָגגעהויבן גיין מיט תקיפות. זיין הערשע־רישע נאַטור האָט זיך דערוועקט.

ער האָט געוואָלט טון פאַר די פרעמדע גוטס; ער האָט גע־וואָלט זיי אַרויסנעמען פון די שמוציקע געסלעך, פון די רינשטאָקן, ווו זיי האָבן געבעטלט, געגנבעט, געטריבן בראָנפן, פאַרקויפט די טעכטער, און אַריבערפירן צו זיך, אין זיין פאַרמעגן, אויף זיין ערד, און מאַכן פון זיי מענטשן, און צום סוף האָבן זיי אַליין אים גע־שטערט.

האָבנדיק שטענדיק צו טון מיט מיליטער־לייט, געוווינט צו דיסציפּלין, דיקטאַטור, האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן מיט דער פויסט אין טיש.

— שטילער זאָל זיין! — האָט ער געשריגן צום עולם, וואָס ער האָט צוזאַמענגערופן — איך וויל אייער גוטס און איר וואַרפט זיך!

דער עולם איז שטיל געוואָרן. נאָר אַנטקעגנקומען האָבן זיי אַלץ נישט געוואָלט.

אַראָן לוואָוויטש האָט געזען, אַז אין אַלץ זענען שולדיק די קאָמיטעט־לייט, אַז זיי העצן קעגן אים, און ער האָט וועגן דעם דערמאָנט פאַרן אָבערסט דעם קרייז־שעף.

דער קרייז־שעף האָט גלייך, אָן אַראָן לוואָוויטשעס וויסן, גע־שיקט נאָך זיי פעלד־זשאַנדאַרמען און אַוועקגעשיקט אין וואַלד אויף צוואַנג־אַרבעט.

די היימלאָזע האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַראָן לוואָוויטשן, דער־זען אין אים אַ קראַפּט און אים געוואָרן אונטערטעניק. פון ווי ווייט האָט מען אים אָפּגעטרעטן דעם וועג, געצויגן די הישלען. אַראָן לוואָוויטשן האָט דאָס געקרענקט, אַנשטאָט צוטרוי, וואָס ער האָט גע־וואָלט, איז געקומען מורא. זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ מסור און טאַקע נאָכמער בעגלויבט אין זיינע שלעכטע כוונות, ווי די קאָמיטעט־לייט האָבן אָנגערעדט. מיט גרויס מי האָט זיך אים איינגע־געבן פועלן ביים קרייז־שעף, מען זאָל די קאָמיטעט־לייט באַפרייען, נאָר קיין צוטרוי האָט ער אַלץ נישט געוווּנען.

אין אַזאַ לאַגע איז ער אַוועק קיין וואַרשע.

זיי האָבן זיך נישט געאיילט, די דייטשן, צו געבן אַראָן לוואָ־וויטשן פּראָדוקטן און זריעה ביזן ערשטן שניט. אַנשטאָט דעם האָבן זיי אים געגעבן אַ פּאַספּאָרט קיין וואַרשע און בערלין, עטלעכע רע־קאָמענדאַציאָנס־בריוו צו דייטש־יידישע הילפס־פאַריינען און געשיקט אים זאַמלען געלט פאַר די „ליידענדע אָסט־יודען".

אָפּגעוווינט פון יידישן לעבן, פון געזעלשאַפטלעכקייט, צוגע־וווינט צום לעבן פון רוסישע ברייטע קאַצאַפּעס גבירים, האָט ער גלייך ביים ערשטן וויזיט צעקריגט זיך מיט די דייטשע ראַבינערס, מיט וועלכע מען האָט אים צונויפגעפירט.

ער האָט דערציילט וועגן די היימלאָזע, וועגן זייערע ליידן, וועגן זיינע פּלענער מיט היץ. נאָר זיי, די ראַבינערס מיט די מילי־טערישע היטלען, זענען געזעסן קאַלטע, אָנגעבלאָזענע, נישט אויפגעה־הערט רעדן וועגן כשרות און געדונגען זיך מיט אים, ווי אויף אַ מאַרק.

ער האָט געמאַכט אַנדערע פּלענער. ער האָט דערציילט וועגן זיין רייכקייט אין רוסלאַנד, וועגן זיינע פאַרמעגנס און געבעטן געלט אויף זיין אייגענעם חשבון, וואָס ער וועט אָפּצאָלן, ווען די קריג וועט זיך ענדיקן.

— מיר גיט! — האָט ער געשריגן — מיר, אַראָן לוואָוויטשן. אַליין וועל איך זיי אויסהאַלטן.

ער איז געווען איבערצייגט, אַז דערמיט האָט ער זיי גענומען. אויף זיין נאָמען האָט מען אין רוסלאַנד מיליאָנען געגעבן. נאָר די

ראַבינערס האָבן זיך קאַלט געצויגן ביי די שפּיציקע בערדלעך און נישט נתפּעל געוואָרן.

— יאַ, יאַ — האָבן זיי געזאָגט — דאָס איזט יאַ אַללעס זעהר שעהן אונד לאָובענסווערטה, אָבער מאַן קאַן, יאַ, ניכט וויסען... ווי זאָגט עס דער טאַלמוד, כּבדהו וחשדהו... ניכּט וואַר?

פאַר כּעס האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט און, פאַרגעסנדיק מיט וועמען ער האָט צו טון, האָט ער געגעבן אַ רוסישן „פּאָ־מאַטיערי".

— נאַ פּליעוואַט! — האָט ער געשריגן — און געוואָלט אינגאַנצן זיך אַרויסשלאָגן דערפון.

נאָר אין לעצטן מאָמענט האָט אין אים דערוואַכט די אַמביציע, דער צולהכעיס — און ער האָט געקלאַפּט אין טיש:

— און איך וועל מיינס אויספירן! — אַפילו די גאַנצע וועלט זאָל זיך צוזאַמענקומען...

זיי האָבן אים איבערגעבעטן, די ראַבינערס. זיין פעטטע האַלטונג, זיין עקשנות האָט זיי אימפּאָנירט, די קאַלטע ראַבינערס, און זיי האָבן אים צוגעזאָגט געבן, וויפל נאָר ער וועט פאָדערן.

— מיט דען רוסישען יודען איזט, יאַ, קיין שפּאַס — האָבן די ראַבינערס געשמייכלט — זי זינד איין כּעסן, העררר לוואָוויטש!

אַ צופרידענער, אַ גליקלעכער, איז ער צוריק אַהיים, פאַרהאַלטנדיק זיך אין וואַרשע אויף אַ קורצער צייט — דאָ האָט ער צופעליק געטראָפן לערנערן און גלייך איז אים איינגעפאַלן, אַז מיט אים וועט ער קאָנען אַרבעטן.

ער איז איצט געווען אַנטשלאָסן, אַראָן לוואָוויטש, בנוגע די היימלאָזע. אַנטשלאָסן צו נעמען זיי מיט געוואַלד אין דאָרף אַריין און גערעדט וועגן דעם מיט לערנערן אין רעסטאָראַן.

לערנער האָט געמוזט אויסרויכערן עטלעכע האוואַנעס ביי דער גאַנצער צייט, וואָס אַראָן לוואָוויטש האָט גערעדט וועגן זיין פּלאַן און געוויכּערט. ער האָט אים נישט געלאָזט זיצן אָן אַ ציגאַר אויף אַ ווײַלע, אַזוי, אַז לערנערן האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט — און געענדיקט האָט אַראָן לוואָוויטש מיט אַ קלאַפּ אין טיש, אַז אַלע גלעזער האָבן געציטערט:

— דער טייוול זאָל זיי נעמען, די שנאָרערס, און מענטשן וועלן זיי ביי מיר מוזן זיין!

מיט דער זעלבער תּקיפות און זיכערקייט האָט ער געשריגן צו לערנערן, נישט פרעגנדיק אים אַפילו:

—און דו וועסט האָרעווען ביי מיר! אַרבעטן גלייך מיט מיר— גיב אַ האַנט!

לערנער האָט אים געגעבן אַ האַנט און דערציילט וועגן זיך. אַראָן לוואָוויטש האָט אים קוים געלאָזט קומען צום וואָרט, איבער־רייסנדיק אים כּסדר און אָנטפּקנדיק אים פּילע אויגן מיט רויך. —

אַז ער האָט אים ענדלעך דערציילט וועגן זיין מיידל, האָט אַראָן לוואָוויטש שטיל-געשוויגן אַ ווײַלע און געבעטן, זי אים באַ־קענען.

גנענדל האָט זיך געפילט נישט אינגאַנצן באַקוועם, ווען לער־נער האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר אַראָן לוואָוויטשן.

אַראָן לוואָוויטש האָט אויף איר אָנגעשטעלט זיינע פייערדיקע אויגן און אַזוי זי דורכגענומען, אַז זי האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן זיין בליק און אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו די שפּיץ שיך, פילנדיק דאָס בלוט אין פּנים.

אַ סך שטאַרק מענלעכעס און פאָטערלעכעס צוזאַמען איז געווען אין זיין בליק, וואָס האָט אי באַליידיקט, אי געוועקט אָפּשיי.

— אַרבעטן וועט איר קאָנען? — האָט אַראָן לוואָוויטש געפרעגט.

— יאָ — האָט גנענדל געענטפערט, נישט אויפהויבנדיק די אויגן פון דער ערד.

—פאָרט איר מיט אונז! — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט, ווי שטענדיק, נישט פרעגנדיק יענעם.

---

צומאָרגנס באַנאַכט זענען אַלע דריי, אַראָן לוואָוויטש, לערנער און גנענדל אָפּגעפאָרן אין אַ באַזונדערן קופּע אין וועג.

ביי די ביוראָס פון פּאַסיר־שיינען זענען הונדערטער מענטשן געשטאַנען אין רייע און טעג געוואַרט אויף רייזע ערלויבנישן.

אַראָן לוואָוויטש איז גלייך דורכגעגאַנגען אַלעמען און קיינער

האָט אים אַפּילו נישט אויפמערקזאַם געמאַכט — אַפּילו דער סאָלדאַט ביי דער טיר, אַ קליינער דייטש, האָט זיך עטוואָס אויסגעגלייכט.

— גאָלד! — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט.

— איך האָב עס געוואוסט — האָט דער דייטש צו זיך אַליין גערעדט און אויפגעעפנט די טירן פאַר אים — ביטע!

איינס און צוויי האָט מען אין ביוראָ אויסגעשריבן פּאַסיר-שיינען פאַר לערנערן און גנענדלען, נישט אַריינקוקנדיק אַפּילו אין זייערע פּאַפּירן.

פאַר צאָלן נישט מיט פּאַפּיר, נאָר מיט גאָלדענע רוסישע פינפערלעך לויטן אָפיציעלן דייטשן קורס, איז קיין רייע נישט געווען.

נאָך דעם פּאַסיר־שיין, האָט מען געדאַרפט גיין אין ענטלויזונגס־אַנשטאַלט, לאָזן זיך אונטערזוכן, צי מען איז ריין. הונדערטער מענטשן זענען געשטאַנען גרייט מיט די לייבער, מיט די האָר, מיט די בערד, די דייטשן זאָלן זיי באַקוקן.

— גאָלד! — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט — און מען האָט אונטערגעשריבן, נישט אָנקוקנדיק אַפּילו די פּאַסאַזשירן, צי זיי זענען ריין. פונדאַנען איז ער אַוועק אין שטייער-אַמט און אין אַנדערע אַמטן, וואָס זענען געווען באַלאַגערט מיט מענטשן.

— גאָלד! — האָט ער אומעטום געזאָגט און אַלע טויערן האָבן זיך געעפנט.

גנענדל האָט זיך דערלויבט אויף אַ שפּאַס:

— פונוואַנען נעמט איר אַזויפיל גאָלד, אַראָן לוואָוויטש?

— פון וועלן! — האָט אַראָן לוואָוויטש געענטפערט.

גנענדל האָט געשמייכלט:

— אין דעם זענט איר נישט איינער!

— נישט אמת! — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט — זיי ווילן אָפּנאַרן אויף אַ הערינג, די אידיאָטן, נישט דערוועגן אַ פונט ציבעלעס, און זיי דערגרייכן עס טאַקי.

גנענדל האָט געשוויגן און אַראָן לוואָוויטש האָט געזאָגט שטיל, זוייזנדיק אויפן טייסטער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער הויזןקעשענע פון הינטן:

— קיין קנעכט ביי אים בין איך פונדעסטוועגן נישט. דערפאַר

טאַקי האַלט איך אים נישט אין בוזעם-קעשענע ביים האַרץ, נאָר הינטן... אָט ווו איך האָב אים!...

---

נאָך אַ גאַנצער נאַכט טרייסלען זיך אין ווייכן קופּע, וואָס אַר־לוואָוויטש האָט אָנגעשטאָפּט מיטן רויך פון זיינע ציגאַרן, נאָך דער קילער זומערדיקער נאַכט, וואָס האָט נישט אויפגעהערט גיסן אַפילו אויף אַ ווײַלע און אומעטיק געקלאַפּט אין דאַך פון וואַגאָן און אין די פאַרלאָפענע שויבן, איז אָנגעקומען אַ טאָג אַ זוניקער, אַ וואַרע־מער. דורך די אָפענע וואַגאָן-פענסטער זענען פאַרבייגעלאָפן געדיכטע וועלדער, איינגעזונקען אין זון, פאַרבן און שפינוועבס. און גבענדל האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן פון פענסטער. נאָך די לאַנגע שווייסיקע און שטיינערנע טעג אין שטאָט, איז איצט געשטאַנען פאַר איר דאָס דאָרף אין זיין גאַנצער פּראַכט. ווי אַ געפאַנגענע חיה, וואָס מ׳לאָזט אַרויס פון שטייג אין וואַלד אַריין, האָט זי אַריינגעצויגן אין זיך די באַקאַנטע ריחות פון פעלד און וואַלד, גראָז און וואַסער, מיסט און וועלקונג. — בושלעס האָבן זיך געטראָגן אין די הימלען. זי האָט זיך מיטאַמאָל דערזען אַ קליין מיידעלע אין באַראוועקע, זי מיט בנימינען לויפן איבער די לאָנקעס און שרייען נאָך די לעצטע בושלען:

— באַטשאַן המלך, די גניאַזדע ברענט!

און זי האָט זיך פעסט איינגעקלעמערט מיט אַ האַנט אין לער־נערס האַנט.

— בנימין! — האָט זי אומעטיק געמורמלט, — דערמאָנענדיק זיך אין דער היים.

נאָר אָט איז מען צוגעקומען צו אַן אָפּגעברענטן וואָקזאַל, אַרום וועלכן עס זענען געשטאַנען אַ סך בריטשקעס, פויערישע וועגעלעך און עטלעכע גרוי־סע באַלעגאָלישע קאַרעטעס. נאָך איידער מען האָט זיך אָפּגעשטעלט איז שוין אַריין אַ הויכער אָפּגעברענטער שוואַרצער יונג מיט אַ פּאָנישן הוט אויף זיין יידישן געקרייזלטן קאָפּ און אַרויסגעכאַפּט די וואַליזעס מיט די קיישלעך.

— צו מיר! כ׳האָב שוין אַלע פאַרשוינען! — היידאַ!

האָט גנענדל אין אַלעם פאַרגעסן, און אַ פרייד, אַן אומגעהויערע פרייד האָט זי אַרומגענומען.

— אוי, ווי גוט! — האָט זי געזאָגט און אַליין, איידער אַראָן לוואָוויטש האָט איר באַוויזן צוצוהעלפן, איז זי אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן.

אין דער גרויסער לעדערנער צעריסענער בויד, וואָס איז געווען געשפּאַנט אין דריי אויסגעדאַרטע שאַרף-ביינִיקע פערד מיט שאַרפע רוקנס און דריי-קאַנטיקע צעשמיסענע הינטנס, איז אפילו געווען געדיכט, נאָר פריילעך.

אויסער גנענדלען, לערנערן און אַראָן לוואָוויטשן, זענען געזעסן נאָך עטלעכע יידן אין וואַרעמע סוחרישע בורקעס, כאָטש עס איז נאָך געווען הייס. אָבער מער אָרט פון אַלעמען האָט פאַרנומען אַ דייטש מיט זיין פאָסט, וואָס ער האָט געפירט. צווישן צענדליקער פּאַקעטן, פּעקלעך און צייטונגען, איז געזעסן, ווי אַ הון אויף אייער, אַ דאַרער עלטערער אָפּגעהאָרעוועטער דייטש מיט קורצע קאָמישע שטיוול און קרומע פיס אין ברייטע ברוינע סאַמעטענע מייטקעס, מיט אַ פּיקלהויב שלימזלדיק קרום פאַררוקט אויפן געגאָלטן קאָפּ, וואָס האָט זייער פריילעך געמאַכט מיט זיין אויסזען און מיט זיין בייזקייט. ער האָט נישט אויפגעהערט פּיפּקען זיין ליולקע, וואָס איז שטענדיק האַלב־פאַרלאָשן, געהוסט, געשפּיגן און אַלע ווײַלע אַרויפּגעשריגן צום ברייט־פּלייציקן יונג דעם באַלעגאָלע, וואָס איז געזעסן אין דער הויך ביים דאַך, אַרומגערינגלט מיט דעם דייטשס פּאָסט-פּאַקעטן און זעק.

— דו, כאַים, פּאַס מאַל אַוף? זינד די פּאַקעטע אַלע דאַ?

— קוש אין אָחור! — האָט דער יונג אַראָפּגעשריגן מיט אַ שאַרף ליטווישער אויסשפּראַך, אַזוי, אַז דער דייטש האָט קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען — יאַ, יאַ...

— ס'גוט — האָט דער דייטש געברומט און זיך באַרויקט.

באַלד האָט ער ווידער גענומען ציילן די פּאַקעטן און פּעקלעך און ווידער אַרויפגעשריגן, נישט אַרויסלאָזנדיק די ליולקע פון מויל.

— דו כאַים! צעהל מאַל די פּאַקעטע! צעהל ריכטיג!

— אַ רוח דיר אין טאַטן! — האָט דער יונג אַראָפּגעשריגן — הער אויף נודיען, הינערנער פּופּיק!

— ס׳שטימט — האָט דער דייטש צוגעברומט — ס׳שטימט יאָ!

די יידן די סוחרים אין די בורקעס האָבן צו צוויי מאָל געננו-מען אַ שמעק טאַבאַק, איינצוהאַלטן זיך פון לאַכן. אַראָן לוואָוויטש האָט זיך שיער נישט צעשאָטן פון געלעכטער. און גנענדל האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און מיטגעלאַכט. דער דייטש האָט געוואָרפן שטרענגע בליקן, געטאַפּט די ביקס, וואָס איז אים געשטאַנען צווישן די פיס, און געברומט.

דורך די אָפענע לעכער אין דער בויד האָט זיך אַריינגעריסן אַ פרישע ווינטל, דורכגעזאַפּט מיט ווייניקע ריחות פון רייפע באַרן און פלוימען. פון צייט צו צייט איז מען אפילו פאַרבייגעפאָרן אַן אָפּגעברענט דאָרפיש הייזל מיט אַ נאַקעטן עלנדן קוימען, וואָס קוקט מיט אַ פאַרשוואַרצטן קאָפּ אויף די חורבות אַרום. צווישן דראָט-פאַרצוימונגען און פאַרלאָזענע שוץ-גראָבנס, האָבן זיך געצויגן פרישע ברודער-קברים, געדיכט פאַרזייט מיט קרומע צלמים און צלימלעך. עלטערע לאַנדשטורמער זענען געשטאַנען אַרום די קברים, אַרומגעשאָטן שטיקער גראָז, אַרומגעצוימט מיט פאַרקאַנדלעך, אַרומגעגראָבן די פאַרבליבענע בלומען, וואָס האָבן אַרום טייל דייטשע קברים געוואַקסן, און מיט ווייסן פאַרב געמאַכט נומערן. נאָר דאָס אַלץ איז נישט אימשטאַנד געווען צוצעשטערן די אינערלעכע פרייד, וואָס האָט אַלץ אַרומגענומען. די פרייד איז געלעגן אויף די חורבות, אויף די קברים, אויף די בוימער, אויף די פולע ראָוועס וואַסער, און אפילו אויף די צעשמיסענע קאַנטיקע פערדישע הינטנס.

פאַרנאַכט, ביי אַ בלוט-רויטן זון-אונטערגאַנג, איז די בויד אָנ-געקומען צו אַראָן לוואָוויטשן אין שטאָט. פון אַלע זייטן האָבן גע-סטאַרטשעט אָפּגעברענטע מויערן מיט הוילע פענסטער-לעכער. אויף אַ סך הייזער און הייזלעך, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געזאַמלט אַ סך ווייבער און האַלב-נאַקעטע קינדער, האָבן געהאָנגען דייטשע פּיר-קאַנטיקע ברעטלעך מיט שוואַרץ-אויסגעברענטע גאָטישע בוכשטאַבן: „זאָלדאַטען, פאָרזיכטיג, פיבער!״ אַרום דער גרויסער פלומפּ אינמיטן מאַרק זענען געשטאַנען פערד און געטרונקען פון דער גרינער מאַכי-

קער קאַריטע. אַ ברייטע געזונטע שוואַרץ־חנוודיקע יידישע מויד מיט פאַרקאַשערטע באָרוועסע פיס און הענט האָט געטראָגן צוויי קאַנען קאַלט וואַסער, איבער וועלכע עס זענען אַרומגעשוווּמען אַראָפּפאַלנ־דיקע קאַשטאַן־בלעטער. זי האָט מיט שעמעוודיקע און אָפענע אויגן נאָכגעקוקט די פּאַסאַזשירן. יידן אין ליטווישע אָפּגעטראָגענע קאַפּאָ־טעס און רעקלעך האָבן געצויגן מיט הכנעה זייערע גרויסע שטייפע היטלעך פאַר אַראָן לוואָוויטשן. מחנות קינדער, מיט שוואַרצע בלאָטי־קע פיסלעך, זענען נאָכגעלאָפן, אויסגעשטרעקט דאַרע פאַרבאַרענטע הענטלעך און נאָכגעשריגן:

— האַר לעבן, גיט עפּעס! כ׳האָב אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן, האַרעלע!

— כ׳האָב די ערע פאָרצושטעלן! — האָט אַראָן לוואָוויטש גע־זאָגט צו לערנערן און גנענדלען, ווייזנדיק אויף די נאָכלויפנדיקע קינדער — דאָס זענען זיי, מיינע לייט...

דער יונג, דער באַלעגאָלע האָט אַ פּאַך געטון מיט דער בייטש אויפן קליינוואַרג.

— אַוועק, ממזרים, פון רינשטאָק! די פעל וועל איך פון אייך שינדן!

גנענדל האָט אָנגעשריגן אויפן יונג.

— נאָ, נאָ! שמייסט נישט אַזוי! — איר!

— פאַרוואָס? — האָט אַראָן לוואָוויטש זיך אַריינגעמישט — פאַר אַ בייטש האָט מען מורא... איר זעט, ווי זיי זענען אַוועק פון רינשטאָק...

לערנער האָט זיך געשפּאַרט:

— אפשר אויסווייזן, אַז אין רינשטאָק טויג נישט צו זיצן, און זיי וועלן אַליין לויפן...

— נישט אמת! — האָט אַראָן לוואָוויטש איבערגעהאַקט — נאָר מיט דער בייטש קאָן מען עפּעס מאַכן, גוטס ווי שלעכטס. איר ט׳זען!

גנענדל האָט געכאַפּט אַ קליין דין שוואַרץ יינגעלע מיט אַ רונ־דיק קעפּל און איידער ער האָט זיך באַוויזן אַרויסצוכאַפּן פון אירע הענט, האָט זי אים גיך אַ קוש געטון אין ביידע גרויסע קויל־

וואַרצע אייגעלעך אויף רעכטס און לינקס.

— דו לאָבוסל! — האָט זי אים געזאָגט צערטלעך — וואָס האָסטו ליבער, שמיץ צי אַ קוש?

— איך האָב ליב עפּעלעך! — האָט דער קליינער געענטפערט מיט אַ האַרטער ליטווישער אויסשפּראַך.

— זעט איר שוין! — האָט גנענדל געטריאומפירט קעגן אַראָן לוואָוויטשן און זיך גערויטלט.

— מיר'ן זען! — האָט אַראָן לוואָוויטש געענטפערט שטיל.

די פאַרנאַכטיקע לופט איז געווען פול מיט שטילקייט, רויקייט און פרידן.

## קאפיטל XIII

# אָן א היים

אין גרויסן ריזיקן קאַזאַרמע־הויף אין עק שטאָט, ווו פריער האָט די רוסישע קאַוואַלעריע געהאַט אירע פערד־שטאַלן, האָט אַראָן לוואָוויטש געלאָזט אַוועקשטעלן אַ ליידיק פאַס פון קאַלך, באַדעקט עס מיט עטלעכע ברעטער און געמאַכט אַ טיש. אויף די ברעטער האָט לערנער אויסגעלייגט עטלעכע גרויסע גרינע בויגנס פאַפיר, אַ גראָבן קאַנצעלאַרישן בוך, אַ טינט און פעדער און אַ גלאָק. אַרום טיש זענען געשטאַנען דריי שטולן — פאַר אַראָן לוואָוויטשן, פאַר לערנערן און פאַר גנענדלען.

אַראָן לוואָוויטש איז געזעסן ליידיק, בלויז מיט אַ שפּיצרוט אין האַנט. לערנער איז געזעסן ביים בוך און פאַרריכט די פעדער. גנענדל איז געזעסן אין אַ קלאָר שניי־ווייס פאַרטוך מיט אַ ווייס טשיפּיקל אויפן קאָפּ.

אַרום די אומגעוואָרפענע באַריערעס און שטאַנגען, איבער וועלכע די רייטער פלעגן זיך איבן אין שפּרינגען, האָבן זיך געטוליעט עטלעכע הונדערט היימלאָזע, יידן, ווייבער, קינדער, מערסטנס אין הילצערנע האָלענדישע שיך, אַ מתנה פון דער דייטשער צוואַנגס-אַרבעט, און אין אָפּגעטראָגענע צעקנייטשטע קליידער, וואָס אין זייער אויסגעוואַקסנקייט און אין די רויטע פלעקן האָט מען דערקענט, אַז זיי זענען שוין אַלע דורכגעגאַנגען די דיזענפעקציע־קעסלען פון די דייטשע ענטלויזונגס-בעדער.

— טשערקאַס — האָט לערנער געלייענט פון אַ רוסישער ליסטע, וואָס אַראָן לוואָוויטש האָט אַליין געהאַט צונויפגעשטעלט.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן.

— טשערקאַס! — האָט אַראָן לוואָוויטש הויך אויסגערופן — טשערקאַס משה לייב!

— אָט בין איך! — האָט זיך אַרויסגערוקט אַ יידל מיט איין אויג — אָט אָ!

— פאַרוואָס האָט איר זיך נישט באַלד אָנגערופן, טשערקאַס?— האָט אַראָן לוואָוויטש געהאַט טענות.

— ווייל מען רופט אים משה דער בלינדער! — האָט זיך אָנגערופן אַ שטימע צוזאַמען מיט אַ געלעכטער פון עולם.

— שטילער זאָל זיין — האָט אַראָן לוואָוויטש געגעבן אַ באַפעל — מען פרעגט אייך נישט! — אין וועלכן יאָר זענט איר געבוירן, טשערקאַס?

— אַ גוט יאָר אויף אייך! — האָט דער ייד געענטפערט — ווער קאָן עס געדענקען!

אַראָן לוואָוויטש האָט אויף דעם ייד אַ בליק געטון מיט די אויגן:

— ווער דען זאָל וויסן? — איך?

לערנער האָט זיך אַריינגעמישט:

— ווי אַלט זענט איר, הער טשערקאַס? — ווייסט איר?

— וואָס הייסט, איך זאָל נישט וויסן? — האָט זיך דער ייד באַליידיקט — איין און פופציק יאָר, דאָס הייסט, חנוכה, מיר זאָלן עס דערלעבן, ווער איך צוויי און פופציק.

— פאַרשרייב! — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט לערנערן, פאַרבייסנדיק די וואָנסע, וואָס לערנערן האָט זיך בעסער איינגעגעבן אויסצוטענהן זיך מיטן ייד.

— פּאָטאָצקאַ מאַריאַשע!

— גרעפין פּאָטאָצקאַ! — האָבן אַ סך שטימען פון עולם גערופן — מאַריאַשקע, גיכער!

אַ יידענע מיט צוויי קוליעס האָט זיך געבראַכט צו שלעפן. צו יעדער קוליע האָבן זיך געטוליעט קינדערלעך.—נאָך איידער מען האָט זי געפרעגט, האָט זי שוין געוויינט:

— דערבאַרעמט זיך אויף מיינע „ווערעם"—אַ וויסטע אלמנה!

אַראָן לוואָוויטש האָט איר איבערגעהאַקט:

— דאָ איז נישט קיין ווייבער־שול! שוין לאַנג איז אייער מאַן געשטאָרבן?

— געשטאָרבן? — האָט די יידענע זיך געבייזערט — נישט געשטאָרבן, נאָר געהרגעט! א „טשאַכאַטיצנער" געווען. געטריבן אים אויף אַרבעט און געשטאָרבן ביי דער אַרבעט. דאָס בלוט אויפן שניי אויסגעשפּיגן...

אַראָן לוואָוויטש האָט איר ווידער איבערגעהאַקט:

— שוין לאַנג זענט איר אַ קאַליקע?

די יידענע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. טרערן האָבן זיך איר געוויזן אין די אויגן.

לערנער מיט גנענדלען האָבן זיך באַטראַכט. אַראָן לוואָוויטש האָט געכאַפּט זייער בליק און זיי צעשיידט.

— פאַרשרייבט! — האָט ער געזאָגט לערנערן — און איר, — האָט ער זיך געווענדעט צו גנענדלען — קוקט אַריין די קינדער אין די קעפּלעך.

גנענדל האָט צוגענומען די קינדער, וואָס האָבן זיך געטוליעט צו דער מוטערס קוליעס, פונאַנדערגעבלאָזן זיי די האָר און האַסטיק זיך צוריקגערוקט. אַראָן לוואָוויטש האָט געשמייכלט זיך אין באָרד אַריין.

— אַ וואַלד! — האָט ער געזאָגט — ניס־בוימער!...

— שטילער! — האָט גנענדל געזאָגט, שעמענדיק זיך פאַר דער יידענע.

— מאַכט אַ קרייצל ביי די נעמען! — האָט אַראָן לוואָוויטש דערויף געענטפערט — דאָס וועט זיין אַ סיגנע פאַר נישט־ריינע קעפּ...

לערנער האָט ווייטער גערופן פון דער ליסטע

— רובאַכאַ! ציפּקין! זילבערטרעסט! ווילענסקי! ליבקינד!

אַלע זענען צוגעקומען, געזאָגט זייערע נעמען, עלטער, פאַמיליען־שטאַנד, באַשעפטיקונג. צום סוף איז צוגעקומען ליבקינד, אַ דין יונג מיידל מיט שווארצע געדרייטע לעקעלעך און מיט אַ שנירל גלעזער־נע פערל אויפן געטאָקטן העלזל. אויף אַלע פראַגן האָט זי געענט־

פערט גלייך. זי האָט דערציילט, אַז איר איז זיבעצן יאָר, קיין מוטער האָט זי נישט און דער פאָטער איז אויפן פראָנט.

אַז ס'איז געקומען צו דער באַשעפטיקונג, האָט זי געשוויגן.

לערנער האָט געוואָלט דורכלאָזן די רובריק. אַראָן לוואָוויטש האָט אָפגעהאַלטן מיט דער האַנט.

— וואָס טוט איר, ליבקינד?

דאָס מיידל האָט געשוויגן.

אַראָן לוואָוויטש האָט אַ שטרענגן בליק געוואָרפן.

— וואָס זאָגט איר נישט?

— זי איז אַ הור! — האָט זיך פון עולם דערהערט אַ מענערי־שע שטים, באַגלייט פון אַ געלעכטער.

ווידער אַמאָל האָבן זיך לערנערס און גנענדלס אויגן באַגעגנט און ווידעראַמאָל האָט זיי אַראָן לוואָוויטש געכאַפּט.

— מאַכט אַ רינגעלע! — האָט ער געזאָגט לערנערן — דאָס וועט זיין אַ סיגנע פאַר אַזעלכע...

גנענדלען האָט דאָס גאַנצע פּנים געפּלאַמט פאַר חרפּה און פאַרדראָס. זי האָט זיך אפילו אויפגעהויבן פון אָרט און געלאָזט זיך צוגיין צו אַראָן לוואָוויטשן, גרייט אים זאָגן, אַז אויב ער האָט גע־מיינט אַזאַ אַרבעט, וועט זי נישט קאָנען.

נאָר אין דעם מאָמענט האָט אַראָן לוואָוויטש אויסגערופן הויך:

— העלמאַן טעמע!

גלייך דערויף האָט אַ הילכיקער געלעכטער זיך דערטראָגן פון אַלע זייטן און קולות האָבן געשריגן:

— רוקט זיך אָפּ! טעמע גייט! — לאָזט דורך! טעמע פאָרט! טעמע!

דער גאַנצער עולם האָט זיך פאַנאַנדערגערוקט איןביידע זייטן, געמאַכט אַ וועג. און גנענדל איז געבליבן שטיין אויף איר פּלאַץ און געוואַרט אָנגעשטרענגט.

איבער דעם ליידיקן אָרט, וואָס דער עולם האָט געמאַכט, האָט זיך גערוקט אַ האַלבער מענטש אויף דער ערד מיט אַ משונהדיקער גיכקייט און האַסטיקייט. באַלד איז ער אויסגעוואקסן און עס האָט זיך געוויזן א פעסטע ברייטע פרוי אין די מיטעלע יאָרן מיט א

צעשויבערטן קאָפּ, מיט ברייטע אַקסלען, מיט אַ מעכטיקער ברוסט, וואָס שאָקלט זיך געוואַלדיק הינטער אַ ווייסער צעריסענער בלוזקע. זי האָט זיך גערוקט אויף איר גרויסן הינטן, שאַרנדיק מיט צוויי שטיקלעך פאַרבונדענע פיס, ווי אַ קאַטשקע ביים שווימען.

ביים פּראָוויזאָרישן טיש האָט זי זיך פאַרהאַלטן און מיט שטרענגע גרינע אויגן באַטראַכט אַראָן לוואָוויטשן.

געפרעגט האָט נישט אַראָן לוואָוויטש, נאָר זי, די האַלבע יידענע.

— וואָס שוין ווידער? — האָט זי אַ געשריי געגעבן.

— בייזערט זיך נישט, טעמע — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט ווייך, מיט געבעט, גאָרנישט צו דערקענען אים.

— טעמע! טעמע! — האָט די יידענע נאָכגעשפּעט אַראָן לוואָוויטשעס באַס־שטים — נו, אָט בין איך! — וואָס ווילט איר פון מיר?

— פאַרשרייבן אייך, טעמע! — האָט אַראָן לוואָוויטש געענטפערט שטיל און צערטלעך.

— איר קאָנט מיך קושן! — האָט די יידענע געזאָגט, אויסדרייענדיק זיך צו אים מיטן ריזיקן הינטן, אויף וועלכן זי האָט זיך געשאַרט.

אַראָן לוואָוויטש האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער יידענעס געזיכט.

— נו, וואָס טוט איר, טעמע? — האָט ער זי געבעטן — מיר ווילן עפּעס טון און איר בייזערט זיך.

— שטעכן ווילט איר! — האָט די יידענע געשריגן — נישט טון.

אַראָן לוואָוויטש האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו איר.

— טעמע, וואָס רעדט איר? — ווער וויל שטעכן? פאַרשרייבן ווילן מיר...

— ניין, נישט אמת! — האָט די יידענע געשריגן מיט שטשירענדיקע געזונטע ווייסע ציין, ווי ביי אַ חיה — שטעכן ווילט איר! נאָר שטעכן. — באָט אייך!

אין איין אויגנבליק האָט זי אַראָפּגעריסן פון זיך די בלוזקע,

דאָס צעריסענע העמד און, בלייבנדיק זיצן אַ נאַקעטע, מיט געזונטע ברייטע אַקסלען און גרויסע ברוסטן, וואָס דערציילן וועגן אַ סך אויסגעזויגענע קינדער, האָט זי געשריגן מיט אַ ווילדן כּעס און פרייד גלייכצייטיק.

— וואָס ווילט איר שטעכן? אויף טיף? כאָליערע? פּאָקן? מאָז־לען? טשומא? שקאַרלאַטינע?

דער עולם האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. די יידענע האָט מיטגע־לאַכט.

— כאַ, כאַ, כאַ, מאַמעלעך! — שוין צוויי יאָר ווי זיי שטעכן מיך און עס איז זיי אַלץ ווייניק. רק מען פאַרשרייבט און מען שטעכט. קראַנק געוואָרן געשטאָכן. געזונט געוואָרן געשטאָכן. — אין שפּיטאָל געשטאָכן. אין באַראַק געשטאָכן. אויסגעשריבן געשטאָכן. צוריקגעקומען געשטאָכן. — נאָר מען פאַרשרייבט און מען שטעכט...

— בראַוואָ! — בראַוואָ, טעמע! — האָבן זיך שטימען געהערט פון עולם.

די יידענע האָט זיך נישט אומגעקוקט דערויף.

— נו, וואָס שטייט איר? — האָט זי געשריגן צו אַראָן לוואָ־וויטשן — וואָס שטעכט איר נישט?

אַראָן לוואָוויטש איז נאָך קלענער געוואָרן. ער האָט זיך אַראָפּ־געזעצט אויף דער ערד, אָנגענומען די קאַליקע ביי דער נאַקעטער האַנט און זי געפּרוווט איינגעמען:

— טעמע, גענוג! טעמע!

נאָר די קאַליקע האָט אים אַ האַסטיקן שטויס געטון פון זיך.

— נאַט אייך! — האָט זי געשריגן — שטעכט!

און מיט אַ ווילדן אימפּעט האָט זי אָנגעהויבן רייסן און וויק־לען די ברודיקע באַנדאַזשן פון די צוויי שטיקלעך פיס, וויקלען ביז צום לעצט.

גנענדל האָט זיך אָפּגערוקט, פאַרשטעלט די אויגן מיט ביידע הענט. — די קאַליקע האָט אויף איר אָנגעשריגן:

— באַהאַלט זיך נישט, באַרישניע! — קוקט!

און באַוויזן צוויי אויפגעהויבענע רויע שטיקער פאַרקריפּלט פלייש, נאַס פון בלוט און מאַטעריע.

— נאַט אייך! — האָט זי געשריגן מיט אַ ווילדער פרייד, דריי־ענדיק די צוויי פאַרקריפּלטע שטיקער פּיס פון אַלע זייטן — זעט, וואָס זיי האָבן מיר געטון! — זאָל די גאַנצע וועלט זען, ווי מען האָט גענומען אַ געזונטע שיינע טעמע, געטריבן זי אין וואַלד אויף אַרבעט און די פּיס איר אָפּגעפרוירן און אַראָפּגענומען! — זעט!...

קיינער האָט איצט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. אַלע זענען געשטאַנען פאַרגליווערט אויף די ערטער. בלויז אַראָן לוואָוויטש האָט זיך געבויגן אויף דער ערד, צענויפגעשאַרט מיט די הענט די צעבלו־טיקטע שמוציקע באַנדאַזשן און אַרומגעבונדן די קאַליקע די פּיס.

— טעמע, — האָט ער געבעטן — גענוג. איר מאַכט פון זיך אַ תל.

און גנענדל האָט געציטערט אינגאַנצן פון שרעק, צעווייטיקטקייט און איבערראַשונג גלייכצייטיק.

---

זיצנדיק נאָכמיטאָג ביי אַראָן לוואָוויטשן אין קאַבינעט, וואָס איז, ווי אַלע מאָל, געווען פול מיט רויך פון ציגאַרן און אויסהערנדיק אַראָן לוואָוויטשעס שטרענגע פּלענער וועגן די היימלאָזע, האָט לער־נער אַ לייכטן שמייכל געטון.

— איר האַלט זיך נישט אינגאַנצן אין אייער בייטש־טעאָריע, אַראָן לוואָוויטש — האָט לערנער געשפּאַסט.

— איר מיינט מיט טעמען?

— יאָ.

— טעמע איז שטאַרקער פון אַלע — האָט אַראָן לוואָוויטש גע־זאָגט, קוקנדיק פאַר זיך — אַז טעמע רעדט מוזן אַלע שווייגן.

גנענדל האָט אויפגעציטערט אויף ס׳ניי.

— שרעקלעך — האָט זי געמורמלט — ווי זי האָט געריסן די וווּנד! נישט געלאָזט זיך פאַרבאַנדאַזשירן.

— אָט אַזוי זענען זיי אַלע — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט— איר וועט עס זען אַליין ביי דער אַרבעט.

ער האָט פאַרצויגן טיף דער ציגאַר און אַ צווייפל האָט זיך גע־פאַלדעוועט אים אין דעם באָרד.

— אויב איר וועט גאָר קאָנען טון אַזאַ אַרבעט? — האָט ער מיט אומגלויבן געזאָגט.

— איך וועל קאָנען! — האָט גנענדל געזאָגט פעסט.

---

אָנהויב אלול, ביי שיינע זוניקע טעג, איז לערנער מיט דער ערשטער פּאַרטיע היימלאָזע אַראָפּגעקומען אין אַראָן לוואָוויטשעס פאַרלאָזענעם חרובדיקן גוט „זאבאראווא", וואָס האָט זיך געצויגן אויף עטלעכע טויזנט דעסיאַטין, לענגאויס אַ ברייטן כוואַליעדיקן טייך, — און גלייך זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אין מיט ריזיקן הויף, וואָס איז געווען פאַרלייגט מיט קופּעס פאַרברענטע ציגל און ברעטער, אָנגעוואָרפן מיט שאַכטלען פון קאָנסערוון, פאַררויכערטע שמאַטעס, שטיקער גלאָז, פערדישע קנאָכנס און אומריינקייט, האָט לערנער געהייסן די מענטשן אָפּרייניקן אַ פּלאַץ. — אויפן אָפּגערייניקטן שטיק פּלאַץ האָט מען דרענגלעך אַריינגעקלאַפּט, ברעזענטענע לייוונטן אויסגעצויגן, זעלנערישע ביידלעך שטייף אָנגעצויגן און פון דריי זייטן אַרומגעשאָטן מיט ערדענע וואַלן, כדי נישט צוצולאָזן קיין ווינט און קיין ריטשקעס וואַסער.

באַלד דערנאָך האָט מען לאָפּאַטעס און גראָבע שטריק אַרויסגענומען און גענומען צוגרייטן אַ ברונעם מיט וואַסער.

גראָבן אַ ברונעם האָט מען נישט געדאַרפט. אין מיט גרויסן הויף איז אַ רונדער גרויסער ברונעם געשטאַנען, מיט צעמענטענע ווענט, מיט קאָלבעס, רעדער און שטאָלענע שטריק. נאָר אינעווייניק אין ברונעם איז אַ פערד געלעגן, אַ געפּגרט פערד מיט פיר שטייפע פיס, וואָס קוקן אַרויס פון וואַסער גלייך אין הימל אַריין.

לערנער האָט זיך אַריינגעזעצט אין גרויסן עמער, וואָס איז צוגעטשעפּעט צום שטאָלענעם שטריק, און די מענטשן האָבן אים אַראָפּגעלאָזן צום וואַסער. דאָרטן האָט ער דאָס פאַרעיפּושטע וואַסער אויסגעמאָסטן און אַרויפגעשיקט עטלעכע פאַרדומפּענע באַפעלן אין דער הויך.

צום ערשטן האָט ער געהייסן די שטייפע פערדישע פיס מיט שטריק פענטן, די שטריק צום שטאָלענעם שטריק פאַרבינדן און

וויפל מענטשן נאָר עס זענען געווען, האָט ער אַוועקגעשטעלט ביי דער קאָלבע פון ברונעם דרייען.

די מענטשן האָבן געצויגן, געקרעכצט און לערנער האָט נאָכגעקוקט אין ברונעם אַריין, ווי עס גייט, און געגעבן באַפעלן:

— לאַנגזאם! — האַלט! — פעסטער! — האָפּ!

די נבלה איז געגאַנגען גלייך, נישט פאַרטשעפּענדיק זיך, געגאַנגען אַלץ העכער און העכער, מיטברענגענדיק מיט זיך אַלץ מער שווערקייט און עיפּוש. נאָר ביים סאַמע סוף שוין, ביי דער שווערסטער אָנשטרענגונג, האָט זי זיך פּלוצלינג געגעבן אַ ריס אַרויס פון די אייגענע פּיס, אַראָפּ אין ברונעם — און די מענטשן ביי דער קאָלבע האָבן אָנגעהויבן אַזוי האַסטיק זיך דרייען אין לופט צוזאַמען מיט דער באַפרייטער קאָלבע און די פערדישע אויסגעריסענע פּיס, ווי אין אַ פאַרכישופטן ראָד.

קוים מיט צרות לערנערן האָט זיך איינגעגעבן אָפּרייסן עטלעכע מענטשן פון קאָלבע, אַנישט וואָלט עס זיי אין סאַמע ברונעם פאַרוואָרפן.

— האַלט! — האָט ער געשריגן — האַלט צום טייוול!

און פאַר כעס אויף זיך אַליין מיט די ציין געקריצט.

די מענטשן האָבן אַוועקגעמאַכט מיט די הענט.

— ס'עט נישט גיין! — לאָזט אָפּ! — ס'אַן עסק פאַר גוים...

נאָר לערנער האָט נישט אָפּגעלאָזן. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַראָפּגעלאָזן אין ברונעם צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע קרעפטיקע יונגען, צוויי פעסטע שטאַנגען אונטער דער נבלה אונטערגעלייגט, די שטאַנגען צום שטריק געבונדן, די שטריק צו די שטאָלענע שטריק פאַרבונדן — און דאָס אָנפּיסיקע פערד איז אַרויס.

— אַן אומגליק דיר אַ גרויסער — האָבן די יונגען געשאָלטן די צעקראָכענע נבלה, וואָס וואַסער איז איר געווען פון די פאַרקאַשערטע נאָזלעכער — ליג, פּאָגיעס אַרבעט! — און געשטויסן זי מיט די פּיס.

לערנער האָט גלייך געהייסן זי אַוועקפירן און באַגראָבן. נאָך אין זעלבן טאָג האָט מען דעם ברונעם אויסגעשעפּט, אויס-

געשעפט ביזן דנאָ און אַרויסגעוואָרפן פון גרונט אַלע ביינער, מיסט און בלאָטיקע ערד, וואָס דאָרטן האָט זיך געפונען.

נאָכן דריטן אויסשעפן איז דאָס וואַסער געווען לויטער, ריין, שמעקעדיק.

דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די געביידעס, צו די שפּייכלערס, שייערן, שטאַלן און הייזער, וואָס זענען געשטאַנען מיט אויסגעבראָכענע שויבן, מיט אָפּגעזענקטע קראָקוועס און מיט פאַריתומטע פאַררויכערטע לאַנגע קוימענס פון די אָפּגעברענטע דעכער אַרויס.

נישט לייכט איז אָנגעקומען די ערשטע אַרבעט אין גוט זאַבאַראַווע.

אַ סך בייז בלוט האָט דאָס געקאָסט.

קודם כל האָט אַראָן לוואָוויטש אָנגעהויבן זיך מיט די פּויערן פון די דערפער אַרום זיין גוט.

אין די שכנישע פּויערישע שטאַלן, שייערס און קאַמערן זענען אַ סך זאַכן פון זיין זאַבאַראַווער הויף געשטאַנען: געבעטע שטולן און פערד; ביכער-שענק און געשפּאַנען; וואַנט-זייגערס און קי. ביי די גרעסטע שלאַכטן, אונטער אַ האָגל פון קוילן, זענען זיי געקראָכן אַהער, די פּויערן, אין פאַרלאָזענעם גוט און אַרויסגעשלעפּט, וואָס נאָר מען האָט געקאָנט — און אַראָן לוואָוויטש האָט איצט געקויפט אַ פערד און וועגעלע, מיטגענומען לערנערן פון איין זייט, דעם דאָרפס-„סטאַרשינאַ" פון דער צווייטער זייט, און געפאָרן פון דאָרף צו דאָרף, אָפּגעשטעלט זיך פון כאַטע צו כאַטע און אויפגעמאָנט דאָס זייניקע.

די פּויערן האָבן נישט לייכט געגעבן.

— באַטיושקאַ! — האָבן זיי געבעטן, געצלמט זיך און געקראַצט זיך אין די בערד און אין די קאָלטנס — מיר ווייסן פון קיין זאַך נישט — אַזוי זאָל אונז גאָט העלפן!

די פּויערטעס זענען צוגעלאָפן צו אַראָן לוואָוויטשן און לערנערן און געכאַפּט קושן אין די הענט, אַנדערע האָבן אפילו אַראָפּגעזעצט זיך און אַ קוש געטון אין קני. — לערנער האָט אַוועקגעכאַפּט דעם פוס, ווי אַן אָפּגעבריטער, געשעמט זיך פאַר זיך אַליין און וואָס גיכער געוואָלט אַרויס.

— קומט! — האָט ער שטיל געזאָגט צו אַראָן לוואָוויטשן — איר זעט דאָך, אַז זיי האָבן גאָרנישט.

נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט אים נישט געענטפערט.

— די שליסלען אַהער! — האָט ער באַפוילן די פויערן — מיר ווילן אַליין אַ קוק טון.

און ווי פון אונטער דער ערד זענען זאַכן אויסגעוואַקסן.

— זיי נישט ברוגז, באַרין! — האָבן די פויערן געבעטן — אַלע האָבן גענומען און איך האָב אויך גענומען!

— גוט, גוט — ברענג מאָרגן צופירן מיט דער פור! — האָט אַראָן לוואָוויטש באַפוילן.

די פויערן האָבן געבראַכט, ווי ער האָט געהייסן, נאָר בייז זע־בען זיי געווען.

— וואַרט, וואַרט!—האָבן זיי געבײלט הינטערוויילעכס פויסטן — מירן נאָך זען!...

נאָך די פויערן האָט אַראָן לוואָוויטש זיך אָנגעהויבן מיט די יידן, די היימלאָזע.

ווי אַלע מאָל, האָט לערנער געפּרוווט אַרבעטן מיט גוטן. ער האָט נאָך איינמאָל צונויפגערופן די מענטשן אין גרויסן קאַזאַרמע־הויף און, אַוועקשטעלנדיק זיך ביים פּאַס פון קאַלך מיט ברעטער איבערגע־דעקט, לאַנג און הייס זיך אויסגעטענהט מיט אַלעמען און מיט יעדן באַזונדער וועגן אַריבערפאָרן אין „זאבאראווא“.

אַלע חסרונות פון זייער לעבן אין שטאָט האָט ער זיי באַוויזן, דאָס גאַנצע שלעכטס; אַלע מעלות פון לעבן פון אַרבעט אין זאבא־ראווא. דער עולם האָט צוגעשאָקלט, צוגעברומט. פון צייט צו צייט האָט זיך אפילו אַ זיפץ דורכגעריסן, אַ זיפץ איבער די ביטערע אמתן, ווי ביי אַ מגידישער גוטער דרשה.

לערנער איז געווען זיכער, אַז ער האָט שוין דעם עולם אין די הענט.

— איר'ט זען, אַראָן לוואָוויטש, — האָט ער געזאָגט מיט שטאָלץ איבער זיין זיג — זיי האָבן זיך איבערצייגט.

אָבער אַז ס'איז געקומען צום פאָרן, האָט זיך קיינער נישט גע־רירט פון אָרט.

— וואָס עפּעס גראָד איך? — האָט יעדער געטענהט — זאָלן אַנדערע צום ערשטן פאָרן. מיר האָבן צייט...

לערנער האָט באַנוצט די לאָגיק.

— אויב יעדער וועט אַזוי זאָגן — האָט ער געגעבן צו פאַר-שטיין — וועט דאָך גאָרנישט אַרויסקומען.

— וואָס זשע, איר ווילט דווקא, מיר זאָלן זיין די נאַראָנים?— האָט זיך געהערט דושקינס שטים פון הינטער דעם עולמס פּלייצעס.

לערנער איז איבערגעגאַנגען צו אָרדנונג.

— איך וועל אין דער ערשטער ריי פאַרשרייבן די בעל־מלאכהס, — זיי זענען נויטיקער. דערנאָך וועלן גיין אַנדערע.

- מיר׳ן נישט גיין! — האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען.

— מירן נישט אַרבעטן אומזיסט!...

— אוודאי אַזוי — האָבן אַנדערע אונטערגעכאַפּט—בחינם קריגט מען כּנים.

— כע, כע, כע! — האָבן געלעכטערן באַגלייט — שוין גייען מיר האָרעווען אויף אַראָן לוואָוויטשן...

לערנער האָט זיך שיער נישט צעריסן.

— מענטשן, קיינער וויל אייך נישט אויסנוצן—מען מיינט בלויז אייער גוטס.

נאָר דאָ האָט מען גאָר געלאַכט פון אים אין די פויסטן.

— דערציילט דער באָבן — האָט מען געשריגן צו אים — נישט געטראָפן די נאַראָנים.

לערנער איז אַוועק צו אַראָן לוואָוויטשן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— זאָגט, וואָס טון? — האָט ער געזאָגט אונטערגעבנדיק זיך.

— מאָביליזירן! — האָט אַראָן לוואָוויטש געענטפערט — ווער ס׳וועט נישט גיין אין „זאבאראווא", וועט גיין צו די דייטשן אויף צוואַנגס־אַרבעט! — שרייבט, וואָס איך זאָג!

לערנער האָט אָנגעשריבן דאָס, וואָס אַראָן לוואָוויטש האָט גע-זאָגט, און עס געלאָזט אויסקלעפּן אויף דער וואַנט פון הויז. פיר און צוואָנציק שעה האָט ער געגעבן, אַראָן לוואָוויטש, בלויז פיר און

צוואַנציק שעה צייט זיך צו מעלדן. דערנאָך וועט מען איבערגיין אין קרייז־אַמט אויף צוואַנג.

און נאָך פאַרן טערמין האָט קיין איינער נישט געפעלט.

— און מיך פאַרשרייבט — האָט מען זיך געבעטן און גע־שטופּט — און מיך, איך בין פריער געקומען.

נאָך אין זעלבן טאָג איז אַראָן לוואָוויטש אַוועק צום קרייז־שעף, בעטן פורן — און שוין צומאָרגנס, ווען די אַרומיקע פויערן און די יידן באַלעגאָלעס זענען זיך צענויפגעפאָרן אויפן גרויסן רונדן שטאָטישן מאַרק, האָט לערנער געוואַרט מיט אַ מיליציאָנער בײ־דער זייט און גענומען רעקווירירן „פּאָדוואָדן" אויף אַריבערצופירן די היימלאָזע אין „זאבאראווא".

נאָך ערגער ווי די היימלאָזע האָבן אים די פויערן און באַלע־גאָלעס באַגעגנט אין מאַרק.

— הע, וואָס האָט איר זיך אָנגעטשעפּעט? — האָבן יונגען באַלעגאָלעס געשריגן — ס'פעלט אייך ערלים? פּונקט אַ ייד דאַרפט איר רעקווירירן!

— ניע לזיאַ, באַרין! — האָבן גוים געשריגן, — דאָס פערד הינקט!

— און „מיינער" האָט דעם „ראָצער"—האָט אַן אַנדערער גע־זאָגט אַ תירוץ.

— און מיינער איז נישט געשמידט...

אַנדערע האָבן דערלאַנגט בייטשן די פערדלעך און זיך צעלאָזט אין גאַלאָפּ. צוזאַמען מיט די קנאַלן פון די בייטשן האָט זיך אַ פּיי־פּעריי מיט אַ געלעכטער דערטראָגן.

לערנער האָט געשריגן צום מיליציאַנט, נאָר דער מיליציאַנט, אַ יונגער שטאָטישער בחורל אין אַ גימנאַזיסטיש רעקל, וואָס אויסער אַ באַנד אויפן אַרבל און אַ דין שטעקעלע אין האַנט, האָט ער גאָר־נישט געהאַט, האָט זיך מיט די באַלעגאָלעס קיין עצה נישט געקאָנט געבן.

נאָך איין מינוט האָט געפעלט און ער וואָלט געבליבן בײַ־אַ ליידיקן פּלאַץ, אָנגעפילט מיט קנאַלן פון בייטשן, שטויב און גע־

לעכטער. — און לערנער האָט פלינק זיך אַ לאָז געטון נאָך די פורן און געכאַפּט פערד ביי די צוימען.

— האַלטן, הינטישע זין! — האָט ער געשריגן — „פאָד־סוד" וועט איר גיין ביי מיר!

זיין קול האָט זיך געהערט איבערן גאַנצן מאַרק. זיינע צענויפ־געקוועטשטע פויסטן האָבן זיך געהויבן מיט אַזאַ קראַפט, אַז די אַנט־לויפנדיקע פויערישע פערדלעך האָבן זיך צוריקגערוקט און געשטופּט די פורלעך הינטער זיך — און די פויערן און באַלעגאָלעס האָבן איינגעצויגן די לייצעס און זיך אונטערגעגעבן.

— דאָוואָלנאָ! — האָבן זיי געזאָגט — מיר פאָרן דאָך!...

מיט אַ צענדליק פורן, איינע נאָך דער אַנדערער, איז ער פאַר־פאָרן צו די הינטערשטאָטישע געסלעך און געהייסן פּאַקן די פעק מיט אָרעמקייט.

זיי האָבן געפּ־ווויט אָפּשלעפן, די היימלאָזע.

— אַ ביסל שפּעטער! — האָבן ווייבער געבעטן — אַ טעפּל בולבעס שטייט אין פּליטע...

— אפשר מאָרגן, אַ קינד קראַנק געוואָרן.

— האָט רחמנות, האַרעלע, מיר האַלטן אין אַ מיט וועש...

נאָר לערנער איז געוועזן האַרט.

— אַרויסטראָגן די זאַכן, אַנישט וועלן די פויערן זיי אַרויס־וואַרפן.

און די יידן האָבן אַרויסגעשלעפּט די זאַכן און געלייגט אויף די פורן.

פאַר כעס האָבן זיי געשלעפּט די חפצים אַזוי לאַנגזאַם, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעטראָגן מתים.

נישט אַלע האָט מען מיטאַמאָל אַרויסגעפירט קיין זאבאראווע.

פאַר אַלעמען האָט מען אַרויסגעפירט די בעל־מלאכהס, די, וואָס דאַרפן די ערשטע צוגרייטן דאָס גוט. — צווישן זיי זענען געווען עטלעכע סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, צוויי שמידן, אַ סטעלמאַך און אַ גלעזער. זיי צו הילף זענען מיטגעגאַנגען עטלעכע צענדליק יונגען, די געזונטסטע און קרעפטיקסטע, אַ צענדליק ווייבער, די יונגסטע און די בריהשסטע.

און לערנער איז איצט אַזוי פאַרנומען געווען מיט זיי ביי די ערשטע אַרבעטן אין הויף, אַז ער האָט קוים צייט געהאַט אָפּצועסן ווי געהעריק און אָפּשלאָפן זיינע געציילטע עטלעכע שעה אין נאַכט.

די אַרבעט איז געווען גרויס. אַלץ האָט מען געדאַרפט אָנהויבן אויף ס'ניי.

קודם כל האָט מען געדאַרפט צוגרייטן ווינונגען. באַלד נאָך סוכות, נאָך פאַר די גרויסע רעגנס און קעלטן האָבן אַלע היימלאָזע געדאַרפט אַריבערפאָרן פון שטאָט אין דאָרף. קיין איינער האָט נישט געדאַרפט איבערבלייבן — און מען האָט געמוזט צוגרייטן ווינונגען פאַר זיי, ווינטער-ווינונגען מיט געדעקטע דעכער, מיט גאַנצע פענסטער און פאָדלאָגעס, מיט אויוונס און מיט טירן.

אין די ברעזענטענע ביידלעך, וואָס זענען געשטאַנען דערווייל אין מיט הויף, איז שוין איצט אין די לעצטע זומער-חדשים געווען קאַלט באַנאַכט צו ליגן.

— ברר — קאַלט! — האָבן די בעל-מלאכהס געציטערט יעדן אינדערפרי, ווען לערנער האָט זיי געוועקט צו דער אַרבעט — די הענט זענען פאַרשטייפט.

און זיי האָבן פויל געצויגן די הענט און געגענעצט.

— נעמט די העק אין די הענט, וועט ווערן וואַרעם! — האָט לערנער געזאָגט און אַליין דער ערשטער גענומען די האַק אין האַנט און אַוועק צו די שפייכלערס.

אין עק הויף זענען גרויסע שפייכלערס געשטאַנען, ריזיקע הילצערנע שפייכלערס מיט דיקע ווענט, מיט פעסט-אונטערגעמויערטע גרונטן און מיט בלעך-געדעקטע דעכער, אין וועלכע מען פלעגט פריער האַלטן תבואה און מעל פון די אייגענע ווינט-און-וואַסער-מילן.

ווינציקער פון אַלע האָבן די שפייכלערס געליטן. בלויז שטיקער דאַך זענען געווען צעשעדיקט און עטלעכע לעכער פון גראַנאַטן האָבן דורכגעשיינט אין די ווענט.

לערנער האָט באַשלאָסן צו מאַכן פון זיי באַראַקן, גוטע וואַרעמע באַראַקן פאַר אַלע היימלאָזע — און אַלע, די סטאָליאַרעס, די מוליאַרעס, די שמידן און דער סטעלמאַך. און אפילו דער

גלעזער מיט די יונגען האָבן געאַרבעט פון פרי ביז נאַכט ביי די שפּייכלערס און געבראַכט זיי אין אָרדנונג.

לערנער האָט אויסגעזוכט האַלב־פאַרברענטע קאַמערן, הייזלעך, געהייסן אומוואַרפן די אויוונס, אַרויסנעמען די גוטע ציגל, איבער־טראָגן אין די שפּייכלערס אַריין און אויוונס אַוועקשטעלן; די ברעטער, באַלקנס און זיילן האָט ער געהייסן אַרומטעסן, אַרומשניצן, אַרומהובלען, די טשוועקעס און האָקעס אַרויסציען און פאַרריכט די ווענט; טיש און בענק אויסגעפּראַוועט און די לעכער פון די פּאָדלאָגעס פאַרלאַטעט.

אין מיט הויף האָט מען אַ קיך אויפגעשטעלט — אַ צייטווייליקע קיך.

מען האָט אויסגעגראָבן אַ פלאַכן גרוב, אָנגעפּילט אים מיט שטיקער אָפּגעזעגטע געהילץ, האָלצוועשקעס און צווייגן און אונטערגעצונדן. אין ביידע זייטן גרוב האָט מען פּלאָקנס אַריינגעקלאַפּט, אויף זיי אַ קופּערנעם קעסל ביי ביידע אויערן אָנגעהאָנגען, עטלעכע ווייבער זענען געשטאַנען גאַנצע טעג, געשיילט קאַרטאָפל און געקאָכט. די איבעריקע זענען אַרומגעקראָכן אין וואַלד גאַנצע טעג, געקליבן שוואָמען און באָרעווקעס און געבראַכט פולע פאַרטוכער פאַר די קעכנס.

און אין סאַמע פראָנט, דאָרטן ווו דער איינשטאָקיקער פּאַלאַצל מיט דעם גרינעם דאַך און געשניצטע גאַניקעס איז געשטאַנען, זענען די יונגען געזעסן גאַנצע טעג און געבראַכט אין אָרדנונג.

מער ווי אומעטום האָט דאָ אין קליינעם הויף־פּאַלאַצל געהערשט אומאָרדנונג, חורבה און אָפּגעלאָזנקייט. אַלע, אי די רוסן, אי די דייטשן און עסטרייכער האָבן דאָ זייערע שטאַבן געהאַט. פּעק אָפּגעסמאַליעטע פּאַפּירן זענען געלעגן אויף טריט און שריט. ליידיקע וויין־און־בראָנפן־פלעשער האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די איבערגעדרייטע צעריסענע געבעטע שטולן און סאָפעס. אויסגעשאָסענע גילזן, ברודיקע העמדער, ווייבערישע זאָקן, מונדשטוקן פון פּאַפּיראָסן, ציגאַרן און לאַנדקאַרטעס האָבן זיך געקנוילט צוזאַמען.

אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען מיט די לעכער אין די ווענט, מיט די אומגעוואָרפענע קאַפלענע אויוונס, מיט די אויסגעהאַקטע

שויבן און מיט די שטיקער אָפּגעריסענע טאַפּעטן. האַלבע טירן האָבן געפּעלט, צעפּאָרענע מאַטראַצן זענען געלעגן אויף די טרעפּ, בילדער און ביכער האָבן געוואַלגערט זיך אויף די פּאָדלאָגעס און שפּינען האָבן גערוט אין אַלע ווינקעלעך און געצויגן זייערע נעצן איבער אַלע חורבות און צעבראָכענע חפצים.

אָט אין דעם הויפּישן פּאַלאַצל, ווו פריער האָט אַראָן לוואָוויטשעס פּאַרוואַלטער געוווינט און דערנאָך זענען דאָרט פּאַרשידענע שטאַבן געווען, — האָט אַראָן לוואָוויטש געגרייט אַ סך זאַכן צו מאַכן: קודם כל אַ שולע, אַ שולע פאַר די היימלאָזע קינדער, דערנאָך אַ ביורא פאַר זיך און לערנערן, אַן אמבולאַטאָריום פאַר קראַנקע, און אונטן, אין פּאַרטער — אַ צעכהויז, א צעכהויז פאַר שפּייז, קליידער און חפצים פון גאַנצן הויף.

און לערנער איז כסדר געלאָפן פון אָרט צו אָרט, פון די שפּייכלערס צו דער קיך, פון דער קיך צום פּאַלאַצל.

אומעטום האָט ער געמוזט זיין, אומעטום האַלטן אויג, אומעטום צווייזן, אויסבעטערן, אויסגלייכן און באַשטראָפן.

די מענטשן האָבן זיך געפּוילט, אַרומגעקריגט, אַרומגעריסן. די ווייבער האָבן געמסרט אויף די קעכנס, אַז זיי גנבענען פעטס פאַר זיך און די זופּ אין קעסל איז מאָגער.

לערנער האָט געמאַכט אַ רעוויזיע ביי די קעכנס, אויפגעבונדן ביי זיי זייערע זעקלעך, געפונען שטיקלעך ברודיקע פעטס טיף באַהאַלטן — און ער האָט זיי געשיקט אַרבעטן אין הויף און אַלס שטראָף נאָך באַפוילן זיי שיילן עטלעכע טעג קאַרטאָפל פאַר דער גאַנצער קיך.

די מוליאַרעס האָבן געמסרט אויף די סטאָליאַרעס, אַז זיי שלעפּן אַוועק ברעטער און פאַרקויפן צו די פּויערן, וואָס קומען באַנאַכט זיי אָפּנעמען — קיינער האָט נישט געוואָלט טון, געקראָכן, געשפּילט זיך.

לערנער איז אַ גאַנצן טאָג געווען אויף די פיס, אומעטום נאָכגעזען, אומעטום אַרונטערגעקוקט, אומעטום אַ האַנט צוגעלייגט, געהיטן יעדן ווי אַ גנב און אָפּט געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש:

— נאָך איינמאָל זאָל איך זען אַזוינס און אין פיר און צוואָנציק שעה גייסטו ביי מיר אין „צוואַנג"...

דאָס האָט געווירקט — די אַרבעט איז געגאַנגען — און אַז עס איז געקומען די נאַכט, איז ער אַוועקגעפאַלן אַזאַ מידער, אָפּגעהאָרע־וועטער און אָנגעשטרענגטער אויף זיין האַרטן געלעגער אין ברעזענ־טענעם ביידל, אַז ער האָט נישט געפילט נישט די קילע נאַכט, נישט די אַרומיקע וועלט און נישט זיך אַליין.

אפילו וועגן גנענדלען האָט ער נישט געדענקט.

גנענדל האָט פּונקט אַזוי געאַרבעט איצט אין שטאָט צוזאַמען מיט אַראָן לוואָוויטשן.

גאַנצע טעג איז ער אָפּגעזעסן, אַראָן לוואָוויטש, ביי די דייטשן און געשנאָרעט פאַר די פּליטלינגע.

אַלץ האָט ער געגומען ביי זיי:

הילצערנע שיך און געטריקנטע פיש; טראָן פאַר קינדער און אַלטע קליידער — און אַלץ האָט ער באַהאַלטן אין שכנות פון גנענדלס צימער, אונטער איר השגחה.

די היימלאָזע האָבן באַלאַגערט:

— האַרעלע, שיך שענקט, זעט, ווי איך גיי!

— פּריצל, דערבאַרעמט זיך, זעט מיינע פיס.

דערביי האָבן זיי אים געשטופּט ברודיקע צעקאַליעטשעטע פיס גלייך אין די אויגן.

נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט נישט געגעבן.

— אַלץ דאָרטן! —האָט ער געוויזן מיט דער האַנט צו דער זייט פון זאבאראווא.

מער פון אַלץ האָט ער זיך באַמיט פאַר די קינדער, פאַר דער שו־לע, וואָס מען האָט געגרייט אין זאבאראווא. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון די דייטשע מאַגאַזינען מיט רעקוויזירטע סחורות גאַנצע פּעק צייג, לייוונט און וואַטע. ער האָט אויסגעבעטלט גאַנצע וועגעלעך שווייצאַ־רישע קליידער. אין די שטאָטישע קעלערס האָבן זיך אַ סך אַזעלכע שווייצאַרישע מלבושים געוואַלגערט, די בייטראַלע שווייצער האָבן גאַנ־צע וואַגאָנעס צו די דייטשן פאַר אָרעמע געשיקט. מערסטנס זענען דאָס געווען קליידער, וואָס זענען שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. ברייטע געקעסטלטע הויזן און העלע ברייטע זשאַקעטן פון ברייטפּליי־ציקע ביילקע בירגער; טיולענע געשטיקטע קליידער און קורצע

בערג-הויזן, וואָס זענען מיט לעדער געדעקט און פאַרקנעפּלען זיך פון אַ זייט; זיידענע צעשיטע העמדער, קורצע האַרטע קראַגנס פון גרעסטן נומער, אַ חוץ כּלערליי ווייבערישע שלעפּס, סטאַניקעס, רייטהויזן, פאַסטאָרישע ראָקן, פאַרביקע פּיזשאַמעס און סוועטערס.

נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט זיך פון קיין זאַך נישט אָפּגעזאָגט און גענומען.

— פאַר מיינע קינדער וועט אַלץ ניצן.

די דייטשן האָבן אים געדראָט מיט די פינגער.

— זי זינד איין עכטער זעע־רויבער, הערר אַראָן לוואָוויטש— האָבן זיי געזאָגט — איהרע קינדער ווערדען אונז קאַפּוט שטעללען.

נאָר געגעבן האָבן זיי וויפל אַראָן לוואָוויטש האָט געוואָלט. עפּעס האָט מען אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

ער האָט געלאָזט צונויפרופן אין קאַזאַרמע-הויף וויפל נאָר שניידערקעס און נייטאָרינס עס זענען געווען צווישן די היימלאָזע, געהייסן איבערנייען, איבערניצעווען, איבערשניידן — פון אַלץ געלאָזט מאַכן אַנצוגלעך, קאַפּאָטקעלעך און היטעלעך — און גנעגדלען האָט ער אַוועקגעזעצט אויבנאָן און איר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט:

— אויף די פינגער זאָלט איר קוקן — קיין אויג נישט אַראָפּלאָזן, אַנישט וועלן זיי עס מיט די אויגן צעטראָגן.

די מיידלעך און ווייבלעך האָבן געטון אַלץ אין דער וועלט, כּדי פּטור ווערן פון גנענדלען און פון דער אַרבעט. אַלע מאָל איז אַן אַנדערע צוגעקומען פרעגן עפּעס, שטעלן אַ נאַרישע פראַגע און געשטיקט זיך פון געלעכטער; אַנדערע האָבן אָנגעהויבן רעדן אויף גנענדלס פוילישער אויסשפּראַך, צעדרייט די ווערטער און אויסגעשאָסן אין געלעכטערן. אַז דאָס אַלץ האָט נישט געווירקט, האָבן זיי אָנגעהויבן זינגען דייטשע זעלנערישע לידלעך און דערציילט גראָבע וויצן, פון וועלכע גנענדל איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן.

דאָס זיצן מיט די מיידלעך איז איר געווען שווער. טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן פאַר פאַרדרוס און דריקונג.

אַראָן לוואָוויטש האָט עס באַמערקט און געשפּאַסט.

— נו, וואָס? — האָט ער געפרעגט, שמייכלענדיק זיך אין דער באָרד אַריין — איר׳ט קאָנען אַרבעטן, האַ?

— איך וועל קאָנען — האָט גנענדל געענטפערט פעסט, ווי ביים ערשטן מאָל, מיט אַלע כּוחות זיך באַמיט נישט נאָכצוגעבן און געטון אַלץ ווי מען דאַרף.

מער נאָך פון די בייטערקעס, האָט גנענדל געהאַט אויסצושטיין פון די ווייבער.

גאַנצע מחנות האָבן זיי אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון וואַרשטאַט און געבעטן טובות.

— פריילישי, אַ העמדעלע פאַר מיין טאָכטערל, ווערעם פרעסן זי אויף... דערביי האָט מען איר צוגעפירט דאָס צעביסענע מיידלע־רישע קערפערל גלייך אין די אויגן אַריין.

— באַרישניאַ! אַ פּאָר הייזלעך פאַר מיין יינגעלע. זעט ווי ער גייט...

זי האָט דערציילט, געערעדט צען מאָל דאָס אייגענע, אַז זי קאָן גאָרנישט נישט טון, אַז אָן אַראָן לוואָוויטשן קאָן מען נישט געבן. נאָר די ווייבער זענען נישט אָפּגעטראָטן, געכאַפּט איר קושן די הענט, געוויינט.

זי האָט געפּרוּווט בעטן ביי אַראָן לוואָוויטשן, נאָר אַראָן לוואָ־וויטש איז געווען נישט נאָכגיביק.

— אַלץ דאָרטן! — אין זאַבאַראַווא!...

איינמאָל אפילו האָט זי זיך ערלויבט אים אָנמוסרן.

— איר זענט אַ שלעכטער! — האָט זי אים געזאָגט.

אַראָן לוואָוויטש האָט געשמייכלט זיך אין באָרד אַריין, ווי מען שמייכלט איבער אַ מיינונג פון אַ קינד. — גנענדל איז אַוועק אַ פאַרשעמטע, געפּרוּווט ביי זיך זיין בייז אויף אים, אַראָן לוואָוויטשן. נאָר אָנשטאָט בייזקייט, האָט זי געפילט נאָך מער אָפּשיי צו אים. וואָס שלעכטער ער איז געווען צו איר, אַלץ מער האָט זי אים באַ־וואונדערט, אַלץ מער איז ער אויסגעוואַקסן אין אירע אויגן און אַלץ מער האָט זי נישט געקאָנט אויסהאַלטן זיין מענעריש פאָטערלעכן בליק, וואָס באַליידיקט און וועקט אָפּשיי גלייכצייטיק.

נאָך דער אַרבעט בײַ די קליידער האָט אַראָן לוואָוויטש אײַנ־געשפּאַנט גנענדלען צו די קינדער.

מער פון אַלץ האָבן אים פאַרנומען די קינדער, די אָפּגעבּרענ־טע אויסגעדאַרטע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן אָנגעפילט אַלע גאַסן, הויפן און רינשטאָקן, גרייט אויף אַ בעטל, אַ גנבה, אַ כאַפּ.

ער האָט נישט געוואָלט זיי אַריבערפירן גלייך פון גאַס אין דאָרף, גלייך פון רינשטאָק אין שולע, נאָר צוגרייטן זיי פריער, אויסרייסן פון זיי די גאַס ביזן וואָרצל און דערנאָך, ריינע, גוטע, נייע, אַריינפירן זיי אין נייעם „זאבאראווא", אין די נייע שולע־וועגט.

און צוזאַמען מיט גנענדלען האָט ער טאָג און נאַכט געאַרבעט אַרום זיי.

יעדן פרימאָרגן, כמעט מיטן טאָג צוגלייך, ווען דער שלאָף ווערט דער סאַמע געשמאַקסטער, ווען די חלומות ווערן די סאַמע זיסטע, האָט שוין אַראָן לוואָוויטש געקלאַפּט אין גנענדלס טיר.

— אויפשטיין! צייט גיין איבער די הייזער!

און ביים גרינלעכן מאָרגן־שיין באַלויכטן אויף רויטלעך פון אַ צופעליקן פאַרבליבענעם לייכטנדיקן לאַמטערן, זענען זיי ביידע גע־גאַנגען איבער די פּוסטע שטאָטישע גאַסן, אַראָפּ צו די הינטער־געס־לעך, וואָס ליגן באַרג אַראָפּ, טונקענדיק זיך אין טייך, געקראָכן אי־בער די בוידעם־שטיבלעך, קעלערס און צעדרייטע גאַניקעס און גע־קלאַפּט אין היימלאָזע טירן.

מער ווי דאָרטן אין קאַזאַרמע־הויף האָט גנענדלען געפּייניקט דאָס גיין איבער די הייזער מיט אַראָן לוואָוויטשן. יעדער וואָרט זיינס, יעדער באַנעמונג צו די היימלאָזע האָט איר באַליידיקט, אויפ־געקאָכט.

פאַרטאָג האָט ער ליב געהאַט צו גיין, אַראָן לוואָוויטש, כדי נאָך צו פאַקן די קינדער אין דער היים, איידער טאַטע־מאַמע שיקן זיי אַרויס אין גאַס, און אומדערבאַרמדיק איז ער געווען צו די גרויסע, ווי צו די קינדער.

מאַמעס האָבן אים באַגעגנט מיט כבוד, מיט חניפה.

— אַ קלאָג מיר, וואָסער גאַסט! — האָבן ווייבער אים

באַגעגנט און געדרייט זיך אויף איין אָרט, אַליין נישט וויסנדיק וואָס צו טון.

טאַטעס האָבן אַראָפּגענומען די היטלען פון די צעשויבערטע קעפּ און געוווּנשן:

— לאַנגע יאָרן אייך, עולם הבא וועט איר זיך קויפן אין די קינדער.

נאָר אַז אַראָן לוואָוויטש האָט געהייסן צופירן די קינדער צו זיך, איז קיין איין קינד נישט געווען.

אַ גוט יאָר אייך — האָבן מאַמעס געענטפערט און געשטעלט זיך ביים בעט — אַז די קינדערלעך זענען נישט געקומען נעכטיקן אַהיים...

גנענדל האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין, נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט זיך נישט געאיילט. ער איז צו צום בעט, מיטן שפּיץ שטעקן אויפגעהויבן די ברודיקע איבערבעטן און שמאַטעס, מיט וועלכע די בעטן און טאַפּטשאַנעס זענען געווען פאַרדעקט, און בינטלעך ברודיקע צונויפגעפלאָכטענע קינדערישע פיסלעך באַוויזן.

— אַרויס! — האָט ער באַפוילן מיט אַ געמאַכטן כעס—כ׳וועל געבן מיטן שטעקן!

און אויגנבליקלעך זענען די קינדער אַרויס פון בעט און מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן געשטעלט זיך אין די שוואַרצע העמדלעך נעבן אַראָן לוואָוויטשן.

— די קעפּ באַווייזט!

גנענדל האָט געקוקט אין די קינדערישע באַוואַקסענע קעפּ, גע־קרימט זיך פון אומריינקייט און אומפלייט און אַראָן לוואָוויטש האָט געמאַכט קרייצלעך ביי זיך אין ביכל און געגעבן באַפעלן:

— יעדן טאָג קומען אין קאַזאַרמע מיט די קינדער, אויסשמירן די קעפּ און אין אַ חודש אַרום זאָל זיין ריין!

מאַמעס האָבן געוויינט.

— האַרעלע, עס וועט נישט העלפן, מיר׳ן שוין געוואַשן מיט גרינעם זייף...

טאַטעס האָבן צוגעגעבן:

— ס׳וועט גאָרנישט אַרויסקומען, אַ „פּאַראָדע״ אַזאַ...

נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס.

— אַז די „קאַזאַרמע״ וועט נישט העלפן, וועט דער „קעסל״ העלפן...

און טאַטע־מאַמעס האָבן אויפגעהערט זיך שפּאַרן. פאַר דעם קעסל האָט מען געציטערט. אַלע האָבן זיי שוין פאַרזוכט דעם טעם פון דייטשן ענטלויזונגס-באָד, פון „קעסל״, און זיי האָבן זיך אונטער־געגעבן.

— בייזערט זיך נישט, האַרעלע, מירן אַלץ טון. ס׳וועט זיין שוין רעכט — און אַראָן לוואָוויטש איז אַרויס גיך, איבערלאָזנדיק דעם שטענדיקן באַפעל :

— און זיך נישט דערוועגן צו שיקן די קינדער אין גאַס. — אַז איך וועל פּאַקן, וועל איך שיקן אויף „צוואַנג״.

גנענדל איז געווען צערודערט, נישט געקאָנט זיך קיין אָרט געפינען פון דעם אַלעם, וואָס זי האָט געזען און געהערט.

אַ סך זאַכן האָט זי איצט געזען, גייענדיק איבער די פאַר־וואָרפענע בוידעם־שטיבלעך און קעלערס, וואָס איר איז קיינמאָל אין לעבן נישט אויסגעקומען באַגעגענען : געלעגערס פון פאַרפוילטן שטרוי און זעק ; שוואַרצע קישנס און איבערבעטן, וואָס רויען פון אומריינקייט ; געדיכטע וואַנצן-נעסטן, פון וועלכע די ווענט זענען שוואַרץ ; כלערליי פּרייסן, זשוקעס און פליגן, וואָס רויען אַרום די קיכן ; טאַטעס, מאַמעס, קינדער זענען געלעגן צוזאַמען אויף דער ערד ; האַלב־נאַקעטע בחורים און מיידלעך זענען געלעגן אויסגעלייגט אויף טישן, בענק און אויוונס — און אַ סך מאָל האָט מען אפילו דערזען אַ דיקן בערדיקן דייטשן קאָפּ, וואָס קוקט אַרויס פון אַ ברו־דיק מיידלעריש געלעגער אַרויס...

מאַמעס האָבן נישט צוגעלאָזן צו די קינדער.

— האַרעלע, מיידלעך ליגן דאָרט ! — רירט זיי נישט...

און אָנגעהויבן וויינען אויפן קול.

די געוויינען פון די מאַמעס האָבן גנענדלען גאָר אַרויסגע־שטויסן פון די כלים. די ווייבער האָבן דאָס דערזען און עס אויס־גענוצט.

— פּריילישי האָט רחמנות — האָבן זיי געבעטן און געכאַפּט

קושן די הענט — איר זענט דאָך אַ פרוי... איר פאַרשטייט אַ מאַ־מעס האַרץ...

גנענדל האָט געקלעמערט די פינגער אין אַראָן לוואָוויטשעס האַנט.

— קומט אַוועק! קומט!

נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט זיך נישט גערירט.

— די העמדלעך ציט אַראָפּ! — האָט ער באַפוילן — איבער־גאַנצן איבערן קאָפּ...

און גנענדל האָט געמוזט באַטראַכטן די נאַקעטע קינדער, פון קאָפּ ביז די פיס דורכזוכן.

פון שטענדיקן וואַלגערן זיך אין די רינשטאָקן, פון אַרומשלעפן זיך תמיד, האָבן צו די קינדער פאַרשידענע פּלאָג זיך געשאַרט: נישט ריינע אויערלעך, רויטע אויגעלעך, געשווירן אויף די לייבער. אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען מיט דעם אויסשיטעכץ. צווישן די דינע קינדערישע פינגערלעך, וואָס זענען פלינק צו נדבות און גנבות, האָבן קליינע נישט־אָנזעעוודיקע ווייסע קרעצעלעך, ווי די זאַמדעלעך, זיך געגעסט, און ביסלעכווייז אויסגעוואַקסן אין גרויסע מיאוסע בלאָטערן איבערן גאַנצן לייב.

אַראָן לוואָוויטש האָט דערפאַר געציטערט.

— צווישן די פינגער קוקט גוט — האָט ער אומעטום דער־מאָנט גנענדלען — „טשאַסאַטקע" זוכט...

און ער האָט באַלויכטן די טונקעלע שטיבלעך מיט זיין העל עלעקטריש לעמפּל.

די ווייבער האָבן זיך שיער נישט צעריסן פון צרות.

— וואָס איז עס דען? — האָבן זיי געטענהט — מען זעט עס דאָך אפילו נישט אָן.

נאָר אַראָן לוואָוויטש האָט נישט געלאָזט זיך פאַרדרייען.

— ברענגען ס'קינד יעדן טאָג אין קאַזאַרמע צו שמירן — אַנישט וועט מען גיין אין „איזאָלאַציע" צום דייטש...

און אַוועק ווייטער.

אָפּפאַרטנדיק זיך מיטן גיין איבער די הייזער, האָט גנענדל גאַנצע טעג געהאַט אַרבעט אין אַמבולאַטאָריום.

אין גרויסן קאַזאַרמע־הויף, נעבן דער שניידעריי, האָט אַראָן לוואָוויטש אַ קליינעם היימישן קינדער־אַמבולאַטאָריום געמאַכט. גנענדל האָט אויסגעהאָנגען די ווענט מיט ווייסן פּאַפּיר, אויפגעקלעפּט אויף דער טיר אַ בויגן פּאַפּיר מיט אַ רויטן קרייץ אויסגעמאָלט, אַ טיש מיט אַ סך פלעשלעך, פּודעלעך, סלאָיקלעך און שיסלען אַוועקגעשטעלט און געהיילט.

אַראָן לוואָוויטש האָט אַן אַלטן דאָקטאָר, זיינעם אַ פריינד, געבראַכט עטלעכע מאָל אין קאַזאַרמע. דער דאָקטאָר האָט גנענדלען אויסגעלערנט אַלערליי זאַלבן און שמירעכצן אַליין צו מאַכן. גאַנצע טעפּ מיט דזשעגעכץ האָט אַראָן לוואָוויטש געבראַכט. גנענדל האָט דערפון זאַלבן צו „טשאַסאַטקע" געמאַכט — און מאַמעס מיט קינדער האָבן באַלאַגערט דעם אַמבולאַטאָריום און געיאָגט:

— פריילישי, מיינעם די קעפּל האָט איר נאָך נישט געשמירט. אַראָן לוואָוויטש וועט זיך בייזערן, אַז עס וועט נישט זיין אויסגעהיילט צום „סראָק"...

— פריילישי, מיינעם שמירט אויס די הענטלעך, איך האָב אין דער היים אַ קינד אין וויגל איבערגעלאָזן...

דער דזשעגעכץ האָט געעיפּושט, די זאַלבן האָבן געריסן אין נאָז. די קינדער האָבן געוויינט, געדראַפּעט מיט די נעגל גנענדלס פּנים, געוואָרפן מיט די פיסלעך. מאַמעס האָבן געזיפּצט, גערעדט, געקריגט זיך צווישן זיך. — וואָס מער גנענדל האָט זיי איינגעשטילט, אַלץ ערגער איז געווען. האָט זי גערעדט גוט צו איינער, האָבן אַלע געקוקט מיט בייזע אייפערזיכטיקע בליקן און געקוועטשט טרערן פון די אויגן. — אַלע האָבן גערעדט, געחנפהט, געבעטן טובות, געבענטשט, געשאָלטן, אויסגערעכנט זיך דעם יחוס און געשנייצט אין די פאַרטוכער אַריין — און גנענדל איז אינגאַנצן געווען צעטומלט.

פון צייט צו צייט האָט זי אויך געמוזט פירן די קינדער אין באָד. אַראָן לוואָוויטש האָט דעם שטאָטישן מרחץ געהייסן אויסהייצן אין מיט וואָך, אַלע היימלאָזע קינדער געלאָזט צונויפרופן — און גנענדל האָט זיי געפירט איבער דער גאַנצער שטאָט אין באָד אַריין. שטאָטישע יינגלעך זענען נאָכגעלאָפן און געשריגן:

— באָסאַ־קאָמאַנדאַ — הוראַ...

מאַמעס זענען מיטגעלאָפן און געמאַכט קולות:

— באַרישניאַ, איר זאָלט נאָר מיינעם נישט פאַרקילן, ר׳איז קראַנק...

— באַרישניאַ, גיט אַכטונג אויף מיינערס זאַכן, מען זאָל זיי נישט באַגנבענען!

אין באָד האָט געשווירבלט און געגריבלט מיט צעקראַצטע קינדערישע לייבער, מיט אומפלייט און ווערעם. אויף קינדערישע הענטלעך און פיסלעך האָבן זיך געבליוט שיניאַקעס און צייכנס, טאַטעשעס שמיץ און מאַמעשע קניפּן, די קינדער האָבן געשריגן, געמסרט, געזידלט זיך, באַגנבעט זיך און גערעדט מיאוסע רייד.

און גנענדל האָט נישט געקאָנט עסן, נישט שלאָפן. — פאַר די אויגן זענען איר שטענדיק געשטאַנען אומריינקייט, פלאָגן, זאַלבן, קינדערישע געוויינען, ווייבערישע טרערן. אפילו אין שלאָף האָט זי זיך דערפון נישט געקאָנט באַפרייען.

איר איז אויסגעקומען, אַז זי איז עפּעס אַריינגעפאַלן אין איינעם פון די אינזלען פאַר מצורעים, וועגן וועלכע זי האָט געלייענט אין די ביכלעך, און פון וועלכע מען קומט קיינמאָל שוין נישט אַרויס.

זעענדיק זיך איינמאָל מיט לערנערן, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין שטאָט אויף אַ ווייל, איז זי אים צוגעפאַלן צום האַרץ און אים נישט געלאָזן.

— בנימין! — האָט זי געוויינט — איך קאָן נישט מער — איך וועל אומקומען פון רחמנות און עקל.

— אַרבעט ווייטער — האָט לערנער געזאָגט — נאָר נישט פאַר רחמנות — פאַר פליכט — און וועסט זיך צוגעוויינען...

גנענדל האָט זיך נישט באַרויקט.

— איך קאָן נישט. — עס עקלט מיך פון זיי און פון זיך...

נאָר לערנער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס.

— טו, גנענדל, ווי איך זאָג — אַז עס וועט קיין רחמנות נישט זיין, וועט קיין עקל נישט זיין. איך טו אויך דאָס אייגענע...

דאָס האָט געווירקט — זי האָט שטענדיק איצט געדענקט לערנערס „איך טו אויך דאָס אייגענע״; געזען אַראָן לוואָוויטשעס

איראָנישן קנייטש אין באָרד, „אויב איר וועט גאָר קאָנען טון אַזאַ אַרבעט?" — און זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון פּלאַץ.

מיט געוואַלט האָט זי געטון איר אַרבעט.

ווי זיך אַליין צו להכעיס, איז זי געקראָכן דעם אומריינקייט אין האַרץ אַריין, אַליין די קינדער געשמירט, באַטראַכט, געוואַשן, די קליידער גלאָזט אויסקאָכן — און אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי, אַליין נישט באַמערקנדיק איז געשען, ווי לערנער האָט געזאָגט.

צום ערשט איז פאַרשוווּנדן דער רחמנות — קיין קינדערישע געוויינען, קיין מאַמעשע טרערן האָבן זי נישט גערירט, טוענדיק איר זאַך. צוזאַמען דערמיט איז פאַרשוווּנדן דער עקל.

פּונקט ווי אַ מייסטער, וואָס טוט זיין אַרבעט און האָט צופרידנקייט פון דעם, וואָס ער מאַכט, אַזוי האָט גנענדל איצט געטון איר אַרבעט מיט צופרידנקייט. יעדער בעסערונג ביי די קינדער, יעדער ערפאָלג האָט זי געפרייט, גליקלעך געמאַכט. זי האָט די קינדער אפילו ליב באַקומען, געקענט יעדן, געדענקט יעדן אפילוביים נאָמען. פּונקט ווי זי די קינדער, אַזוי האָבן אויך די קינדער זי ליב געקריגן, געפילט זיך מיט איר גוט, פריי, ווי מיט אַן אייגענער מאַמען, אָן מורא, נאָר מיט דרך־ארץ. און גנענדל איז געווען צופרידן, פול מיט פרייד אפילו.

אַראָן לוואָוויטש האָט זי געלויבט.

— מאָלאָדיעץ! — האָט ער איר געזאָגט, נעמענדיק זי ביי דער האַנט.

גנענדל האָט זיך גערויטלט, נישט קאָנענדיק אויסהאַלטן זיין בליק, און געפרעגט:

— אַראָן לוואָוויטש, ווען פאָרן מיר שוין אין שולע?

זי האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם טאָג. זי האָט שוין געזען, ווי זי זיצט מיט אירע קינדער, געזונטע, פרישע, נייע, אין נייע שיך, אין נייע וועש, אין נייע קליידער. די שול איז פריש, די טישעלעך און בענקעלעך זענען ניי אויסגעהובלט, די ווענט מיט גרינס באַצירט. גאַנצע טעג שפּילט מען, און אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, גייט זי אַריין צו זיך אין צימער, אין דעם פרישן, נייעם, ווייס־אויסגעקאַלכטן צימער, וואָס האָט אַ לאָמפּ מיט אַ גרינעם שיין,

קלאָרע ווייסע פאָרהענגלעך ביי די פענסטער און צוויי שניי־ווייסע בעטן פאַר זיך און פאַר בנימינען.

— ווען שוין? — האָט זי געפרעגט אַראָן לוואָוויטשן.

— אינגיכן, טייערע, אינגיכן! — האָט אַראָן לוואָוויטש געענטפערט זאַנפט, גאָרנישט ווי ביז איצט, און אַריינגעלייגט גנענדלס ווייך־ווייבערישע האַנט אין זיינער.

גנענדל האָט דערפילט אַ ציטער אין גאַנצן לייב און געוואָלט אַרויסנעמען די האַנט אירע, נאָר אָט האָט אַראָן לוואָוויטש אַ בליק געטון אויף איר מיט די אויגן, מיט די צוויי מענעריש־פאָטערלעכע אויגן, וואָס באַליידיקן און וועקן אָפשיי גלייכצייטיק — און זי האָט נישט געוואַגט זיך רירן פון אָרט.

אַראָן לוואָוויטש איז אַריבערגעגאַנגען מיט זיינע הייסע פינגער איבער גנענדלס האַנט, דערגרייכט ביזן עלנבויגן, נאָר גנענדל האָט זיך אַלץ נישט באַוועגט. ערשט, אַז ער האָט זי געגעבן אַ בויג צו צו זיך און זי האָט דערפילט זיין באָרד אויפן האַלז — האָט זי זיך האַסטיק אַרויסגעריסן און פאַרשטעלט זיך די אויגן.

— קוקט נישט אויף מיר! — האָט זי געזאָגט, קוים איינהאַלטנדיק די טרערן.

— פאַרוואָס, קינד? — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט מיט אַ זאַנפטער עטוואָס ציטערנדיקער שטים — זעסט דען נישט, ווי ליב איך האָב דיך? פון ערשטן טאָג אָן!

גנענדל איז אַרויס פון שטוב אַ דערשראָקענע.

— רעדט נישט! — האָט זי געשריגן — רעדט נישט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זי נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. זי האָט זיך אַרומגעוואַשן מיט קאַלט וואַסער, אָנגעריבן די שלייפן מיט קעלניש וואַסער, נאָר זי האָט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. איר האָט נישט אויפגעהערט בריען דער האַלז און די הענט, ווי עלעקטרישע שטראָמען וואָלטן איר דורך.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין בלויזן העמד ביים טיש און מיט אַ ציטערדיקער האַנט גענומען שרייבן אַ בריוועלע צו לערנערן.

„נעם מיך אַרויס, בנימין — האָט זי געבעטן — איך מוז זיין מיט דיר, כסדר מיט דיר".

נאָר זי האָט דאָס בריוועלע צעריסן.

צום לעצט האָט זי איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און זיך צעוויינט, ווי אַ קינד.

— בנימין — האָט זי געראָפן אין קישן אַריין — בנימין!

זי האָט זיך באַמיט צו זען זיין פּנים, זיינע אויגן, נאָר ווי אויף צו להכעיס האָבן זיך אַריינגעמישט אַראָן לוואָוויטשעס אויגן, די מענעריש-פּאַטערלעכע אויגן, וואָס באַליידיקן און וועקן אָפּשיי.

מיט יעדער שלוכץ איז איר געוואָרן אַלץ לייכטער, גרינגער.

## קאפיטל XIV

# ערד

ענדע זומער, נאָך פאַר די ערשטע האַרבסטיקע רעגנס, זענען אַלע היימלאָזע אַריבער פון שטאָט קיין זאַבאַראַווע.

פריערדיק איז געריטן אַראָן לוואָוויטש אויף אַ גרוי דיק פערד. נאָך אים זענען לאַנגזאַם געפאָרן צענדליקער פויערישע און באַלעגאָלישע פורן, באַלייגט מיט בעטגעוואַנט, עמערס, טעפּ און ברעטער. צום סוף זענען געפאָרן עטלעכע פורן מיט קינדער מיט גנענדלען אין דער מיט. צום סאַמע לעצט האָבן עטלעכע פורן געפירט עטלעכע אַלטע און קראַנקע, אויסגעלייגט אויף שטרוי.

פון ביידע זייטן וועג זענען געגאַנגען יידן, ווייבער און גרעסערע קינדער.

די קראַנקע האָבן געקרעכצט, — נאָר די קינדער האָבן זיי פאַרשריגן. גנענדל האָט געהייסן די קינדער באַפּוצן די וועגן מיט גאָדל־צווייגן — די קינדער האָבן דערמיט באַהאָנגען די ברעטער, די פערד און אפילו די רעדער — דערצו האָט זי זיי אויסגעלערנט אַ לידל, אַ פריילעך קינדיש לידל, וואָס האָט זיך מאָדנע גוט צוגעפּאַסט צום ריטם פון די טרייסלענדיקע וועגן — און די קינדער האָבן געזונגען מיט פריילעכע צעלאָזענע און קלינגנדיקע שטימעלעך.

אויף אַ באַזונדער פורל איז געזעסן טעמע, טעמע אָן די פיס, און געפּאַטשט מיט די הענט אין ווילדער שמחה.

זי האָט נישט געוואָלט פאָרן פריער. מען האָט זי געוואָלט אַריינזעצן צוזאַמען אויף אַ פור מיט אַן אַלטן געליימטן ייד און מיט דעם ווייבל מיט די קוליעס — נאָר זי האָט נישט געוואָלט.

— אַראָן לוואָוויטש! — האָט זי געשריגן — איך דאַרף אים

נישט דעם אַלטן סערבֿנער! — מיט אייך וויל איך פֿאָרן! — איר זענט אַ שיינינקער!

דער עולם האָט געלאַכט. אַראָן לוואָוויטש האָט געבעטן:

— טעמע, שפּאַרט זיך נישט איין, נישטאָ קיין פֿורן!

נאָר זי האָט נישט נאָכגעגעבן.

גנענדל איז צוגעגאַנגען צו איר און איר געגעבן צו פֿאַרשטיין — נאָר זי האָט זי באַליידיקט.

— נישקשה, באַרישניא! — האָט זי געשריגן — איך בין נאָך נישט פֿון די פֿאַרפֿוילטע עפּעלעך — איך טויג נאָך בעסער פֿאַר אַ מאַן, ווי אַנדערע לויפֿערקעס.

דערביי האָט זי אַרויסגעשטעקט די גרויסע מעכטיקע ברוסטן פֿאָראויס.

גנענדל איז אַנטלאָפֿן אַ פֿאַרשעמטע — און אַראָן לוואָוויטש האָט געהייסן אָפּליידיקן אַ פֿור פֿון זאַכן, צעטיילט די זאַכן אויף פֿאַרשידענע וועגן און פֿאַר טעמען אָפּגעגעבן די פֿור.

— אַזוי וועט איר זיין צופֿרידן, טעמע?

— זאָל שוין זיין — האָט טעמע קוים מסכּים געווען און געלאָזט זיך פֿון עטלעכע יונגען אַרויפֿזעצן אין וואָגן אַריין. צופֿרידן פֿון איר זיג, האָט זי געהאָלפֿן זינגען די קינדער, געטרייסלט מיט די צוויי שטיקלעך פֿאַרבאַנדאַזשירטע פֿיס צום טאַקט, און געזונגען מיט אַ פֿעסטן קול, וואָס האָט אָפּגעקלונגען מיט אַ סך עכאָס אין וואַלד.

— אַ קאַמאַרעצטקע! — האָט זי געשריגן — אַ קאַמאַרעצטקע זינגט, קינדערלעך, איך האָב ליב!

אָפּגערוקט אַ ביסל זענען געגאַנגען עטלעכע פֿורן צו צוויי פֿערד געשפּאַנט און אַרומגעהילט מיט ברעזענטן. דאָרטן זענען געלעגן סחורות, פֿאַרטיקע מלבושימלעך, מעדעצינישע אינסטרומענטן, שרייב-געצייג פֿאַר דער שולע, קיך-געשער, און אַ סך שפּייז, זעק שוואַרץ מעל, געטריקנטע פֿיש, צוקער, ערזאַטץ-קאָפֿע, אייל צו פּרעגלען, אַ הויץ קאַרטאָפֿל, בוראַקעס און קרויט.

אַראָן לוואָוויטש האָט אָפּט אַרומגעריטן אַלע וועגן פֿון ביידע זייטן און געגעבן באַפֿעלן. די וועגן זענען געווען שלעכטע, קאַליע-געוואָרענע פֿון קריג. די הילצערנע בריקלעך זענען געווען צעריסן,

צעשעדיקט — און אַראָן לוואָוויטש האָט געוואָרנט:

— אָסטאָראָזשנאָ, כלאָפּצי!

די גוים זענען געגאַנגען ביי די זייטן, געטאָפּטשעט מיט די באָרוועסע פאַרבלאָטיקטע פיס אין דער צערודערטער ערד און גע־ברומט בייז, אַלמאַי זיי דאַרפן געבן אומזיסטע פאָדוואָדן.

— דאָברא! זנאַיעם!

אין די ערשטע עטלעכע טעג איז אין זאבאראווא געווען פריי־לעך. אויף דעם פאַרלאַטעטן קוימען פון גרינעם פּאַלאַץ האָט אַ גרויסע גרינע נאָדל־צווייג געשטעקט און דערציילט אויף אַלע זייטן וועגן חנוכת־הבית. אויפן צווייג האָבן צוויי ליידיקע פלעשער געהאָנ־גען, אַ סימן, אַז עס קומט בראָנפן די אַרבעטער. — אַראָן לוואָוויטש האָט געשיקט איינקויפן פלעשער בראָנפן און אָנגעשלאָגן זיך מיט די גלעזלעך מיט לערנערן און מיט דער ערשטער פּאַרטיע היימלאָזע, וואָס האָט צוגעגרייט דעם הויף.

— לחיים! — האָבן די יונגען געשריגן און געהויבן אַראָן לוואָוויטשן אין דער הויך.

דער גרויסער הויף איז געווען אָפּגערייניקט און אויסגעשאָטן מיט זאַמד. די געביידעס זענען געווען אויסגעפּאַרריכט. דער ברונעם גאַנץ. אין דער נייער שולע האָבן גנענדל מיט די קינדער באַצירט די ווענט מיט גרינס, די סופיטן באַהאָנגען מיט קאָלירטע פּאַפּירענע שלאַנגען און מיט קאַרבירטע לאַמטערנדלער. ביים צעכהויז זענען געזעסן אַראָן לוואָוויטש מיט לערנערן הינטער אַ באַריערע. ביי דער באַריערע איז געשטאַנען אַ לאַנגע ריי מיט מענטשן און באַקומען מתנות: ווער אַ פּאָר הילצערנע שיך, ווער אַ העמד, ווער אַ רעקל, אַ קליידל, אַ פּאָר הויזן. יעדער האָט עפּעס נייעס באַקומען — אַזוי האָט אַראָן לוואָוויטש אויסגעשטעלט.

אָבער די קינדער האָט מען באַנייט פון קאָפּ ביז די פיס. פּאַרטיעס־ווייז האָט זיי גנענדל געפירט אין רוסישן באָד, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט הויף אַ פּאַרריכטער און אַן אויפגעפרישטער. דאָרטן האָט מען יעדן אויסגעבאָדן, אַרומגעוואַשן, איינער אַ היימלאָזער אַ רופא האָט מיט אַ מאַשינקע יעדן דעם קאָפּ אָפּגעגאָלט ביז דער

הויט און אָנגעטון אין נייס: אַ ניי העמד, אַ ניי רעקל מיט הויזלעך אָדער אַ קליידל, אַ ניי נאָזטיכל אין קעשענע.

מאַמעס זענען געשטאַנען ביי דער זייט און געקוואָלן.

— אַ גוט מזל אייך, באַרישניא! — האָבן זיי געווונטשן גנענדלען, זעענדיק ווי זי פּאָרעט זיך אַרום זייערע קינדערלעך.

אַנדערע האָבן געוויינט, געשנייצט נעזער אין די פאַרטוכער און געכאַפּט קושן די קינדער.

אין טאָג פון חנוכּת-הבית איז גאָר געווען לוסטיק. פון שטאָט זענען אין אַ גרויסן אויטאָ אַראָפּגעקומען דער אָבערסט, דער קרייזשעף, אַ מיליטערישער אַלטער דאָקטאָר, אַ דייטשער פעלד-ראַבינער מיט גאָלדענע ברילן און צוויי פאָטאָגראַפיסטן מיט אַפּאַראַטן.

גנענדל האָט געאַרבעט מיט אַלע כּוחות. זי האָט אַלע קינדער אויסגעפּוצט אין רויט-פּאַפּירענע היטלען מיט פרענזלען; עטלעכע פון זיי האָט זי אפילו אָנגעטון ווי חיות, פון איין ייִנגעלע געמאַכט אַ בער, פון צווייטן אַ האָז; פון איין מיידעלע אַ שעפּעלע, פון אַן אַנדערס — אַ פּאַסטושקע, און געלערנט מיט זיי לידלעך.

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאָטאָגראַפירט אַלץ — די קיך און די באָד, דעם ברונעם און די שפּייזלערס, די שולע און דעם צעכהויז, זיך אַליין מיט די היימלאָזע און די היימלאָזע באַזונדער, זיך מיט אַראָן לוואָוויטשן און אַראָן לוואָוויטש מיט די היימלאָזע, — האָבן אַלע געהאַלטן רעדעס, גרויסע און לאַנגע רעדעס, וואָס קיינער האָט זיי נישט פאַרשטאַנען, נאָר מען האָט זיי אַפּלאָדירט — אויך דער ראַבינער האָט לאַנג גערעדט און פאַרענדיקט מיט אַ לשון-קודשדיקן פּסוק.

אַלע יידן האָבן דערפון געהאַט גרויס הנאה.

און דערנאָך ערשט זענען אַרויס די קינדער איבערגעטון פאַר חיות און מיט ליטווישע שאַרפע און דרייסטע שטימעלעך דעקלאַמירט און געזונגען.

די דייטשן האָבן אַפּלאָדירט — דער ראַבינער האָט אפילו גענומען צו זיך אויפן שויס אַ מיידעלע, וואָס איז געווען איבערגעטון פאַר אַ האָז, און איר געקושט צוויי מאָל אין קעפּל — האָבן טאַטעס געשיינט פאַר גליק און מאַמעס האָבן פאַר פרייד גע[illegible] מיט טרערן.

און אַז מען האָט נאָך צום סוף אַוועקגעשטעלט אין מיטן הויף פעסער מיט ברעטער, אָנשטאָט טישן, און פאַר יעדן אַוועקגעלייגט אַ לאָבן פריש ברויט פון דער אייגענער בעקעריי און אַ זופּ פון קאַר־טאָפל מיט געטריקנטע פיש פון דער אייגענער קיך — איז די שמחה גאָר געווען גרויס.

— הורא! — האָבן יונגען געשריגן, ווי אין קאַזאַרמע.

טאַטעס האָבן דערפילט יום־טובדיקס אין זיך, שמחת־תורהדיקס— הפקרדיקס און געהויבן אַלע אין דער הויך — אַראָן לוואָוויטשן, לער־נערן און אפילו דעם דייטשן ראַבינער. וואָס האָט פאַרענדיקט זיין דרשה מיט אַ לשון־קודשדיקן פסוק.

— און איצט אייך, באַרישניאַ! — האָבן זיי געשריגן צו גנענ־דלען, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט הויבן — נישקשה, הייגט מעג מען!

אַראָן לוואָוויטש איז געווען גליקלעך.

ער האָט זיך צום הונדערטסטן מאָל געלאָזט דריקן פון יעדן די הענט; ער האָט געדולדיק אויסגעהערט אמתן און באַרימערייען פון יעדן באַזונדער, וואָס האָט דערציילט וועגן זיינע גליקן און רייכ־טימער פון פאַר דער מלחמה.

די היימלאָזע האָבן גאָר אָנגעקוואָלן פון אים.

— זעט! — האָבן זיי גערעדט צווישן זיך — ער איז דאָך גאָרנישט אַזאַ, ווי מען האָט געזאָגט.

נאָר באַלד צומאָרגנס, גלייך מיטן פאַרשווונדן פון די יום־טוב־דיקע טישן און איבערבלייבענישן, איז אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן אַראָן לוואָוויטשעס צוגעלאָזנקייט.

— צו דער אַרבעט! — האָט ער באַפוילן, לאָזנדיק הערן אי־בערן גאַנצן הויף זיין פעסטע באַפעלערישע שטים.

און די היימלאָזע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

—אַבי מיר האָבן געמיינט... — האָבן זיי געהאַט טענות צו זיך אַליין.

—איר וועט ערשט זען — האָט דושקין זיך אָנגערופן, עטלעכע הוסטלעך געטון און אַוועק אַזוי אומגעריכט, ווי ער איז אויסגעוואַקסן.

אַ סך אַרבעט איז איצט געווען צו טון.

קודם כּל האָט מען געדאַרפֿט צוגרייטן די ערד צום פֿאַרזייען ווינטער־קאָרן. די גאַנצע ערד איז געווען פֿאַרלאָזן, וויסט. גאַנצע און אומגעוואָרפֿענע פֿאַרצוימונגען פֿון שטעכעדיקן דראָט האָבן דורכ־געשניטן די ערד. שוץ־גריבער, אָפֿענע און פֿאַרדעקטע, גלייכע און פֿאַרמאַסקירטע, האָבן זיך געשלענגלט פֿון אַלע זייטן — אויסגערי־סענע גריבער פֿון גראַנאַטן, טייל פֿון עטלעכע מעטער טיף, האָבן זיך דורכגעוואָרפֿן פֿון אָרט צו אָרט. פֿאַרראָסטעטע זעלנערישע קעסעלעך, שמאַטעס, שאַכטלען פֿון קאָנסערוון, צינערנע טרונק־פֿלעשלעך, אויס־געשאָסענע גילזן האָבן זיך געוואַלגערט אויף טריט און שריט, און קברים, — איינצלנע און מאַסנדיקע, מיט רוסישע טאָפּלטע צלמים און מיט קאַטוילישע איינצלנע צלמלעך, מיט יידישע גלייכע ברעט־לעך און מיט מאַכמעדאַנישע האַלבע־לבנהס, מיט פֿרישע אויפֿשריפֿטן און אָפּגעריבענע אויפֿשריפֿטן, מיט בלייפֿעדער־געשריבענע מצבות און מיט גלאַטע מצבות, אָן יעדער אויפֿשריפֿט, בלויז פֿון צוויי קרומע צווייגלעך צענויפֿגעבונדן — האָבן זיך גענעסט אין פֿאַרשידענע ער־טער, באַוואַקסן מיט שיטערע ווילדע גראָזן און רויטע שטעכעדיקע בערעלעך.

נישט גרינג זענען געווען די ערשטע טעג אין זאַבאַראַווע — די יידן האָבן נישט געקאָנט, נישט געוואָלט טון ווי מען דאַרף. ביים ווִיקלען די שטעכעדיקע דראָטן האָט זיך אַלע מאָל אַן אַנדערער פֿאַרשטאָכן אַ פֿינגער אין פֿאַרראָסטעטן דראָט און געבלאָזן אויפֿן פֿינגער אַ פּאָרע פֿון מויל צוזאַמען מיט אַ בייזן מרוק.

— אַ שיינע אַרבעט, וואָס מען האָט ביי די דייטשן אָפּגע־שפּאָרט, וועט מען דאָ אַוועקפּטרן...

אויף די פֿעלדער זענען אַרומגעקראָכן ווייבער און געזיפֿצט. — פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פֿעלדער שטיינער, צעבראָכענע פֿלעשער. לערנער האָט געהייסן איינשפּאַנען אַ פֿערד אין וואָגן, געהייסן עס פֿירן איבער די פֿעלדער, און אַ סך ווייבער אַרויסגעשיקט, זיי זאָלן אויפֿקלייבן די שטיינער, וואַרפֿן אין וואָגן און אַוועקפֿירן.

די ווייבער האָבן געזיפֿצט און געלאַכט.

— מאַריאַסקע! — האָבן זיך געהערט קוויטשיקע קולות — וויפל האָסטו שוין אויפגעקליבן?

— איך צוויי, — דאַנקען גאָט!

— און איך אַנדערהאַלבן.

זיי האָבן זיך קוים אַראָפּגעבויגן, געקלאָגט זיך אויף די זייטן און געשפּילט זיך.

ביים רוימען דעם מיסט האָבן גאָר יידן געצויגן מיט די נעזער.

די מאַסן זעלנער, וואָס האָבן דאָ חדשים־לאַנג געלעבט צוזאַמען מיט זייערע פערד, האָבן אַ סך קופּעס פערדישן און מענטשלעכן פּאַרדאַרטן מיסט איבערגעלאָזן. לערנער האָט אַרויסגעפירט אַהין אַ סך יידן, איינגעטיילט זיי פאַרשידענע מכשירים, וועמען אַ לאָפּאַטע, וועמען אַ האַק, וועמען אַן אייזערנעם שטאַנג און וועמען גאָר אַ שפּיציקן פלאָקן, וואָס נאָר עס איז געווען. דערמיט האָט מען גע־דאַרפט צעקלאַפּן די איינגעדאַרטע קופּעס מיט מיסט, אויפהאַקן די יאַמעס אומריינקייט און אַוועקפירן אויף די אָפּגערייניקטע פעלדער מיט וועגענער, וועגעלעך, מיט זעק אפילו און מיט קאַסטנס, אין וואָס נאָר עס איז פאַראַן.

די יידן האָבן נישט אויפגעהערט שמאָרן מיט די נעזער.

— אַן אומגליק דיר! פּאָניעס סמנים גאָר רייניקן — מ'נע, אַן אַרבעט!

— מאַכט אַ בורא מיני בשמים — האָט דושקין געגעבן אַן עצה.

— עס וועט זיך הערן פון דער תבואה! — האָט אַן עלטערער ייד מיט רויטע אויגן, אַ געוועזענער דרדקי־מלמד, זיך געזאָרגט.

ביים אַקערן זענען אַפילו געווען די בעסטע, די יונגע און די קרעפטיקע — אָבער אויך מיט זיי איז געגאַנגען שווער. געוועזענע שמייסערס, גאַרבערס, קצבים, האָבן זיי געהאַט כוח גענוג, נאָר מיט קיין אַקעראייזן נישט געוווּסט ווי אומצוגיין. אויך די אַקעראייזנס זענען געווען נישט גאָר פון די בעסטע. מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די פערד־שטאַלן, פון מיסט אַרויס, און זיי זענען געווען פאַר־ראָסטעט, טעמפּ, — די ערד איז געווען פאַרוואַקסן, אָפּגעלאָזן.

און די אַקעראַייזנס האָבן זיך קעגנגעשטעלט. — אָט זענען זיי צו טיף אַריינגעקראָכן אין דער ערד, באַלד איינגאַנצן אַרויסגעשפּרונגען. נישט פילנדיק קיין זיכערע האַנט, האָבן די פערד זיך געבונטעוועט, נישט געוואָלט גיין אין טראָט, געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און געשטויסן. די יונגען האָבן געקנאַלט מיט די בייטשן און זיך צעלאָזט איבערן פעלד — און פאַרבייגייענדיקע מיידן האָבן זיך געבויגן אין דרייען פאַר געלעכטער.

— לייבקע, שיט אים זאַלץ אויפן ווידל, — האָט אַ מויד געגעבן אַן עצה.

— קוש אים אין הינטן, דעם סוס — האָט אַן אַנדערע געשריגן — בעט אים אַ ביסעלע, וועט ער גיין.

— מיר'ן נישט קאָנען! — האָבן די יונגען געזאָגט, אָפּלאָזנדיק די לייצעס — ס'איז אַ גוישע אַרבעט.

לערנער איז געווען פאַרצווייפלט.

— ס'גייט שלעכט, אַראָן לוואָוויטש — האָט ער זיך געקלאָגט באַנאַכט, זיצנדיק אַ מידער פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט — מען וועט מוזן ברענגען עטלעכע גוים צו ווייזן.

— קיין איינעם נישט! — האָט אַראָן לוואָוויטש באַפוילן — אַליין מוז אַלץ ווערן געמאַכט.

באַלד אין דער פרי איז ער, צוזאַמען מיט לערנערן, געווען אויף די פעלדער און געהייסן זיך נעמען צו דער אַרבעט אויף ס'ניי.

ער אַליין האָט גענומען די לייצעס אין דער האַנט, אָנגעשפּאַרט די האַנט אין אַקעראַייזן און דאָס פערד איז גלייך אַוועק ווי מען דאַרף.

— אָט אַזוי! — האָט ער געוויזן — לאַנגזאַם און גלייך!

לערנער האָט גענומען דעם צווייטן אַקעראַייזן. נישט איינמאָל פלעגט ער ייִנגלווייז אין באָראָוועקע אויסבעטן ביי דעם פּאָטערס פּאַראָבקעס דעם אַקעראַייזן, דעם שניידמעסער. ער האָט געקאָנט אַלע דאָרפישע אַרבעטן — אַקערן און שניידן, מאַכן סטאָגעס היי און דרעשן.

אָפּאַרבעטנדיק עטלעכע שעהן, פּרווונדיק אַ סך מאָל דאָס איי-

גענע, האָבן ענדלעך די אַקראַייזנס זיך אָנגעהויבן אונטערגעבן די יונגען. די פערד האָבן דערפילט זיכערע הענט און געגאַנגען לאַנגזאַם און סיסטעמאַטיש אין יאָך.

פּאַרטיק געוואָרן מיט די יונגען, האָט אַרײַן לוואָוויטש געגומען לערנערן און אָנגעהויבן לערנען מיט די איבעריקע. — מען האָט אַוועקגעשטעלט יידן מיט לאָפּאַטעס אין די הענט און געהייסן צעאַקערן מיט די הענט דאָס, וואָס די פערד האָבן נישט באַוויזן טון מיט די אַקערס.

— אָט אַזוי! — האָט לערנער געוויזן — נישט צו טיף און אַ לאָפּאַטע ביי אַ לאָפּאַטע!

און פון אַלע זייטן, ווו נאָר מענטשן זענען געשטאַנען און געאַרבעט, איז אַרומגעקראָכן אַראָן לוואָוויטש פון איין זייט, לערנער פון דער צווייטער זייט, און זיך צוגעקוקט ווי אַזוי מען אַרבעט.

— לעבעדיק! — האָט אַראָן לוואָוויטש אונטערגעגעבן חשק — גערירט זיך!

לערנער האָט, פּונקט ווי די דייטשן אויף דער בריק פלעגן טון, אָנגעצייכנט אַ שטיק אַרבעט, וויפל מען דאַרף אָפּטון, און אָנגעזאָגט:

— ביז מיטאָג זאָל עס ווערן געמאַכט — אַנישט וועט קיין מיטאָג נישט זיין.

תחילת האָבן זיך די יידן נישט געמאַכט דערפון.

— ער וועט בעסער ווערן — האָבן זיי געזאָגט מיט חוזק — ער וועט נישט זיין אַזוי שלעכט.

נאָר אַז עס איז געקומען צום מיטאָג און דער קוכער האָט נישט אַריינגעלאָזן אין שיסעלע יעדן, וואָס ביי זיין נאָמען אויף דער ליסטע איז געווען אַ רויטער צייכן — האָט מען אָנגעהויבן זיך אונטערגעבן.

— באַנדיטן — האָבן די יידן געברומט און פונדעסטוועגן גענומען די לאָפּאַטע אין האַנט און אַוועק אַרבעטן.

אויך גנענדל אין שולע האָט נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן מיט די קינדער און מיט די מוטערס.

די קינדער האָבן געהאַלטן אין איין מסרן איינער אויפן צווייטן.

— לערערקע, דודקע האָט געזאָגט אַ מיאוסן וואָרט.
— לערערקע, משהקע זאָגט, אַז מיין שוועסטער איז אַ בליאַדע!
— לערערקע, מאַריאַסקע שלאָגט זיך!

טאָג-טעגלעך איז געווען צו טון מיט די מוטערס, פאַרוואָס זיי ברענגען נישט די קינדער צו דער צייט, פאַרוואָס די קעפּלעך זענען נישט ריין, פאַרוואָס די העמדלעך זענען ברודיק.

גנענדל האָט גערעדט, גערעדט צום האַרץ, אויסגעוויזן. די ווייבער האָבן צוגעזאָגט:

— גוט, גוט, באַרישניאַ! — עס וועט שוין זיין רעכט.
נאָר מאָרגן איז ווידער געווען דאָס אייגענע.
אויך מיטן קרענקען איז געווען שלעכט.

די קינדער האָבן געגעסן אין שולע. — דאָס ערשטע מאָל, אַז אַ מאַמע איז געקומען זאָגן, אַז איר קינד קאָן נישט קומען אין שולע, ווייל אים האָט אָנגעצויגן אַ פיסל, האָט גנענדל אַרויסגעגעבן דעם קינדס פּאָרציע אַהיים.

צומאָרגנס זענען עטלעכע קינדער קראַנק געוואָרן און מאַמעס זענען געקומען אָפּנעמען די פּאָרציעס. — ווייבער האָבן געקלאָגט.

— מיינער האָט, נעבעך, אַן אויער.
— מיינע האָט געכאַפּט דער בויך.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג איז אַ העלפט קינדער נישט געקומען.

גנענדל איז אַוועק אין די באַראַקן, זען וואָס די קראַנקע קינדער טוען, און קיין איינס נישט געטראָפן אין באַראַק.

אַלע האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די שכנותדיקע דערפער. די פּאָרציעס זענען געשטאַנען ביי די ווינקעלעך פון די בעטן און טאַפּטשאַנעס.

אין זעלבן אָוונט האָט אַראָן לוואָוויטש אַרויסגעגעבן אַ באַפעל — קיינעם קיין פּאָרציעס אַהיים נישט אַרויסגעבן.

צומאָרגנס איז געווען ביי די ווייבער אַ יללה.
— באַרישניאַ, דאָס קינד וועט דאָך מיר אויסגיין פון הונגער!...
נאָר גנענדל האָט נישט געגעבן קיין פּאָרציעס.
— אַ שטיין, נישט קיין האַרץ — האָבן די ווייבער געזאָגט.

און די שולע איז אין עטלעכע טעג אַרום ווידער געוואָרן פול.

אויך מיט ריינקייט האָט אַראָן לוואָוויטש געמאַכט אַן אָרדנונג.

— וועלכע מאַמע עס וועט ברענגען אַן אומריין קינד אין שולע, וועט אַ טאָג קיין עסן פון קעסל נישט באַקומען — האָט ער געגעבן אַ באַפעל.

ווייבער האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט.

— וואָס ווילט איר? — האָבן זיי געשריגן צו גנענדלען, ווייזנדיק אויף די קינדערישע קעפּלעך — דאָס איז גאָרנישט, עטלעכע ניס בלויז.

אַז עס איז געקומען צו דער ריי צום ברויט און לערנער האָט אַלע, וואָס גנענדל האָט פאַרצייכנט מיט אַ קרייצל, נישט אויסגעטיילט די פּאָרציע, האָבן ווייבער געמאַכט קולות, באַקומען היסטעריק, געריסן די האָר פון קאָפּ.

— גזלנים, ערגער פון די דייטשן זענט איר! — איר ווילט אונז אויסמאָרן...

נאָר לערנער איז געבליבן ביי זיינס, און צומאָרגנס זענען די קינדער געקומען אין שול ריינע, אויסגעצוואָגענע.

אויסער דעם אַלעמן, זענען נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן פאָרגעקומען. — איין טאָג האָבן מיידלעך געקליבן שטיקער אייזן און געוואָרפן אין אַ זייט. פּלוצלינג האָט אַ נישט-אויסגעשאָסענע קויל אויסגעשאָסן און ביי אַ מיידל אַ שטיק פינגער אָפּגעריסן.

אַלע ווייבער, וויפיל נאָר עס זענען געווען, האָבן געוואָרפן די אַרבעט און גענומען לויפן צו אַראָן לוואָוויטשן אונטערן פענסטער מיט דושקינען אויבן אָן.

— געוואַלט! — האָבן זיי געשריגן — איר ט׳דאָך אונז אויסקוילענען!

— אַוועק, צו דער אַרבעט! — האָט אַראָן לוואָוויטש באַפוילן — און אַליין דערוויל פאַרבאַנדאַזשירט דעם מיידל דעם אָפּגעריסענעם פינגער, געהייסן שפּאַנען אַ פערד און זי אַוועקגעשיקט אין שטאָט אין שפּיטאָל.

איינמאָל האָבן די יידן ביים גראָבן די ערד אָנגעטראָפן אויף עפּעס. זיי האָבן געמיינט, אַז עס איז אַ שטיין, נאָר ביים אונטערהויבן

אַ ביסל די ערד האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ מענטש, אויף אַ האַלבּ־צעפוילטן מענטש מיט אַ שטיק צעפרעסענעם קאָפּ — זיי האָבן אַלע גלייך אַוועקגעוואָרפן די לאָפּאַטעס און, מיט יידישער מורא פאַרן טויט, זיך צעשריגן.

— מתים, ווי איז אונז, מען קריכט איבער טויטע.

אַראָן לוואָוויטש האָט זיך נישט געמאַכט דערפון און אַלע צוריקגעיאָגט צו דער אַרבעט.

— לייגט אים צוריק אַריין, נאָר טיפער! — האָט ער געזאָגט — און די יידן זענען געווען באַליידיקט.

שפּעטער צו איז געוואָרן אַ טומל מיט אַ וואָלף.

אין איינעם אַן אָוונט איז אַ קליין מיידעלע געקומען צו לויפן אין באַראַק צו דער מוטער אַ דערשראָקענע.

— מאַמענקע, אַ הונט דרייט זיך — אַ גרויסער!

די ווייבער זענען אַרויס, דערזען דעם הונט און שיער נישט אין חלשות געפאַלן.

— אַ וואָלף! — האָבן אַלע געשריגן.

פון נאָענטן וואַלד האָט ער זיך דאָ פאַרקליבן. ווי נאָר מען איז אַרויס, איז ער אַוועק אַ ביסל און באַלד זיך צוריק דערנענטערט.

דער באַראַק איז געגאַנגען אויף רעדער.

— ווי איז אונז — האָט דושקין געקלאָגט און די ווייבער האָבן אים געהאָלפן — חיות רעות וועלן דאָך אונז צעפרעסן.

— אַז מען וועט גאָרנישט קאָנען גיין צו דער קיך — האָבן יידן געקלאָגט פאַר אַראָן לוואָוויטשן — געדאַרפט זאָגן די דייטשן, זיי זאָלן קומען אים פאַרטרייבן.

— נישקשה, מירן זיך אַליין אַן עצה געבן — האָט אַראָן לוואָוויטש געזאָגט.

און נאָך אין זעלבן אָוונט האָט ער גענומען לערנערן, אַלע יונגען, באַוואָפנט זיך מיט העק, אייזנס, דרענגער און שטורקאַצן פון שטיקער קין און אַרויס קעגן וואָלף.

דער וואָלף איז פאַרשוואונדן, ער האָט זיך מער נישט געוויזן. ערגער פון אַלץ איז געווען מיט די שטשורעס. — אין די

גרויסע שפּייכלערס, וואָס מען האָט איבערגעמאַכט אויף באַראַקן פאַר די היימלאָזע, האָבן זיך אַ סך שטשורעס אויפגעהאַלטן, פעטע שטשורעס, גרויע, שוואַרצע און געלע, וואָס האָבן געפרעסן די רעשטלעך פון אַמאָליקע תבואות, מעל, קערנער און אפילו די הילצערנע ווענט און פּאָדלאָגעס.

מאַסן זענען זיי געווען דאָרטן. יעדן פאַרנאַכט פלעגן זיי מיט זייטיקע וועגלעך אַוועק צו דער חרובדיקער וואַסער־מיל צום טייך, וואָס האָט דורכגעשניטן דעם מאַיאָנטעק, אָנגעטרונקען זיך און צוריק אַוועק אין די שפּייכלערס.

ביים איבערמאַכן די שפּייכלערס האָט מען אַלע לעכער פאַרקלאַפּט, געמיינט האָט מען, אַז מען וועט זיי מער נישט האָבן—נאָר מיטאַמאָל האָבן זיי זיך באַוויזן. — ביי טאָג האָט מען זיי טאַקע נישט געזען, נאָר באַנאַכט, דערפילנדיק שלאָפנדיקע מענטשן, האָבן זיי זיך באַוויזן. זיי האָבן געקוויטשעט, געשפּרונגען, געלאָפן איבער קעפּ און פיס. טייל האָבן אפילו געפרווט בייסן, צעדראַפּעט קינדערישע פיסלעך, הענטלעך — און ווייבער זענען אויפגעשפּרונגען פון די בעטן און טאַפּטשאַנעס און געשריגן געוואַלד.

— מאַמעלעך, ווו האָט מען אונז דאָ אַריינגעפּאַקט? מען וועט דאָך אונז די קינדער לעבעדיקערהייט צעפרעסן.

אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער שולע.

— דאָ וועט מען לאָזן שלאָפן די קינדער. מיר וועלן צו די „קריסעס״ נישט גיין.

גנענדל האָט רחמנות געהאַט און טאַקע געוואָלט לאָזן איבערלאָזן די קינדער — נאָר לערנער האָט נישט געלאָזן.

— אַליין זאָלן זיי אויסרייניקן די באַראַקן.

ער איז אַרויס אין מלחמה קעגן די מייז. ער האָט צוזאַמענגענומען אַלע מענער, אַוועקגעשטעלט זיי אַרום מיל מיט שטעקנס אין די הענט, און פאַרנאַכט, אַז די שטשורעס זענען געקומען טרינקען— האָט מען זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, געשפּריצט אויף זיי פון אַ קישקע מיט וויטריאָל און נאַפט און לעבעדיקערהייט אָנגעצונדן.

די מייז זענען געלאָפן אין ווילדע שפּרונגען, געלאָזט זיך צו געביידעס, נאָר דאָרטן זענען געשטאַנען ווייבער מיט בעזעמעס און

שטעקנס אין די הענט און אָפּגעיאָגט, כדי צו פאַרהיטן פון אַ שרפה. די איבעריקע האָט מען געטריבן אין טייך, אַנדערע האָט מען אויס־געראַמט מיט סם, מיט פאַרשטופּן די לעכער מיט שטיקלעך גלאָז.

און די פּגרים האָט לערנער געהייסן אַרויסטראָגן ווייט פון די געביידעס און באַגראָבן.

דושקין איז אומעטום געווען און געהוסט.

— שוין מקבר געווען די קריסעס? נאָך נישט?

די ווייבער האָבן זיך אָפּגעשאָקלט.

— ברר, שטאַרבן קאָן מען!

— אַז איר וועט זיי נישט אויסראַמען — האָט לערנער גע־זאָגט — וועלן זיי אייך אויסראַמען.

און אינגיכן איז מען פון זיי פּטור געוואָרן.

אויך מיט די מענטשן אַליין אין די באַראַקן איז געווען אַ סך צו טון. צוגעוווינט שטענדיק צו וווינען באַזונדער, האָבן זיי בשום אופן נישט געקאָנט לעבן צוזאַמען אין די באַראַקן. פּונקט ווען איי־נער האָט געוואָלט שלאָפן, האָט דער אַנדערער געוואָלט זינגען; יונ־גע פּאָרלעך האָבן געהאַט טענות, אלמאי די עלטערע הוסטן זיי אין די אויערן און לאָזן זיי נישט שלאָפן; און עלטערע האָבן געהאַט טענות, אלמאי די יונגע קושן זיך און לעבן צוזאַמען, און מען לאָזט זיי נישט האָבן קיין מנוחה.

טאָג און נאַכט האָט מען אָפּגעהאַלטן דין־תּורהס פאַר לערנערן, באַרעדט זיך, געשלאָגן זיך.

לערנער האָט געפּרוווט מאַכן שלום, יעדן טאָג אויסגעהאָנגען בייע געזעצן, ווען מען דאַרף גיין שלאָפן, ווען אויפהויבן זיך, ביז וואַנען מען מעג צינדן פייער, און פאַר נישט אָפּהיטן די פאָרשריפטן באַשטראָפט—אָבער עס איז אוממעגלעך געווען איינצופירן אָרדנונג.

ווייבער האָבן אַוועקגעקערט דאָס מיסט פון אייגענעם טאַפּטשאַן צו דער שכנה, אונטערגעוואָרפן זיך מיט אומריינקייטן און געקראַכן זיך מיט די נעגל אין די פּנימער און אין די האָר.

טאָג־טעגלעך האָט מען זיך באַגנבעט; אַרויסגעשלעפּט איינער דעם אַנדערן די לעצטע העמדער, שמאַטעס — און מען איז ווידער געקומען צו לויפן מיט דין־תּורהס און געוואַלדן צו לערנערן.

פון די מסירות און דין־תורהס איז געווען אוממעגלעך איבער־צוטראָגן — און לערנער האָט אָנגעהויבן די מענטשן אָפּטיילן איינעם פון אַנדערן, צעשיידן מיט ווענט און ווענטלעך.

גאַנצע טעג האָט ער געפּלאַנעוועט, אָפּגעצוימט, אָפּגעטיילט די באַראַקן.

מען האָט אָפּגעטיילט די אַלטע פון די יונגע; די ווייבער פון די מענער; די קינדער פון די דערוואַקסענע. וויפל נאָר מען האָט געקאָנט, האָט מען דעם באַראַק פאַנאַנדערגעטיילט, מאַסן ווענט און ווענטלעך אַריינגעשטעלט, אַזוי, אַז יעדן זאָל אויסקומען וווינען עט־וואָס באַזונדער.

די קאָנטראָל איז איצט געווען גרינגער, מעגלעכער. יעדער האָט געמוזט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך, נישט געקאָנט אַרויפוואַרפן די שולד אויף אַן אַנדערן, און עס איז געוואָרן שטילער, רויקער

יעדע געביידע, יעדע אַלטע שטאַל, יעדער קאַמער האָט ער אויסגענוצט, לערנער, איבערגעבויט, אויספאַרריכט און די מענטשן פאַנאַנדערגעוואָרפן.

פאַר די קראַנקע האָט מען אַ באַזונדערע געביידע אויפגע־שטעלט.

די האַמערס האָבן נישט אויפגעהערט קלאַפּן און בויען.

דושקין האָט נישט אויפגעהערט איצט הוסטן.

— אַ רגע רו גיט מען נישט — האָט ער געברומט — רק מען קלאַפּט!

נאָר וואָס מער מען האָט געקלאַפּט, געבויט, אַלץ מער רו האָט אָנגעהויבן הערשן אין די באַראַקן, אַלץ ווינציקער זענען געוואָרן די טענות, אַלץ קלענער זענען געוואָרן די געשרייען.

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז אַראָן לוואָוויטש אַוועקגעריטן אין שטאָט און אַהיימגעקומען מיט אַ גאַנצער כאָפּטע דייטשן, שוואַר־בייכי־קע און באַברילטע.

דער ערשטער האָט זיי, ווי אַלע מאָל, באַגעגנט דושקין, אַראָפּגעצויגן פאַר זיי דעם ליטווישן שטייפן זהוט און באַגריסט מיט אַ טיפן נויג.

— גוט מאָרגען, גרויסע העררען!

און באַלד פון זיי איז ער אַוועק אין די באַראַקן און אָנגע־זאָגט די בשורה.

— אָבער איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער איז איינס מיט די דייטשן! — ער האָט זיי שוין געבראַכט.

נאָך אין זעלבן טאָג האָט אַראָן לוואָוויטש אַלע יונגען פאַר־זאַמלט אַרום דער חרובער מיל און זיי איבערגעגעבן די באַבריל־טע דייטשן.

— פאָרוועטס! — האָבן די דייטשן קאָמאַנדעוועט — לאַנגזאַם!

עטלעכע טעג צייט האָט מען געשלעפט קלעצער אין טייך, פאַררילט די הילצערנע שוצן, וואָס פאַרשטעלן ווינטער די קריעס אַרום דער מיל, געשלעפט משאות, געדרייט ביי רעדער — און די מיל האָט אָנגעהויבן גיין.

דערנאָך האָבן זיי דורכגעפלאָכטן דעם הויף מיט אַ סך עלעק־טרישע דראָטן, געמאַכט אַן אייגענע עלעקטרישע סטאַציע, וואָס ציט קראַפט פון שטאַרקן וואַסער־פאַל, און איינגעפירט עלעקטרי אומעטום: אין דער שולע, אין די שטובן, אין קיך, אין באָד און אויך אין די באַראַקן.

— גוטען טאָך! — האָבן זיי געזאָגט אַוועקפאָרנדיק — פאַ!

צו דער פאַרטיקער מיל האָבן זיך אָנגעהויבן ציען פויערישע פורלעך מיט תבואה פון אַלע זייטן. גאַנצע טעג און נעכט האָט די מיל נישט אויפגעהערט קלאַפּן. אַ גאַנץ צענדליק יונגען האָבן געאַרבעט ביי דער מיל; עטלעכע בחורים פון די היימלאָזע, געוועזענע שילער פון שטאָט־שולן, זענען געזעסן אין פאַרמעליקטן קליינעם קאַנטאָרל ביי דער מיל, פאַרשריבן, אָפּגעוויגן די תבואות און פאַר יעדן גע־מאָלטן פוד תבואה אַראָפּגענומען עטלעכע פונט קערנער אַרבעטס־לוין. זעק קאָרן האָבן זיך אָנגעזאַמלט און אַוועקגעפירט געוואָרן אין איי־גענעם שייער, אונטער גראָבע ענגלישע שלעסער.

נאַכט ביי נאַכט זענען אַראָן לוואָוויטש מיט לערנערן געזעסן ביי די מיל־ביכער, געחשבונט, געקאָנטראָלירט — און מיט יעדער וואָך זענען די פּאָרציעס ברויט פאַר די היימלאָזע געוואָרן אַלץ גרע־סער און שווערער.

דערנאָך איז ווידער אַראָן לוואָוויטש אַוועקגעריטן אין שטאָט,

ווידער אָפּגעזוימט זיך עטלעכע טעג און ווידעראַמאָל געבראַכט דייטשן מיט זיך, דייטשן שוין מיט לעדערנע רעקלעך און מיט ברוינע סאַמעטענע הויזן.

באַלד ביים אָנקומען האָבן זיי פאַרטשעפּעט עטלעכע עלעקטרישע שנירן ביי דער מיל, געצויגן גאַנצע עטלעכע קילאָמעטער וועג ביז אין וואַלד אַריין — און אָנגעהויבן מייסטרעווען ביי דער חרובער זעג־מיל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער סאַמע גרענעץ צווישן זאַבאַראַווער פעלדער און וועלדער.

נאָך אַכט טאָג מייסטרעווען האָט די זעג־מיל אָנגעהויבן גיין, ציטערנדיק איינגאַנצן אויף ווי ווייט אַרום זיך.

די דייטשן זענען אַוועק פריילעכע, צופרידענע.

— גוטען טאַך ! — פאַ !

און אַראָן לוואָוויטש האָט צענויפגערופן דעם גאַנצן עולם צו זיך צום קאַנטאָר און געגעבן אַ באַפעל :

— אין וואַלד !

גאַנצע טעג, פון זון-אויפגאַנג ביז זון-אונטערגאַנג, זענען ד' מענער געשטאַנען אין וואַלד. די יונגערע האָבן געשניטן סאָסנעס' פאַפּיר־בוימער. די עלטערע האָבן געהאַקט די צווייגן, געשיילט ד' קאָרע פון די פאַפּיר-בוימער—און אויף דער פאַרראָסטעטער שמאָלער ליניע, וואָס האָט דורכגעשניטן דעם וואַלד, אָפּגעפירט דאָס געהילץ אויף אַ פלאַכן לאַסט־וואַגאָן צו דער ציטערנדיקער זעג־מיל.

די ווייבער זענען אַרומגעקראָכן אין וואַלד, געקליבן שפּענער, צווייגן און קאָרע, געבונדן אין בינטלעך און אַהיימגעטראָגן אין די באַראַקן אַריין, צוגרייטנדיק אויף אַ גאַנצן ווינטער געהילץ.

די קיך האָט נישט אויפגעהערט קאָכן ; די בעקעריי — באַקן ; און די בייטאָרינס מיט די שניידערקעס האָבן גאַנצע טעג גענייט, געשטעפּט און געזונגען.

דאָס האָט מען געגרייט פאַר אַלע ווינטער־קליידער פון די נייע סחורות, וואָס אַראָן לוואָוויטש האָט באַקומען ביי די דייטשן פאַר די ערשטע פאַרטיעס געהילץ.

אין גערויש פון עלעקטרישן זשומען, פון וואַסערדיקן רוישן, פון העקישע און זעגישע הילכן און מאַשינעשע גרעגע־רייען — האָבן זיך דורכגעריסן די קלינגענדיקע קינדערישע געזאַנגען פון דער שולע און פאַרפאַלן געוואָרן אין די עכאָדיקע וועלדער.

## קאפיטל XV

# פריילינג

אין סוף ווינטער פון 1917־טן יאָר, אין די לעצטע טעג פון רוסישן פעברואַר, וואָס די דייטשן האָבן אים שוין דאָ אַריינגערעכנט אין מערץ, האָבן צוויי וויכטיקע געשעענישן אויפגערודערט דעם גוט זאבאראווא, וואָס איז געווען פאַרטון אינגאַנצן אין אַרבעט און באַ־וועגונג.

צוזאַמען מיטן פאַרשווינדן פון די לעצטע פרעסט און שנייען, צוזאַמען מיט די ערשטע לינדע פאַר-פריילינג-ווינטן, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין די לופטן, האָבן טעלעגראַפישע זשומערייען געברומט איבער אַלע פייכטע סלופעס און געטראָגן זיך ראַשיק איבער דער וועלט.

שקאָצים האָבן נישט אָפּגעלאָזן גאַנצע טעג די אויערן פון די טעלעגראַפישע סלופעס, ווי זיי וואָלטן פון זשומען עפּעס וועלן דערגיין.

אַ בשורה, אַ לינדע ערב־פרילינגדיקע בשורה, האָט זיך געטראָגן פון יענער זייט צפון איבער לענדער און שטעט, איבער ימען און פראָנטן, איבער קוילנגרובן און שטעטלעך, איבער פאַרוואָרפענע העקן און דערפער.

— רעוואָלוציע! — רעוואָלוציע אין רוסלאַנד!

מער פון אַלע האָבן די דייטשע טעלעגראַפן־סלופעס געזשומט און געטראָגן די בשורה אין אַלע לענדער פון דער דייטשער הערשאַפט און אָקופּאַציע: אין דייטשלאַנד און אין פּוילן; אין ליטע און אין רומעניע; אין בעלגיע און אין טערקיי; אויף די באַלקאַ־נען און אין אַ שטיק פראַנקרייך. אין פאַרשידענע שפּראַכן — אין דייטש און אין פראַנצויזיש; אין פלאמאנדריש און אין פּויליש;

רומעניש און טערקיש; יידיש און בולגאַריש; ליטוויש און רוסיש; סערביש און אונגאַריש; טשעכיש און שפּאַנאָליש — האָבן די דייטשע בֿאַוואָפֿנטע לייט די בשורה-בלעטער פֿאַנאַנדערגעטראָגן.

און אויך קיין זאבאראווא אין וואַלד איז זי, ווי אומעטום, אָנגעקומען און דורכגעריסן זיך דורכן גערויש פֿון זעגן, העק, געשרייען, עכאָס און געזאַנגען.

אַראָן לוואָוויטש האָט אַזוי געטריבן דאָס פֿערד זיינס פֿון הויף ביזן וואַלד, אַזוי געיאָגט איבער אַלע צעגאָסענע וועגן און בלאָטעס, פֿאָכנדיק מיט דער צייטונג אין דער לופֿט, אַז פֿון ביידע, פֿון אים און פֿון פֿערד זיינעם, זענען גלייכע שנירלעך שווייס גערונען און אַ פֿאַרע האָט געזעצט.

— האַלט! — האָט ער געפֿאָכעט פֿון דער ווייטנס מיט דער צייטונג אין האַנט צו די מענטשן מיט די זעגן און העק, זיי זאָלן אָפּשטעלן די אַרבעט — הערט!

און אויפֿן פֿערד זיצנדיק, איינקלאַמערנדיק די לייצן אין צעיאָגטן, נישט־איינשטייענדיקן פֿערד ביז ווייטיק, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן צו לערנערן און אים איינגעקלעמט אין די אָרעמס.

— נאַ, לייען!

לערנער האָט געלייענט גיך, מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אויף קיין רגע. — און דער גאַנצער עולם, אָנגעשפּאַרט אין די זעגן און העק, האָט אים אַרומגערינגלט אין אַ רעדל, אַרויפֿגעשאַרט די וואַרעמע היט פֿון איבער די אויערן און מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס געהערט.

צו גיך, צו פּלוצלינג איז אַלץ געגאַנגען. גרויסע נייעסן האָבן זיך אין קליינע, קורצע טעלעגראַפֿישע שורהלעך געקלעמט—און לערנערן האָט אָטעם אָנגעהויבן אויספֿעלן. — ער האָט נישט די מעגלעכקייטן געהאַט אָפּצושטעלן זיך, אָפּשאַצן דאָס געלייענטע — און אַלץ האָט זיך ביי אים צונויפֿגעמישט, צונויפֿגעוויקלט.

אַראָן לוואָוויטש האָט זיך נישט אויפֿגעהערט דרייען אויפֿן פֿערד אויף איין אָרט, געשמיסן זיך אַליין מיט דעם שפּיצרוט איבער די פֿיס ביז ווייטיק.

— דער טייוול קאָן נעמען — האָט ער נישט אויפֿגעהערט

מורמלען — דער טייוול קאָן נעמען בלויז פון געדאַנק, אַז איך בין דאָרט נישטאָ...

אין מיטן לייענען איז פון די צעגאָסענע פעלדער און וועגן אַ נייער שליח אָנגעקומען.

זינקענדיק מיט די פיס אין דער ווייכער ערד, שפרייזנדיק נישט מיטן וועג, נאָר איבער פעלד און וואַלד, האָט אַ פרוי אין שוואַרצן זיך געשאַרט גיך און דערנענטערט זיך צום רעדל מענטשן. איר קאָפּ איז געווען פאַרהילט אין אַ שוואַרץ צעריסענעם טוך; איר לאַנג קלייד איז געווען נאָס ביז איבער אַ העלפט; אירע באָרוועסע פיס האָבן געשטעקט אין אָפּענע נישט פאַרשנורעוועטע צעריסענע שיך, און אירע האָר זענען פאַסנווייז אַרויסגעפאַלן פון טוך און געקלעפּט אין בלאַסן פּנים.

— גזלנים! — האָט זי געשריגן, אַריינרייסנדיק זיך אין רעדל מענטשן — אַ פייער ברענט! — קליינע עופהלעך קומען אום, און איר שטייט דאָ!

זי האָט פאַנאַנדערגעוואָרפן די שוואַרצע צעריסענע שאַל, באַוויזן צוויי אויסגעשטרעקטע צוזאַמענגעקלעמערטע הענט און געשאָקלט מיט זיי אין די אויגן פון די מענער

—אויף אָט די הענט איז מיין קינד נאָר וואָס אויסגעגאַנגען!— האָט זי געשריגן — אויף דער מאַמעס האַנט האָט עס די קרענק דערשטיקט! — זעט!

און אין איין מינוט האָבן אַלע פאַרלאָזן אַראָן לוואָוויטשן און אַרומגערינגלט די וויינענדיקע פרוי.

אפילו די צייטונג איז אַרויסגעפאַלן און געוויקט אין דער ערד — און פונקט אַזוי גיך ווי ער איז געקומען, אַראָן לוואָוויטש, האָט ער פּלוצלינג אַ שטויס געטון דעם פערד מיטביידע שפּיץ שפּיול אין די זייטן און אַוועק פון עולם.

— לאַנגווייליק מיט אייך! — האָט ער צוגעוואָרפן — אַהין באַדאַרף מען! — און ער האָט געוויזן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אַהין אויף צפון, פון וואַנען די פרייַלעכע ידיעות גייען, און געיאָגט איבער פאַרגאָסענע פעלדער און וועגן.

דער טויט, — דער טויט, וואָס קומט שטענדיק צו אָרעמע אין

הערבסט און אין פרילינג, האָט זיך פעסט אַריינגעקליבן אין זאַבאַ־ראַווער באַראַקן.

דאָס ערשטע איז געקומען דיפטעריט.

פּלוצלינג ביינאַכט האָט ביי אַ קינד, אַ מיידעלע פון דריי יאָר, געכאַפּט דאָס העלדזל — די מוטער האָט אַראָפּגעצויגן פון פוס אַ זאָק, אָנגעפילט אים מיט אָנגעוואַרעמט זאַלץ און אַרומגעוויקלט דעם קינד דאָס העלדזל — נאָר איידער זי האָט זיך אומגעקוקט, באַלד צו־מאָרגנס, איז עס זיך פאַרגאַנגען אין הוסט, נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן און דערשטיקט געוואָרן ביי דער מוטער אויף די הענט.

אַ שטיק פאַרנאַכט נאָך האָבן אַלע מענער אויפגעהערט פריער די אַרבעט אין וואַלד. מען איז אַוועק איבער די נאַסע פעלדער, לאַנג געזוכט אַ פּלאַץ אויף אַ בית־עולם; מיט לאָפּאַטעס אַוועקגע־שאַרט אַ שטיקל ווייכן פאַרבליבענעם שניי און אַ שמאָלן יידיש־פלאַכן גרוב אויסגעגראָבן אין דער דורכגעווייקטער ערד.

ביי אָנגעצונדענע שטיקער קין האָט מען דאָס קינד באַגראָבן. דושקין האָט אַלע תּפילות ביים קבֿר אונטערהוסטנדיק געזאָגט און צום סוף האָט מען אַ שטיק ברעט דערווייל אַוועקגעשטעלט און גע־מאַכט אַ סימן, וווּ דער קבֿר געפינט זיך.

די מוטער האָט נישט אויפגעהערט שרייען די זעלבע עטלעכע אומזיניקע ווערטער.

— מען האָט זי דאָך, נעבעך, געלאָזט איינע אַליין אין פעלד! איין קינד אַליין אין פעלד!...

קוים מען האָט זי אַוועקגעשלעפּט צוריק אין באַראַק. זי האָט נאָר געוואָלט בלייבן דאָ ביים קבֿר איבער נאַכט.

דערנאָך האָבן אָנגעהויבן אַריבערטראָגן זיך אַהין אַלע טאָג אַנדערע איינוווינער פון באַראַק, איבערהויפּט קינדער.

נאָך דיפטעריט זענען שאַרלעך און פלעקן־טיפוס געקומען, גע־קומען מיטאַמאָל, צוזאַמען מיט די ערשטע ווילדע שפּראָצונ־גען אין וואַלד, וואָס שניידן זיך דורך דורך די שנייען; געקומען צוזאַמען מיט די ערשטע נידעריקע גרינע ווינטער־קאָרנס, וואָס קוקן אַרויס פון די פאַרגאָסענע פעלדער, — און אָנגעהויבן גיין פון בעט צו בעט, פון טאַפּטשאַן צו טאַפּטשאַן און שניידן זייער שניט.

דושקין האָט נישט אויפגעהערט מטהר זיין טויטע און זאָגן אל מלא רחמימס מיט אַ הוסטנדיקער זינגנדיקער שטים.

דאָס בית-הקברות אין פעלד האָט זיך געשפּרייט. אפילו אַ צוים אָן אייגענע פון פאַרראָסטעטע שטעכעדיקע דראָטן האָט עס שוין געהאַט.

און וואָס געדיכטער עס איז געוואָרן אויפן בית-הקברות, אַלץ שיטערער איז געוואָרן אין באַראַק. אַלץ, וואָס מען האָט אויסגעבויט מיט אַזוי פיל מי און מאַטערניש, איז געוואָרן צערינען, צעבראָקלט — אַלץ, וואָס מען האָט איינגעשטעלט, איינגעסדרט, — איז צוריק אַרויס פון די הענט, צונישט געוואָרן.

דאָס פייער האָט געברענט העליש, גיך, גיריק.

לערנער מיט גנענדלען האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי אויף אַ שרפה, געאַרבעט, געראַטעוועט — און אין געראַטעוועטן האָבן זיך ווידער פלאַמען פאַרטראָגן און ווייטער פאַרלענדט.

אין שולע איז געווען אוממעגלעך עפּעס צו טון.

נאָך יעדער קראַנק קינד האָט גנענדל אויף ס'ביי אַרויסגעלאָזן די קינדער, אַוועקגעפירט זיי אין באָד, אויסגעקאָכט זייערע מלבושים און די שולע דיזענפעקציאָנירט — נאָר איידער מען האָט אָנגעהויבן לערנען, איז שוין ווידער אַ קינד קראַנק געוואָרן — און דאָס רייניקן האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָס ניי.

נישט האַלטן די קינדער אין שול איז נאָך ערגער געווען — אין די באַראַקן זענען זיי גאָר געפאַלן, ווי די פליגן אין די לעצטע טעג זומער אויף פייכטע קאַלטע ווענט.

גאַנצע טעג איז לערנער געווען אין די באַראַקן. מיט אַ ווייס פאַרטוך און מיט אַ שטעקן אין האַנט, צו פאַרשטעלן זיך פון די ברוד־דיקע מאַמעס, וואָס טראָגן די פאַרשפּרייטער פון טיפוס אין זייערע קליידער און האָר, —איז ער אַרומגעקראָכן איבער די באַראַקן, גע־גאַנגען פון בעט צו בעט, פון טאַפּטשאַן צו טאַפּטשאַן, און געזוכט קראַנקע.

זיי האָבן אויסבאַהאַלטן די קראַנקע זייערע די מענטשן פון די באַראַקן.

לערנער האָט געגעבן באַפעלן, געשריגן:

— נישט צוגיין צו קיין קראַנקן!

נאָר די ווייבער האָבן אים נישט געהערט.

אַלע האָבן זיי זיך אַרומגעזעצט אַרום די בעטן פון די קראַנ־קע, אָנגעשפּאַרט זיך אין די בעטגעוואַנטן און שמאַטעס און געשאָקלט מיט די קעפּ.

— ווייט איך וואָס! — האָבן זיי געטענהט — אַז ס'איז באַ־שערט, קאָן אפילו קיין טאָטער נישט העלפן...

לערנער האָט אויף גיך אַ זייטיק שפּיטעלעכל געלאָזט אויסריי־ניקן — ער האָט אַוועקגעשיקט אין די זייטיקע דערפער נאָך פורן שטרוי און אויף טאַפּטשאַנעס און ברעטער געלעגערס געלאָזט אויס־בעטן, ענלעך צום שפּיטאָל ביי דער בריק, וווּ ער איז ביים דאָק־טאָר גריגאָרי דאַווידאָוויטש געווען.

ער האָט דעם שפּיטאָל מיט שטעלעדיקע דראָטן געלאָזט אַרומ־צוימען, עטלעכע מיידלעך, אַזעלכע, וואָס האָבן שוין טיפוס דורכגעמאַכט, פון דער קיך צוגענומען, געלערנט זיי ווי אַזוי אַרום אַ קראַנקן אַרומצוגיין און זיי פאַר „שוועסטער" געמאַכט

— זעט! — האָבן די מיידלעך געשריגן איבערן הויף, קאַטשנ־דיק זיך פון געלעכטער — מיר זענען דאָך שוועסטער געוואָרן! — ווי געפעלט אייך!

מער ווי אַלעמאָל האָט ער איצט געדאַרפט אַראָן לוואָוויטשעס הילף, זיין עצה, זיין אויטאָריטעט ביי די מענטשן, זיין הילף ביי דעם קרייז־שעף. עס זענען נישט געווען פאַרן שפּיטאָל קיין העמ־דער, קיין ליילעך, קיין האַנטוך, קיין מעדעצין.

אָבער אַראָן לוואָוויטש איז איצט זעלטן געווען אין דאָרף. פונקט מיטן זעלבן ברען, ווי ער האָט פריער געאַרבעט פאַר די היימלאָזע, אַזוי איז ער איצט געווען נאָר פאַרטון מיט דאָרט, מיט רוסלאַנד, פון וואַנען די ציימונגען האָבן געבראַכט פולע זייטן מיט נייעסן. — זינט די ערשטע צייטונגען האָבן מיט פעטן שוואַרצן שריפט די רויטע נייעסן פון צפון געבראַכט, האָט אַראָן לוואָוויטש מער נישט געלעבט מיט קיין שום אַנדערער זאַך, אויסער מיט דעם, וואָס טוט זיך דאָרט.

ער האָט שוין פון לאַנג, נאָך זיצנדיק אין טיפליס פאַר דער

קריג, נאָך אַרומפּאָרנדיק איבער די גרויסע רוסישע שטעט און פֿאַר-דינענדיק מיליאָנען, געהאַט שטילע סימפּאַטיעס צו זיי, צו די גלאַט-האָריקע באַברילטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן און גלאַט-פֿאַרקעמטע ווײַבע און עקשנותדיקע רעוואָלוציאָנערקעס, וועלכע ער האָט אַ סך געקענט.

נישט איינעם פֿון זיי האָט ער אויסבאַהאַלטן בײַ זיך גאַנצע וואָכן אין זײַן רײַכער וווינונג; נישט פֿאַר איינעם האָט ער זיך באַמיט בײַ נאַטשאַלסטווע, און יעדער מאָל, וואָס עס איז נויטיק געווען, האָט ער די אײַזערנע קאַסע געעפֿנט און שווערע טויזנטער געהיים די מענטשן געגעבן.

ער האָט אַ סך פֿון די מענטשן געקענט, געוווּסט — און זעענדיק איצט זייערע נעמען אין די בלעטער, הערנדיק איצט וועגן זיי, לייענענדיק זייערע רעדעס, רעזאָלוציעס און וועגן דער גרויסער ראָל, וואָס זיי פֿירן, האָט אים דאָס האַרץ געוואַקסן און געקלעמט גלײַכצײַטיק.

— און מיר זיצן דאָ, צום טײַוול! — האָט ער נישט אויפֿגעהערט קלאָגן זיך און קלאַפּן אין טיש.

ער האָט זיי אײַנפֿאַך נישט פֿאַרגונען די גרויסע אַרבעט, די גרויסע מעגלעכקייטן אויסצולאָדן די ענערגיע.

זעלטן אַז ער איז געקומען קיין זאבאראווא. אויף גאַנצע וואָכן פֿלעגט ער פֿאַרפֿאַלן ווערן און אַרײַנפֿאַלן פּלוצלינג אין דאָרף אומגעריכט און מיט פֿולע פּעק צײַטונגען אין אַלע קעשענעס.

— נאַ, לייען!

לערנער האָט אים דערציילט וועגן די עפּידעמיעס אין באַראַק. אַראָן לוואָוויטש האָט נישט געהערט.

לערנער האָט אים אָנגעוויזן אויף אַלץ, ווי עס צעפֿאַלט, ווערט אַ תּל.

אַראָן לוואָוויטש האָט נישט געזען.

זײַנע אויגן האָבן געקוקט ווײַט פֿאַר זיך, ווי ער וואָלט זען דאָס אַלץ, וועגן וואָס די בלעטער שרײַבן, און ער האָט געקלעמערט די הענט פֿון אויפֿרעגונג און אומגעדולד.

— אָך, ווי מען קאָן דאָרט צעפֿירן די הענט! — האָט ער

גערעדט מײ היץ און די אויגן האָבן בײ אים געשײנט מיט אַ פּאָס־פּאָרישן גלאַנץ.

אַלע לערנערס עצות און מײנונגען װעגן זאַבאַראַװאַ זענען אפילו צו זײנע אויערן נישט דערגאַנגען.

— לאַנגװײליק! — האָט ער געזאָגט, אָפּטרײבנדיק זײ פון זיך, װי פון אַן אײנגעגעסענער פליג — פּוסטיאַקי!

אויך לערנער האָט אָפּט געפּרוּװט זיך פאַרגעסן אין זאַבאַראַװאַ און מיטגעריסן געװאָרן צוזאַמען מיט אַראָן לװאָװיטשן.

גיך זענען די נאַכריכטן פון יענער זײט געגאַנגען, — גיך, משונהדיק און צעפּלאָנטערט.

די דײטשע צײטונגען זענען געװען פול. אַלץ איז געגאַנגען צוזאַמען: גרױסע שטרײקן, מאַניפעסטאַציעס, רױטע פענער, רעדעס, רעװאָלוציאָנערע קאָזאַקן, אַרעסטירטע מיניסטאָרן, גענעראַל איװאַנאָװס מאַרשן, צעשיסונגען פון אָפיצירן, טעלעגראַמעס פון דער קײזערין צו ניקאָלאַיען קײן מאָהילעװ, ניקאָלאַיס אַבדיקאַציע, באַפעלן פון דער צײטװײליקער רעגירונג און אַרבעטער־און־סאָלדאַטן־ראַטן.

פון װײטן סיביר, פון קאַטאָרגעס און פאַרשיקונגען, פון אויסלאַנד, זענען מחנות רעװאָלוציאָנערן געקומען, רעװאָלוציאָנערן, פון װעלכע לערנער האָט נאָר אַמאָל געהערט דערמאָנען בסוד, געלײענט נאָר זײערע שלעכט־געדרוקטע פּליס־פּאַפּירענע טרפהנע בראָשורקעס און בלעטלעך. איצט האָבן זײערע נעמען פאַרנומען אַ סך פּלאַץ אין די דײטשע בלעטער, פול איז געװען מיט זײ און מיט זײערע מײנונגען, און מיט זײערע כיבודים, װאָס מען גיט זײ אָפּ, און מיט זײער גרױסער ראָל, װאָס זײ שפּילן.

— קום אַװעק! —האָט אַראָן לװאָװיטש געזאָגט לערנערן— אַהין דאַרף מען! — מירן זיך שוין דורכרײסן!

נאָר גענוג געװען דער ערשטער געװײן פון אַ יידענע זאָל זיך דערהערן הינטער די פענסטער, און לערנער האָט איבערגעלאָזן אַראָן לװאָװיטשן מיט די צײטונגען און אַראָפּ אין גרױסן הויף, דערגײן װאָס מען דאַרף טון.

אַלץ האָט ער איצט אַלײן געמוזט טון, לערנער. אומעטום איז ער געװען, אומעטום געלאָפן, געאַרבעט.

ער איז געפאָרן אַליין אין שטאָט צום קרייז־שעף, דערציילט וועגן דער עפּידעמיע און געבעטן הילף. נאָר דער קרייז-שעף איז אַנטלאָפן פון שטוב.

— ווי וואַגען זי דען מיט פלעק־פיבער ריינצוקומען? — האָט ער געשריגן און אַנטלאָפן ווי פון אַ שרפה — לאָז! — וועק!

נאָך גרויס מי האָט מען אים מיטגעשיקט אַ יונגן אָפיצירל, אַ סטודענט אַ מעדיקער. דער אָפיצירל האָט אַ סך פּאַפּירן אָנגעהאָנגען אין שפּיטאָל, אַ סך פלאַקאַטן אומעטום געלאָזט אויסקלעבן, פלאַקאַטן מיט אויסגעמאָלטע גרויסע פליי און אומפלייט — ער האָט געהייסן אַן איזאָלאַציע-הויז אַוועקשטעלן. דאָרטן האָט מען אַלע געזונטע מיטגלידער פון דער קראַנק־געוואָרענער טיפוס-משפחה אַריינגעפּאַקט און געשטעלט אַ יונג אויף דער וואַך, ער זאָל היטן.

אָבער די עלטערן האָבן נישט געוואָלט שיקן די קראַנקע אין שפּיטאָל, נישט אַליין גיין אין איזאָלאַציע.

—מיר'ן נישט אַוועקגעבן אונזערע קינדער אין פרעמדע הענט— האָבן מאַמעס געשריגן — אויב באַשערט שוין, חלילה, שטאַרבן, זאָלן זיי שטאַרבן אויפן אייגענעם בעט...

גאַנצע טעג איז ער געווען אויף די פיס, לערנער. ער האָט געפּרוווט מיט גוטן, אויסווייזן, אַז דער שפּיטאָל מיט דער איזאָלאַציע זענען נישט קיין גזרה, נאָר אַ טובה, נאָר קיינער האָט נישט געגלויבט.

— טשעפּעט אונז נישט — האָבן די מענטשן געענטפערט — מיר ווילן נישט אייער האָניק, מיר ווילן נישט אייער גיפט...

לערנער האָט אָנגעהויבן מיט תקיפות.

ער איז געגאַנגען פון בעט צו בעט, פון טאַפּטשאַן צו טאַפּטשאַן, געזוכט קראַנקע אין די געלעגערס, אין די שמאַטעס. מאַמעס האָבן זיך אים קעגנגעשטעלט, צעדראַפּעט אים די הענט, דאָס פּנים, און ער האָט איינפאַך מיט כוח זיך געווערט. פון מאַמעס הענט האָט ער קינדער אַרויסגעריסן און אָפּגעשיקט מיט צוויי מענטשן אויף אַ טראָג-בעטל אין שפּיטאָל אַריין.

די מוטערס זענען נאָכגעלאָפן ווי נאָך אַ לוויה און געשריגן:

— גזלן! מערדער! — גיט אָפּ דאָס קינד!...

ער האָט מיט געוואַלד אַוועקגעטריבן די געזונטע אין איזאָ־לאַציע, — אַרויסגעריסן בעטגעוואַנט נאָך קראַנקע און מיט מענטשן אָפּגעשיקט אין דעזינפּעקציע. ער האָט שטרוי געלאָזט אַרויסוואַרפן, שמאַטעס פאַרברענט. — צוזאַמען מיטן רויך זענען געגאַנגען צום הימל געשרייען, געוואַלדן פון די מענטשן, אַלמאַי מען פאַרברענט זייער האָב און גוטס.

אַרומגייענדיק מיטן ווייסן פאַרטוך, מיטן שטעקן אין האַנט, מיט צוויי מענטשן אין אַ זייט, וואָס טראָגן שטענדיק גרייט זייער לייוונטן טראָג־בעטל, האָט מען אים געווייכט, אַנטלאָפן פון אים.

— מענטשן, דער מלאך־המות גייט! — האָט דושקין אָנגעזאָגט אין באַראַק, זעענדיק אים פון ווייטנס.

און מען איז זיך צעלאָפן פאַר אים.

גנענדל האָט געאַרבעט אין שולע, באַזאָרגט עסן אין קיך פאַר די קראַנקע, געטון לערנערס פריערדיקע אַרבעטן. — זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו עסן, צו שלאָפן — נאַכט ביי נאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, האָבן זיי שעהן לאַנג זיך געוואַשן, גערייניקט, איבערגע־קוקט די מלבושים אויף זיך און דיזענפעקציאָנירט.

יעדער פרימאָרגן, אַז מען האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט מען באַגעגנט דעם טאָג ווי אַ מתּנה, אַ גליק.

— בנימין, לעבסט? — האָט גנענדל געפרעגט אין שפּאַס, עפּענענדיק די אויגן באַלד אין דער פרי.

— יאָ. — און דו?

— איך אויך.

— איז גוט! — האָבן זיי ביידע געזאָגט און אַוועק צו דער אַרבעט, געקראָכן דעם טויט אין די אויגן אַריין.

זיי האָבן אָפּט אַזוי געהאָרעוועט, אַז באַנאַכט זענען זיי אַוועק־געפאַלן אין אָנטועכץ אויפן בעט, נישט האָבנדיק קיין כּוח זיך אויס־צוטון. — אָבער דאָס האָט נישט געאַרט. די אַרבעט האָט אַזוי פאַר־כאַפּט, אַז מען האָט אַפילו קיין צייט נישט געהאַט טראַכטן וועגן דער אָנשטרענגונג, וועגן דער מי.

אָנגעהויבן אַרן האָט אַן אַנדער זאַך — נאָך עטלעכע וואָכן אַרבעט, האָט אָנגעהויבן זיך אַריינגנבענען אַ צווייפל, אַ נישט־זיכער־

קייט אין דעם, וואָס מען טוט, — און דאָס האָט געפּרעסן, גענאָגט.

דער יונגער מעדיקער, דער דייטש, וואָס האָט בלויז אַ קורצע צייט געאַרבעט אין אַ כירורגישן שפּיטאָל, האָט נישט געוווסט ווי אַזוי מען גייט צו צו אַ קראַנקן. אפילו קיין הויט-איינשפּריצונג האָט ער נישט געוווסט ווי אַזוי מען מאַכט און געהייסן עס טון די „שוועסטער“, וואָס זאָבן נאָך ווינציקער געוווסט פון אים אַליין. שטייענדיק ווי ווייט ביי דער שוועל, האָט ער געהייסן פון ווייטנס זיך ווייזן די צונג און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס׳גוט! ס׳גוט!

די „שוועסטער“ האָבן זיך צו די קראַנקע נישט צוגערירט, נישט געמאָסטן די היץ, נישט דערלאַנגט קיין ביסל וואַסער. גאַנצע טעג זענען זיי אָפּגעזעסן ביים דייטש אין צימערל און זייערע געלעכטערס האָבן זיך געטראָגן איבער אַלע בעטלעך און שטרוי־געלעגערס.

לערנער האָט געפּרוווט זיך מישן, נאָר דער דייטש, דער אָפיציר, האָט זיך אָנגעצונדן. אָנשרייענדיק אויף אים, אַז מיט זיין קומען אין שפּיטאָל וויל ער די גאַנצע דייטשע אַרמיי מיט טיפוס אָנשטעקן, — האָט ער אים שטרענג פאַרווערט אין שפּיטאָל מער אַריינקומען.

קיין צוטריט! — האָט ער געשריגן און געקלאַפּט מיט די טירן.

פון איזאָלאַציאָנס-הויז זענען מאַמעס אַנטלאָפן, אָוועקגעשטעלט זיך ביי די דראָט־פאַרצוימונגען פון שפּיטאָל און געיאָמערט:

— אַריין לאָזט צו מיין קינד! — אַריין!

און לערנער האָט זיך נישט געקאָנט באַווייזן פאַר זיי. ער האָט געפילט אַלע אויף זיין געוויסן. יעדער נייע קינדערישע לוויה האָט אים צעבראָכן, צעטראָגן.

— „דער מלאך המות גייט“ — האָט ער געהערט ווייבערישע מורמלען וועגן זיך און ער האָט אַליין מורא געקריגן פאַר דעם קלאַנג.

די שטענדיקע געוויינען האָבן אים צעטרייסלט. אין אַלץ האָט ער געהערט געוויין — אין בלאָזן פון די ווינטן, אין רוישן פון די

בוימער, איז באַנאַכטיקן וואָיען פון אַ וואָלף, אין מיאוקען פון די קעץ אויף די דעכער.

ביז דאָס, פּאַרוואָס ער און גנענדל האָבן אַזוי מורא געהאַט, איז ענדלעך געקומען.

אַ קנאַפּן מעת-לעת האָט ער דעמאָלט שווער געאַרבעט לערנער.

מיט אַ נאַכט צוריק, פּאַרטאָג נאָך, האָבן ווייבער געקלאַפּט אים אין טיר און אַרויסגעריסן פון שלאָף.

— אַן אומגליק אַ גרויסער! — האָבן זיי געשריגן און געלאַכט — טעמע גייט דאָך צו קינד!...

ביי לערנערן זענען די אויגן געוואָרן טאָפּלט גרויס.

— טעמע? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— יאָ, טעמע אָן די פיס — האָבן די ווייבער געזאָגט — זי האָט שוין דעם גאַנצן באַראַק איפגעוועקט מיט די געוואַלדן — און קיין באָבע איז נישטאָ...

אָנשטאָט אויפרעגונג האָט לערנערן אַ געוואַלדיק געלעכטער אַרומגענומען.

— משוגע צו ווערן ביי אייך! — האָט ער געשריגן און געלאַכט — טעמע אָן די פיס?...

— וואָס איז? — האָבן זיך די ווייבער באַליידיקט — און אַז אָן פיס קאָן מען שוין גאָר צו קינד נישט גיין? פאַר אַ מאַנסביל איז אַלץ אַ מאכל...

מיט גרויס מי האָט מען טעמען איבערגעטראָגן צום אויוון, וווּ עס איז וואַרעמער. לערנער האָט אויסגעזוכט אין שפּייכלער לייוונט, באַנדאַזשן, אַרויסגעגעבן די ווייבער, געשיקט אַוועק אַ יונג מיט אַ פערד און וועגעלע זוכן אַ באָבע צווישן די פאָרערטעס אין די דערפער, און געהייסן זיך קומען אָנזאָגן, ווי נאָר זי וועט געבוירן.

— מ׳וועט אייך מכבד זיין מיט קוואַטער! — האָבן די ווייבער נאָכגעשריגן, קאַטשנדיק זיך פון געלעכטער. — לאָמיר נאָר געפינען דעם טאַטן דעם שיינעם מענטש...

— געוואַאַאַלד, אַ שטיין ליגט מיר אין בויך — האָט טעמע געשריגן מיט שרעקלעכע קולות — מאַמעלע!

לערנער איז גיך אַוועק לענגאויס דעם באַראַק, גרייט זיך

נעמען צו זיינע אַרבעטן, נאָר ביים טיר האָט אים אַ פֿאַרשטיקט קרעכצן אָפּגעהאַלטן.

—אוי! — האָט זיך געטראָגן אַן אַלט פֿאַרדומפּן קרעכצערײַ— אוי, איך וויל נישט שטאַרבן! — ניין!

— ווער ליגט דאָ? — האָט לערנער געפֿרעגט.

— אוי, איך וויל נישט שטאַרבן! — האָט די זעלבע פֿאַרדומפּענע שטים געענטפֿערט דערויף.

לערנער האָט אויפֿגעוועקט אַ שכן. יענער האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— שוין עטלעכע וואָכן אַזוי. רק ער רעדט דאָס אייגענע, דער אַלטער נאַר, — לאָזט נישט שלאָפֿן.

לערנער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און אין דער קנויל שמאַטעס דערקענט דעם אַלטן פּייוויש דעם ניקאָלאַיעווער.

מיט עטלעכע חדשים צוריק איז ער נאָך געווען אַ געזונטער ייד. ביי זיינע עטלעכע און ניינציק יאָר איז ער נאָך געגאַנגען צו־פֿוס און דערציילט מעשיות פֿון דער סלוזשבע ביי ניקאָלאַיען דעם ערשטן, ווו ער האָט געדינט גאַנצע פֿינף און צוואַנציק יאָר.

דורך דער צייט פֿון דער עפּידעמיע האָט זיך קיינער אויף אים נישט אומגעקוקט. ער האָט אויפֿגעהערט מיטאַמאָל אַראָפּגיין, רירן מיט די פֿיס — נאָר קיינער האָט זיך מיט אים נישט אינטערעסירט, איז ער זיך געלעגן אַזוי אין שטרוי, אין אַ ווינקל, אין אומריינקייט. אַלע האָבן זיך פֿון אים דערווייטערט, בלויז פֿון צייט צו צייט האָט אים עמעצער צוגעוואָרפֿן אַ שטיק ברויט, פֿון וועלכן ער האָט עפּעס אָפּגעביסן און דאָס איבעריקע אַוועקגעוואָרפֿן אין שטרוי.

די מייז האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אין זיין געלעגער, געפּישטשעט, געגריזשעט און געשפּרונגען אים איבערן לייב, נאָר ער האָט זיי נישט געקאָנט אָפּטרייבן.

דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געקאָנט, זענען געווען עטלעכע ווערטער רעדן — און ער האָט זיי כּסדר גערזאָגט.

— אוי, איך וויל נישט שטאַרבן.

לערנער איז אויפֿגעציטערט געוואָרן זעענדיק דעם אַלטן.

— וואָס האָט איר מיר נישט דערציילט? — האָט ער זיך גע־בייזערט אויף די מענטשן אין באַראַק.

— ווער ווייסט אים! — האָבן די מענטשן געענטפערט — אַ קשיה, וואָס אַן אַלטער רעדט!

— מיר האָבן מיט זיך צו טון — האָבן די ווייבער געזאָגט.

— מען דאַרף אים אָפּוואַשן! — האָט לערנער געזאָגט.

— שוין גיי איך! — האָבן די יידן געזאָגט און זיך אָפּגע־קערט.

— מען זאָל מיך אָפּגילטן — האָבן די ווייבער צוגעגעבן — ברירה!

לערנער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אַליין ווייזן אַ ביישפּיל — ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו דער קנויל, אָנגעהויבן זיך פּאָרען און גערופן:

— העלפט צו!

עטלעכע יונגען זענען צו צו דעם אַלטן, געפּרוווט הייבן—נאָר ער האָט געשריגן געוואַלד.

— לאָזט אָפּ! ראָזבאָיניקי! — איך וויל נישט שטאַרבן.

לערנער איז געגאַנגען צום דייטשל דעם מעדיקער, נאָר ער האָט נישט געוואָלט צוגיין אפילו צום אַלטן.

— אין שטאָט אים אַוועקפירן! — האָט ער באַפוילן.

מיט גרויס מי, מיט אַלע שמאַטעס און שטרוי, האָט מען דעם אַלטן אַרויפגעפּאַקט אויף אַ וואָגן און אים אַוועקגעפירט אין דער נאָ־ענטער שטאָט.

אַ גאַנצן טאָג האָט לערנער זיך אַרומגעשלעפּט מיט דער קנויל שמאַטעס פון שפּיטאָל צו שפּיטאָל, קיינער האָט אים נישט געוואָלט צונעמען.

— דאָס איז נישט פון אונזערע קראַנקע — האָט יעדער שפּי־טאָל-דאָקטאָר געטענהט — ביי אונז איז פאַר אָנגשטעקנדע...

— און ביי אונז איז איבערפולט — האָט אַן אַנדערער צוגע־וואָרפן — מיר'ן נישט נעמען...

די קנויל האָט נישט אויפגעהערט זאָגן דאָס זעלבע:

— אוי, איך וויל נישט שטאַרבן... ניין...

ערשט פֿאַרנאַכט האָט לערנער ענדלעך מיט געוואַלד זיך אַריינגעריסן אין אַ שפּיטאָל און נישט געוואָלט אַוועק.

— איך וועל נישט צוריקפֿירן! — האָט ער געזאָגט פֿעסט — דאָ זאָל ער שטאַרבן...

דער דאָקטאָר האָט געמוזט נאָכגעבן — לערנער מיט די שפּי־טאָל־דינער האָבן די קנויל אַרויפֿגעטראָגן אין שפּיטאָל גלייך אין אַ וואַנע אַריין. די דינער האָבן געדרייט מיט די נעזער, לערנער האָט אַוועקגעריסן דעם קאָפּ. נאָר אָט זענען צוויי נאָנעס אַריינגעקומען, יונגע שלאַנקע נאָנעס מיט ברייטע שוואַרצע קליידער און ווייסע טשיפּיקעס. אָן איין וואָרט, אָן איין דריי מיט דער נאָז, האָבן זיי די קנויל פֿאַנאַנדערגענומען, אָפּגעוואַשן און אַריינגעזעצט אין וואַנע.

— פֿון ווערעם אויפֿגעפֿרעסן — האָבן זיי געזאָגט — לעבעדי־קערהייט פֿון ווערעם צעפֿרעסן, זעט!

לערנער האָט דערזען אין וואַנע ווי אַ גאַנצער שטראָם אומ־פֿלייט הויבט זיך אויף. נאָר ער האָט מיטן קאָפּ נישט פֿאַרדרייט, בלויז געשעמט האָט ער זיך, געשעמט זיך פֿאַר די צוויי ווייבער אין שוואַרצע קליידער און ווייסע טשיפּיקעס, וואָס האָבן אַזוי נאַטירלעך און גלייך געטון זייער אַרבעט.

אַרויסגענומען פֿון וואַנע האָט מען די קנויל אַ טויטע.

— איך וויל נישט שטאַרבן! — האָט ער נאָך געזאָגט צום לעצטן מאָל און אויסגעגאַנגען.

לערנער האָט פֿאַרברענט דאָס שטרוי און די שמאטעס אויפֿן שפּיטאָל-הויף און דעם פֿערד אַ סך מאָל אַריינגעשמיסן.

— וויאָ! — האָט ער אים אונטערגעגעבן חשק — לעבעדיק!

ער האָט נאָך געוואָלט באַווייזן אָנצוקומען אַהיים נישט גאָר שפּעט און זיך אַרומוואַשן אינגאַנצן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט הייס וואַסער, אָפּשווענקען פֿון זיך יעדער טיפֿוס־טרעגער.

נאָר ער האָט שוין געהאַט דעמאָלט ביי זיך דעם טיפֿוס פֿון פֿערצן טאָג צוריק, געהאַט אים אַליין נישט וויסנדיק.

און ווי נאָר ער האָט זיך נאָכן באָד געלייגט אין בעט, האָט גנענדל עס גלייך דערפֿילט און אויפֿגעציטערט.

— בנימין — האָט זי געזאָגט — דו גליסט!

לערנער האָט איר נישט געגלויבט.

— לאָז שלאָפן — האָט ער געזאָגט — איך פּאַל פון מידקייט!

נאָר אין דער פרי האָט אים דער טערמאָמעטער געוויזן הע־כער ניין און דרייסיק גראַד און ער האָט געמוזט נאָכגעבן.

— ענדלעך! — האָט ער געזאָגט — און נישט לאָזנדיק רופן קיינעם צו זיך, נישט לאָזנדיק זיך אפילו אונטערהאַלטן אונטער דער האַנט פון גנענדלען, איז ער אַוועק צופוס אין שפּיטאָל און געזאָגט צום דייטשן אָפיצירל דעם מעדיקער מיט נצחון:

— יעצט קאָנען זי מיר, ענדלעך, קיין צוטריט נישט פאַרביטן, ניכט־וואַר?

— מעהר דיסטאַנץ! — האָט דער אָפיצירל געענטפערט, אָפּ־רוקנדיק זיך הינטער זיך — לעגען זי זיך, ביטע, היער!

די „שוועסטער” האָבן אים באַדויערט.

— אַזוי לאַנג האָט דער וואָלף געטראָגן שעפּסעלעך ביז מען האָט דעם וואָלף אַליין געבראַכט צוטראָגן...

לערנער האָט זיך אַוועקגעלייגט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין קישן, וואָס גנענדל האָט אים שוין באַוויזן אַריינצופירן אין שפּיטאָל, און גלייך איז אים געוואָרן גוט, אָן א שיער גוט. גלייך מען וואָלט אים מיטאַמאָל אַ געוואַלדיקע שווערע משא אַראָפּגענומען פון זיין רוקן.

דער גאַנצער הויף, אַלע געביידעס, קיכן, מענטשן, עפּידעמיעס זענען אים פּלוצלינג אַראָפּ פון קאָפּ — בלויז אַ וואַרעמקייט, אַ הייס־קייט האָט אים אַרומגענומען, אַ הייסקייט, וואָס מאַכט מיד, שלעפּע־ריק און פאַרגעסנד גלייכצייטיק.

— ס׳איז גוט! — האָט ער אַ מורמל געטון צו זיך אַליין און גלייך פאַרגעסן די גוטסקייט אויך.

ער איז אַריינגעפאַלן אין קאָשמאַר.

— — — — — — — — — — — — —

נאָך שווערע טעג פון פאַרצערנדיקער היץ, פון קאָשמאַרן, האַ־לוצינאַציעס, חלומות און רעדעניש פון שלאָף; נאָך עטלעכע מאָל אַראָפּשפּרינגען פון בעט און גיין אין בלויזן העמד אויף אַטאַקעס; נאָך שרייען אַ סך מאָל פאַרשידענע אויסרופן צו בריק־אַרבעטער;

פּאָכן מיט די הענט און רעדנדיק אין פיר שפּראַכן אַ סך אומגעבונ־
דענע רייד, האָט ער זיך ענדלעך אויפגעכאַפּט, לערנער, אינגאַנצן
נאַס, ווי אין אַ טייך שוויס, און דערזען אַ מיידל אין אַ ווייס טיכל
אויפן קאָפּ נעבן זיך.

— איר וועט שוין לעבן! — האָט דאָס מיידל געזאָגט—אַ גאַסט
פון יענער וועלט...

— גיט מיר אַ האַנדטוך! — האָט לערנער שטיל געזאָגט —
אוף, ווי הייס מיר איז!

דורך דעם פענסטער האָט אַ זון אַריינגעשיינט, אַ וואַרעמע
זון, אַ שטיק זון־ליכט האָט זיך אַרויפגעכאַפּט צו לערנערן אויף דער
קאָלדרע און לערנער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און געוואָלט זי
כאַפּן.

— ס׳גוט — האָט ער געזאָגט דאָס זעלבע, ווי ביים לייגן
זיך, נאָר איצט האָט ער געפילט די גוטסקייט אַלע מאָל מער,
שטאַרקער. פון דרויסן האָט אַ הון געקוואָקעט, געקוואָקעט געדיכט,
הויך, ווי זי וואָלט האַלטן ביי לייגן אַן איי — און דאָס דאָזיקע
קוואָקען האָט לערנערן אָנגעפילט מיט אַ געוואַלדיקער פרייד.

— ס׳גוט! — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט און געפילט די
גוטסקייט, געפילט זי שטאַרק. נאָך קיינמאָל אין לעבן האָט ער נישט
געפילט, אַז די זון זאָל זיין אַזוי גוט. — ער האָט געפילט דאָס לעבן
ווי מיט די הענט אָנצוטאַפּן.

נאָך עטלעכע טעג ליגן, עסנדיק מיט גרויס אַפּעטיט די
מאכלים, וואָס גנענדל האָט אים אַריינגעשיקט, און לייענענדיק צום
צענדליקסטן מאָל אירע זעלבע קורצע בריוועלעך, געשריבן מיט בליי־
שטיפט און בייגעלייגט צום עסן, איז ער אַראָפּ פון בעט און גע־
הייסן זיך געבן דאָס אָנטון.

— נאָך צו פריה — האָט דער אָפּיצירל געזאָגט פון דער־
ווייטנס שטייענדיק ביי דער טיר.

— ס׳מאַכט נישט! — האָט לערנער געענטפערט און געקראָכן
איבער דעם שפּיטאָל, באַמיענדיק זיך נישט צו פאַלן.

— ווען זי וואָללען! — האָט דער דייטש געענטפערט גלייכ־
גילטיק — דאָס איז מיר שליסליך גאַנץ עגאַל.

אַרויסגייענדיק פון שפּיטאָל, פאַרבייגייענדיק מיט וואַקלענדיקע טריט פאַרביי דעם איזאָלאַציאָנס־הויז, האָט מען אים באַגעגנט מיט אָוואַציעס. פון אַלע פענסטער האָט מען געשריגן:

— קוקו! דער מלאך־המות גייט!

לערנער האָט גיך, מיט אַלע קרעפטן, דורכגעשאַרט זיך איבער דעם הויף און גלייך ביים טירל אַריינגעפאַלן גנענדלען אין די אָרעמס.

— בנימין!

— גנענדל!

נאָך אין זעלבן טאָג האָט ער עטלעכע נייעסן זיך דערוווּסט. ערשטנס האָט אים דער שפּיגל געוויזן אַ סקעלעטן־פּנים מיט צוויי אויסגעשטאַרטע ווילדע אויגן, פאַר וועלכע ער האָט זיך אַליין דער־שראָקן.

— גנענדל, אַזוי זע איך אויס? — האָט ער איבערגעפרעגט, נישט גלויבנדיק דעם שפּיגל.

צווייטנס האָט ער געהאַט אַ בריוועלע פון אַראָן לוואָוויטשן פון יענער זייט.—פאַר אַ סך געלט האָבן דייטשע סאָלדאַטן אים צוגע־שטעלט צו די סאַמע שוץ־גרובן, ווו די רוסן מיט די דייטשן האָבן געראוט, געקאָכט קעסעלעך עסן און זיך דורכגעשמועסט אויף אומפאַר־שטענדלעכע שפּראַכן.

— איך בין גליקלעך — האָט אַראָן לוואָוויטש געשריבן — און האָט נישט פאַריבל, איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט.

דריטנס האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אין זאַבאַראַווא, אין אַראָן לוואָוויטשעס קאַבינעט טאַקע, זיצט אַ דייטש אויף זיין אָרט און פאַרוואַלטעט מיטן גוט און די מענטשן.

— אָט דאָס אָ איז ער, זע! — האָט גנענדל אים געוויזן דורכן פענסטער.

לערנער האָט אַרויסגעבויגן דעם קאָפּ, דערזען אַ שלאַנקן בלאָנדן מאַן מיט זייער אַ שיין געשניצט פּנים און מיט אַ פּאָר איראָ־נישע העלע אויגן, וואָס מען פלעגט אַזוי אָפט באַגעגענען צווישן די דייטשע יונגע אָפיצירן, איבערהויפּט ביי די, וואָס האָבן געדינט אין אָבער־אָסט. ער איז געגאַנגען מיט מיליטערישע טריט, נאָר אָנ־

געטון איז ער געווען אין האַלב־ציווילע ספּאָרט־קליידער, דורך וועל־כע דער מיליטער־מאַן האָט דורכגעקוקט דורך יעדער נאָט.

— אַ בייזער זייער — האָט גנענדל שטיל געזאָגט און זיך צו־געטוליעט צו לערנערס אויסגעדאַרטער ברוסט — איך האָב אַזוי מורא פאַר אים.

— מען דאַרף נישט מורא האָבן — האָט לערנער געענטפערט, כאָטש אים אַליין האָט עפּעס אָנגעהויבן נאָגן מיט דער מינוט, וואָס ער האָט דעם שיינעם שטרענגן דייטש דערזען.

עפּעס האָט אים געזאָגט דאָס האַרץ, אַז עס וועט קומען צווישן זיי ביידע צו שלעכטס.

גנענדל האָט זיך אַלץ טיפער געטוליעט צו לערנערן, און שטיל, מיט איינגעהאַלטענעם שרעק דערציילט:

— ווייסט, ער האָט שוין אַראָפּגענומען אַלע פון ברויט, פון דער זופּ, אפילו די קינדער אין שול; אין וואַלד האָט אויך די אַר־בעט פאַרלענגערט — און צוויי מענטשן האָט ער צוגעבונדן צו די בוימער, עטלעכע שעה געלאָזט זיי אַזוי הענגען.

לערנער האָט מיט נאָך ציטערנדיקע, אָפּגעווייינטע הענט געטו־ליעט גנענדלען צו זיך און געשוויגן.

די פריערדיקע שווערקייט, די משא, וואָס איז אים אַראָפּגע־קראָכן פון רוקן, לייגנדיק זיך אין שפּיטאָל-בעטל, איז אים מיטאַמאָל צוריק אַרויף אויף דעם אָקן און באַשווערט, געדריקט.

---

דאָס געפיל האָט אים נישט גענאַרט, לערנערן, ניין.

ווי נאָר ער איז געזונט געוואָרן, האָט דער דייטש דער פאַר־וואַלטער געשיקט אים רופן צו זיך.

לערנער איז אַריין אין קאַבינעט. דער דייטש איז געזעסן ביים טיש און גאַנצע צען מינוט נישט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן, קוקנדיק פאַרקשנט אין אַ צייטונג. ענדלעך האָט ער אויפגעהויבן דעם דינעם געשניצטן קאָפּ הויך און מיט זיינע העלע איראָנישע אויגן באַטראַכט לערנערן פון קאָפּ ביז די פיס.

— זינד זי סעגאַל? — האָט דער דייטש ענדלעך געפרעגט.

—יאָ—האָט לערנער נישט באַלד געענטפערט, קוים דערמאָנענדיק זיך נאָך דער קרענק אין זיין פרעמדן נאָמען.

— פּאַסען זי אַוף! — האָט דער דייטש געזאָגט און פאָרגע־לייענט לערנערן פון אַ פּאַפּיר אַרויס.

ביים טיש איז געשטאַנען אַ שטול, נאָר דער דייטש האָט לער־נערן נישט געבעטן זיצן. לערנער האָט זיך געפילט נאָך שוואַך אויף די פיס און זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אין פאָרענטש פון שטול. דער דייטש האָט אַ שטרענגן בליק געוואָרפן פון די פּאַפּירן אַרויס און דאָס פּנים האָט זיך אים אָנגעגאָסן מיט בלוט. אַ ווײַלע האָט ביי אים אַפילו אַ נערוועזער צוק געטון אונטער אַן אויג פון אויפרעגונג, נאָר באַלד האָט ער זיך באַרויקט און צוריק אָנגעהויבן לייענען פון די פּאַפּירן אַרויס.

לאַנג האָט דער דייטש געלייענט, אַ גאַנצע מגילה, וואָס האָט פאַרנומען עטלעכע בלעטלעך מאַשין־דרוק.

פאַרשידענע באַפעלן זענען דאָרט געווען — באַפעלן צו פאַר־קלענערן די פּאָרציעס ברויט, באַפעלן איינצופירן סאַכאַרין אָנשטאָט צוקער, באַפעלן נישט צו שיילן קיין קאַרטאָפל, נאָר קאָכן מיט די שאָלן, באַפעלן, וויפל מעטער האָלץ מען דאַרף צושטעלן אין פאַר־לויף פון טאָג, און באַפעלן נישט צו רוען אין שבתים און יום־טובים.

— פערשטאַנדען? — האָט דער דייטש געפרעגט.

— פערשטאַנדען — האָט לערנער געענטפערט.

צום סוף האָט דער דייטש איבערגעלייענט נאָך איין פּאַפּיר מיט זייער אַ וויכטיקער און געהיימניספולער שטים.

אַן אָנגעזען פּאַפּיר איז דאָס געווען, אַזש פון גענעראַל־שטאַב צוגעשיקט, און געהאַנדלט האָט עס זיך וועגן זייער אַ וויכטיקער זאַך. — מען האָט, נעמלעך, געדאַרפט ,פאַררעגיסטרירן אַלע ציוויל-מענטשן, וואָס האָבן געליטן ביי דער צוואַנגס-אַרבעט. אַלע האָט מען געדאַרפט רעגיסטרירן, קאַליקעס און אַזעלכע, וואָס זענען געפאַלן ביי דער אַרבעט. — דערביי האָט מען געדאַרפט יעדן אַליין אויספרעגן, פאַרשרייבן אַלץ און פאַרצייכענען די געלט-תביעות, וואָס מען מאָנט.

צווישן די היימלאָזע איז געווען מער ווי אומעטום אַזעלכע

געליטענע — און דער דייטש האָט שטרענג באַטראַכט לערנערן, ענ־דיגנדיק לייענען פון פּאַפּיר.

— האָבען זי עס פערשטאַנדען!

— יאָ.

— האָבען זי עס גוט פערשטאַנדען? — האָט דער דייטש אי־בערגעפרעגט און נאָך טיפער איינגעגעסן זיך מיט די אויגן אין לערנערן.

— זייער גוט! — האָט לערנער געענטפערט.

— ווי זאָ דענקען זי עס אַלזאָ צושטאַנד צו ברינגען?

— גאַנץ איינפאַך — האָט לערנער ערקלערט — איך וועל אויסקלעבן אַ מעלדונג, הייסן די מענטשן זיך צונויפזאַמלען און זיי איבערגעבן וועגן וואָס עס גייט.

— דאָס קאָן איך זעלבסט! — האָט דער דייטש געזאָגט נער־וועז, נאָר מיט געצווונגענער צוריקגעהאַלטנקייט.

לערנער האָט גלייך דערקענט, צו וואָס דער דייטש צילט, אַז דאָס וויל ער אים אויסנוצן צו איבערקויפן די היימלאָזע, נאָר ער האָט זיך געמאַכט תמעוואַטע.

— נעהמען זי פּלאַץ! ביטע! — איז מיטאַמאָל דער דייטש גע־וואָרן העפלעך.

לערנער האָט זיך נישט געזעצט.

— זיצען זי, ביטע — האָט דער דייטש נאָכאַמאָל איבערגע־חזרט.

— דאַנקע שעהן — האָט לערנער געענטפערט קאַלט און גע־בליבן שטיין.

דער דייטש אַליין האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, צוגעגאַנגען נאָענט צו לערנערן.

— איהר ווייסט, נאַטירליך — האָט דער דייטש אָנגעהויבן — וויפיעל געליטענע עס איז דאָ צווישען די פליכטלינגע.

— איך ווייס.

— אונד זי זינד גאַנץ אָרם די לויטע — האָט דער דייטש ווייטער גערעדט מיט רחמנות — ניכט-וואַהר?

— אונבעדינגט...

— עס וואָלט דעריבער זעהר גוט געווען, ווען זיי באַקומען יעדער אַ געוויסע סומע — ניכט־וואַהר?

— אונבעדינגט.

— גו אַלזאָ! — האָט דער דייטש אויסגערופן מיט נצחון און מיט פריילעכע אויגן געקוקט אויף לערנערן.

לערנער איז געבליבן קאַלט, גלייך ער פאַרשטייט קיין וואָרט נישט. דער דייטש איז איצט אינגאַנצן אויפגערודערט געוואָרן.

— צום וואַהנזיניג ווערען! — האָט דער דייטש אויסגעשריגן, נאָר גלייך זיך באַהערשט.

— ווען איהר פאַרשטעהט נישט — האָט ער געזאָגט בייז, וועל איך אַלזאָ ערקלערן. זאָגט די לייט, זיי זאָלן נעמען געלט. די טויטע וועלן דאָך לעבעדיק נישט ווערן, און געלט איז אַ שאָד. וועלען זי עס זאָגען? — זי האָבען דאָך איינפלוס, ניכט-וואַהר?

— איך וועל זאָגן, אַז אַזוי האָט איר געזאָגט — האָט לערנער געענטפערט.

— דאָנער־וועטער! — האָט דער דייטש אויסגעשריגן — איך האַבע קיין וואָרט געזאַגט! — גאַרניכטס! פערשטאַנדען?

— פערשטאַנדען!

נאָך עטלעכע מינוט אַרומדרייען זיך איבער דעם קאַבינעט, האָט דער דייטש ענדלעך זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער גרויס און געציילטע ווערטער גערעדט:

— אין פאַרלויף פון איין וואָך מוזן די פּאַפּירן צוריקגיין — פאַר אַלעם וועט איר ביי מיר פאַראַנטוואָרטלעך זיין.

די ווערטער „פאַר אַלעם" האָט דער דייטש פאַנאַנדערגעצויגן, כמעט יעדער זילב באַזונדער. דערביי האָט ער אַזוי בייז און דורכ־דרינגלעך געקוקט לערנערן אין די אויגן, ווי ער וואָלט אים אינ־גאַנצן אין די אויגן וועלן אַריינקריכן

לערנער האָט אויסגעהאַלטן דעם בליק און אַרויס פון צימער.

נאָך אין זעלבן טאָג האָט ער צונויפגערופן די היימלאָזע און זיי טרוקן, וואָרט ביי וואָרט, אָן איין באַמערקונג, ווי דער באַפעל האָט געלויטעט, איבערגעגעבן וועגן וואָס עס גייט.

אין זאבאראווא איז געוואָרן אַ גערודער.

— נעמען געלט — האָבן טייל געטענהט, אַנישט וועט מען דאָס אויך נישט האָבן...

— נישט נעמען! — האָבן אַנדערע געשריגן — מען וויל אונז אָפּפּטרן מיט גאָרנישט.

ווייבער אלמנות זענען געקומען צולויפן צו לערנערן, געקלאָגט אויף די אומגעקומענע מענער זייערע, געשנייצט אין די פאַרטוכער, געווישט די טרערן און ענדלעך אַרויס מיט פשוטע ווערטער:

— זאָגט, מענטש טייערער, וואָס זאָלן מיר טון? נעמען געלט צי נישט?

לערנער האָט נישט געענטפערט.

קאַליקעס זענען געקומען אויף די קוליעס, געוויזן די פאַר־קריפּלטע פיס און זיך געבעטן:

— נאָר אייך וועט מען הערן, וואָס איר וועט זאָגן וועט זיין הייליק.

לערנער האָט געשוויגן.

אומעטום האָט זיך געקאָכט. ביי דער אַרבעט אין וואַלד, ביים עסן, אין די באַראַקן, אַממערסטן האָט זיך געקאָכט דושקין.

ער האָט געהאַט צוליב וואָס.

נאָכט ביי נאַכט פלעגט ער זיך איצט אַוועקשאַרן שטיל צום דייטש אין קאַבינעט און מיט אים לאַנגע געשפּרעכן אין האַלב־רו־סיש, יידיש און דייטש געפירט.

דער דייטש האָט קוים מיט צרות פאַרשטאַנען דושקינס ליט־ווישע רייד, נאָר ער האָט אויף אַלץ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס'גוט, ס'גוט!

און אין דער פרי האָט דושקין געפירט אלמנות און קאַליקעס פון אַלע זייטן צום דייטש אין קאַבינעט.

דער דייטש האָט געלייענט פּאַפּירן, פון וועלכע די מענטשן האָבן איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען, געגעבן זיי קנאַקעדיקע באַנק־נאָטן און געהייסן אונטערשרייבן.

ווייבער האָבן זיך געשעמט.

— מיר קאָנען נישט, האַרעלע.

— גאַנץ עגאַל! — האָט דער דייטש געזאָגט — מאַכן זי פינגער־אָבדרוק. זאָ!

צום סוף האָט ער זיי פאָרגעלייענט אַ לאַנגן פּאַפּיר, אין וועלכן עס ווערט באַשולדיקט דער דרייסיק-יעריקער שלמה סעגאַל אין העצן די באַפעלקערונג קעגן דער דייטשער מאַכט און נישט פאָלגן אירע באַפעלן.

— פערשטאַנדען? — האָט דער דייטש געפרעגט ביי די ווייבער.

— זאָגט יאָ! — האָט דושקין געזאָגט שטיל — אַזוי דאַרף מען...

— יאָ — האָבן די ווייבער געזאָגט, נישט וויסנדיק איין וואָרט אפילו.

— שרייבען זי אונטער.

ווידער האָבן זיך די ווייבער פאַרשעמט:

— מיר קאָנען נישט, האַרעלע.

— גאַנץ עגאַל! — האָט ווידער דער דייטש געענטפערט — מאַכען זי פינגער-אַבדרוק, זאָ!

בלויז דושקין האָט זיך אונטערגעשריבן אויף רוסיש.

— נאָך נישט אוספעיעט אויסלערנען דייטש — האָט ער זיך פאַרענטפערט חניפהדיק.

— ס׳גוט, ס׳גוט! — האָט דער דייטש געענטפערט, אַריינרוקנ־דיק דושקינען אַ קנאַקעדיקע אַסיגנאַציע אין האַנט — נאַ, וועק! פערשווינד!

---

אין זעלבן טאָג האָבן צוויי פעלד-זשאַנדאַרמען אַרעסטירט לער־נערן און אָפּגעפירט אים אין שטאָט אַריין צוזאַמען מיטן פּראָטאָקאָל, וואָס איז געווען אונטערגעחתמעט מיט בלויע ברודיקע טוש־סמנים פון ווייבערישע גראָבע פינגער און מיט איין רוסישער אונטערשריפט.

זיי האָבן אים אַרעסטירט אַזוי אומגעריכט, פּלוצלינג, אַז ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין צייט זיך רעכט צו געזעגענען מיט גנענדלען.

— ראַש! — האָבן די פעלד־זשאַנדאַרמען געיאָגט.

און אונטער די הענט איס אַרויסגעפירט צום טויער, אַריינגעזעצט איבֿ אין אַ פויעריש אויסגעבעט פורל, אַוועקזעצנדיק זיך נעבן אים איינער פון רעכטס אין דער צווייטער פון לינקס.

פון שטאָט האָט מען אים נאָך אין זעלבן טאָג אַוועקגעשיקט אין טורמע אין דער נאָענטער גרויסער גובערניע־שטאָט.

אַן אמתדיקער דור־הפלגה איז דאָרט אין טורמע געווען. — הינטער שטעכֿעדיקע דראָטן פאַרצוימט, מיט באַוואָפנטע זעלנער באַוואַכֿט, האָבן זיך דאָרט אין טורמע געפונען הונדערטער מענטשן פון פאַרשידענעם עלטער און אויסזען, פון פאַרשידענע פעלקער און פאַרטייען.

געווען דאָ וואָנסנדיקע צוריקגעהאַלטענע שלאַכֿטשיצעס, מיטגלידער פון געהיימע מיליטעריש-פוילישע אָרגאַניזאַציעס, און קליינגעוויקסיקע באַרעדעוודיקע שטאָטישע אינטעליגענטלעך, געשולטע עסדעקישע רעדנער; געווען דאָ שטרענגע בעל־גאווהדיקע פּעפּעסאָווצעס מיט בלויע געפאַלדעוועטע היטעלעך אויף די קעפּ, און ווייכֿע ליטווישע און ווייסרוסישע לערערס, יונגעלייט מיט שטאַרק העלע טשופּרינעס און לויטערע ברילן; געווען דאָ תקיפֿדיקע בונדיסטן; שוואַרץ־העמדלדיקע, שוואַרץ־אויגיקע פועלי־ציוניסטן; באַבערדלטע עסעסאָווצעס און אפילו עטלעכֿע אַנאַרכֿיסטן אויך.

פון דער פרי ביז נאַכֿט האָט מען נישט אויפגעהערט דאָ פירן דיסקוסיעס, קריגן זיך, זידלען זיך, זינגען לידער אין אַלע שפּראַכֿן, לייענען צייטונגען וועגן רוסלאַנד און צוליב דעם אויף ס'ניי פירן דיסקוסיעס, קריגן זיך און פרעסן זיך.

און אין זאבאראווא האָט דער דייטש דער פאַרוואַלטער געפירט זיין ממשלה איינער אַליין.

ער האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן, אַז אַלע דאַרפן אים אָפּטרעטן דעם וועג, ווען מען באַגעגנט אים, און אַראָפּנעמען דאָס היטל. פאַר נישט פאָלגן, פאַר פאַרגעסן זיך, האָט ער אַוועקגעשטעלט מיטן פנים צו אַ וואַנט אויף אַ גאַנצן טאָג און נישט געהייסן זיך רירן.

פון גנענדלען האָט ער פאַרלאַנגט צוויי זאַכֿן: ערשטנס, זי זאָל לערנען מיט די קינדער זינגען דעם דייטשן הימן, צווייטנס, זי זאָל

קומען צו אים אין צימער ייִדן אָוונט נאָך אינסטרוקציעס, ווי אַזוי צו פירן די שול.

דעם צווייטן באַפעל האָט גנענדל נישט געוואָלט אויספירן. באַלד ווי זי איז דעם ערשטן אָוונט געקומען צו אים אין צימער, האָט ער זי גלייך אַרומגעכאַפּט ביי דער טאַליע און אָנגעהויבן זוכן אירע ליפּן.

גנענדל האָט אים מיט דער גאַנצער קראַפט אַ שטויס אָפּ געטון פון זיך און האַסטיק אַנטלאָפן.

דערפאַר האָט דער דייטש אַרויסגעגעבן אַ נייעם באַפעל.

צוליב דעם — האָט געשריבן דער באַפעל — וואָס די העלדי־שע דייטשע סאָלדאַטן זענען אין געפאַר אָנגעשטעקט צו ווערן פון ווע־נערישע קראַנקהייטן דורך די ווייבער און מיידלעך פון אָבער-אָסט, וועלכע גיבן זיך זיי אָפּ, דעריבער ווערט פאַראָרדנט אַלע פרויען אין עלטער פון פופצן יאָר ביז פינף און פופציק, צוצושטעלן זיך צו אַ זיטן־אונטערזוכונג. אַלע מוזן קומען אויסגעבאָדן, ריין. פאַר נישט צושטעלן זיך ווערט מען באַשטראָפט מיט צוואַנגס־אַרבעט אָדער גע־פענגעניש.

אין באַשטימטן טאָג האָבן אַלע ווייבלעך און מיידלעך פון זא־באַראַווא, יונגע פופצניעריקע מיידלעך, כלה־מיידלעך, ווייבלעך און עלטערע צעבראָכענע ווייבער, זיך צענויפגעזאַמלט אין אַן ענגן שמו־ציקן פאָרצימער. דאָרטן האָבן זיי זיך אַלע אויסגעטון ביז די העמ־דער, איינציקווייז אַריין אין אַ קליין זייטיק שטיבל, אין וועלכן עס איז געזעסן דער יונגער מעדיקער פון שפּיטאָל, דער פאַרוואַלטער פון זאַבאַראַווא, אַ רויט־באַקיקער דייטש אַן אָרדינאַנס ביים מעדיקער און צוויי „שוועסטער" אין ווייסע פאַרטוכער.

ביים פענסטער איז געשטאַנען אַ שמוציקע האַלב־צעבראָכענע סאָפקע און דערנעבן אַ טישעלע מיט מעדעצינישע אינסטרומענטן.

אַלטע ווייבער האָבן געקרעכצט, צוהאַלטנדיק זיך די נאַכהענגע־דיקע בייכער. יונגע מיידלעך האָבן נישט געלאָזט אָפּרייסן זיך די העמד פון זייערע שויסן.

— ראַש! — האָט דער אָרדינאַנס געשריגן — וועקלעגען!

די לעצטע האָט מען געבראַכט גנענדלען, געבראַכט אַ פאַר־

חלשטע אונטער די הענט, פון צוויי דייטשע סאָלדאַטן געשלעפט. מיט געוואַלד האָט מען איר אַראָפּגעריסן די קליידער, מיט געוואַלד אויף דער שמוציקער סאָפּקע אַוועקגעוואָרפן, און האַלטנדיק זי ביי די הענט און פיס, דורכגעפירט איבער איר די זיטן־אונטערזוכונג.

— פּראַכטפאָלל! האָט דער פאַרוואַלטער געזאָגט, פרעסנדיק מיט גיריקע גרויסע אויגן דעם שיינעם מאַכטלאָזן שלאַנקן יונגפרויאישן קערפּער, געקלעמערט אין רויטע גיריקע זעלנערישע הענט.

— קאָ-לאָ-סאַלל! — האָט דער יונגער מעדיקער דער אָפיצירל צוגעגעבן.

גנענדל האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין...

## קאפיטל XVI

## בּלײ

נאָך דרײ חדשים זיצן, אין אָנהויב חודש יולי, איז אויסגע־בראָכן אין טורמע אַ הונגער־שטרײק.

דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס מען האָט די אַרעסטירטע גע־האַלטן דאָ, האָט מען זײ נישט אויסגעפאָרשט, נישט געגרײט צום גע־ריכט, נאָר אַזוי געהאַלטן אין תפיסה.

די אַרעסטירטע האָבן געפאָדערט, מען זאָל זײ שטעלן צום גע־ריכט, אויב נישט באַפרײַען.

עס איז אַראָפּגעקומען אַן אויסגעדאַרטער הינקעדיקער קאַפּיטאַן מיט צוויי שפּיזיקע פאַרדרייטע וואָנסן, פונקט ווי ביים קייזער ווילהעלם, און געגאַנגען איבער די קאַמערן.

— אָופשטעהן! — האָבן די וועכטער געשריגן, עפענענדיק די טירן.

קיינער האָט זיך נישט אויפגעשטעלט. די, וואָס זענען גראָד גע־שטאַנען, האָבן זיך מאָמענטאַל אַוועקגעזעצט.

די וועכטער זענען געשטאַנען דערשראָקענע. דער קאַפּיטאַן האָט זיך באַוויזן אין טיר.

— הערונטער מיט דען מיצצען! — האָט ער אויסגערופן.

דער עולם האָט זיך נישט גערירט.

דער קאַפּיטאַן איז געוואָרן בלאַס.

זיי זענען געווען בייז אין דער צייט, די דייטשן. נאָך עטלעכע חדשים ברודערן זיך אויף דער פראָנט־ליניע מיט די דייטשע סאָל־דאַטן, האָבן די רוסישע סאָלדאַטן מיט די רויטע שלייפלעך אָנגעהויבן אויף ס׳נײַ אַן אָנגריף אויף מזרח־גאַליציען און גערוקט זיך פאָראויס. אפילו ווייבער האָבן געקעמפט אויפן רוסישן פראָנט.

זעענדיק די זיצנדיקע אַרעסטירטע אין די הינטלען אויף די קעפּ, האָט דעם אויסגעדאַרטן קאַפּיטאַן אַ געוואַלדיקער כּעס אָנגע־נומען.

— זאַקרררראַמענט! — האָט ער אָנגעהויבן כאָרכלען מיטן האַלז, ווי אַן אַלטער הונט, וואָס האָט מער נישט קיין ציין.

נאָר אויגנבליקלעך האָט ער אָפּגעהאַקט און זיך שטרענג גע־ווענדעט צו די וועכטער.

— קאַר־צער פיר יעדן פינפטען, פיר אונד צוואַנציק שטונ־דען! — און ער איז אַרויס.

— יאַ־וואָהל — האָבן די וועכטער געענטפערט און פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר.

נאָך אין זעלבן טאָג זענען געקומען סאָלדאַטן און, כאַפּנדיק די ערשטע בעסטע, וואָס זענען געקומען אונטער דער האַנט אין יעדער קאַמער, געשלעפּט איבערן הויף אין די קאַרצערס.

די מענטשן האָבן געשריגן, געמאַכט קולות, האָבן אַלע אַרעס־טירטע זיי געהאָלפן אין די קאַמערן. מען האָט געפּייפט, געקלאַפּט אין די פענסטער, געטופעט מיט די פיס אין די ווענט, געמיאַוקעט און געזונגען.

די קולות האָבן זיך געטראָגן אויף וויאָרסטן ווייט. האָבן די סאָלדאַטן אָנגעשטעלט די ביקסן און געגעבן זאַלפּן אין לופט.

דערנאָך האָט דער קאַפּיטאַן נישט געהייסן אַרויסלאָזן קיינעם אויף שפּאַצירן גאַנצע צוויי וואָכן, נישט אַריינגעלאָזט קיין צייטונגען, קיין זייטיק עסן, און שטרענג אָנגעזאָגט די וועכטער, זיי זאָלן קיי־נעם נישט דערלאָזן רויכערן. — האָט מען זיך אָנגעהויבן דורכקלאַפּן דורך די ווענט און קאַנאַליזאַציע־רערן און דערקלערט אַ הונגער־שטרייק.

דעם ערשטן טאָג, אַז די וועכטער האָבן אַריינגעבראַכט אין דער פרי די אָנגעשניטענע קליינע פּאָרציעס ברויט און אַן עמער טריבע ערזאַץ־קאַווע, האָבן אַלע אַרעסטירטע זיי אויסגעפּייפט.

— ניע כצעמי שוואַבסקעגא כלעבאַ! — האָט מען געשריגן — טראָגט זיך!

די וועכטער האָבן אַוועקגעשטעלט דאָס ברויט מיטן עמער

הייסע קאַווע, וואָס האָט געררייצט די נאָז, און אַוועק. קיינער האָט זיך נישט צוגערירט.

— אַ פּאַפּיראָס ס׳זאָל זיין — האָבן זיך געהערט בענקנדע שטימען.

דעם טאָג האָבן אָן אַ שיער לידער געקלונגען אין טורמע צומאַרגנס זענען ווידער די וועכטער געקומען, געבראַכט זופּ.

— אַ זופּ אַ פרישע! — האָבן זיי געזאָגט, אונטערגעבנדיק חשק — ס׳שמעקט!

— איר קאָנט זיך אויסבאָדן אין איר — האָט מען געענט־פערט — נעמט זי צו!

די וועכטער האָבן זי איבערגעלאָזן — און ווייטער האָט זיך קיינער נישט צוגערירט.

בלויז די לידער זענען געווען דעם טאָג ווינציקער, ווייניקער האָפערדיק. — דאָס בענקען נאָך אַ פּאַפּיראָס האָט זיך דערפאַר שטאַרק געהערט.

— געוואַלד, אַ ביסל רויך, איין ציי בלויז!

אויף דעם דריטן טאָג, אַז די וועכטער האָבן אַריינגעשטעלט די עמערס הייסע קאַווע און וועגעלעך ברויט — זענען שוין אַ סך געלעגן אויף די נאַרעס מיט פאַרבונדענע נאַז־טיכלעך אַרום די קעפּ, אַנדערע זענען אַרומגעלאָפן הין און צוריק איבער די צעלן, ווי חיות אין אַ שטייג.

ביי דעם וועגעלע ברויט זענען געשטאַנען צו צוויי פערזאָן, אייגענע שטרייק־וועכטער, וואָס מען האָט אויסגעקליבן, און געהיטן, מען זאָל נישט צוגיין כאַפּן.

אין פערטן טאָג האָבן עטלעכע יונגעלייט באַקומען היסטעריע. איבערהויפּט האָט געוויינט אַ יונגער בלאָנדער שייגעץ מיט העלע בלויע אויגן, אַ רייכער און אַ שיינער, וואָס איז געזעסן פאַר געהערן צו אַ מיליטערישער פוילישער אָרגאַניזאַציע.

— ניע מאָגען, פּאַנאָוויע! — האָט ער געכליפּעט — די קיש־קעס דרייען מיר זיך אויס!

— אַרויסוואַרפן! — האָבן זיך שטימען געהערט — אַרויס מיט דער „באַבע״!

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טירל. די וועכטער האָבן געעפנט — און די אַרעסטירטע האָבן דעם בלאָנדן צאַרטן בחורל אַרויסגעוואָרפן.

— נעמט אים צו! — האָבן זיי געשריגן מיט פאַראַכטונג.

— און דאָס וויל נאָך זיין אַ „וואָיאַק" — האָבן די פּעפּעסאָווצעס געלאַכט — אַ באָנע דאַרף ער האָבן, אָנזויגן אים דאַרף מען, הינטיש בלוט...

באַלד נאָך אים האָט אַ שוואַרץ יידישער יונגערמאַן זיך אַוועקגעלייגט אויף דעם טאַפּטשאַן און געזיפצט:

— איך שטאַרב! — איך שטאַרב!

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, די וועכטער געבן, זיי זאָלן אים צונעמען.

— נעמט אים, דעם יידלאַק! — האָבן די גוים געשריגן — אין שול אַריין טראָגט אים אַוועק!

דער בחור האָט נישט געוואָלט גיין. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט און פיס.

— לאָזט מיך שטאַרבן, חברים! — האָט ער זיך געבעטן — איך וויל נישט עסן! ניין! שטאַרבן לאָזט מיך!

נאָר מען האָט אים מיט געוואַלט אַרויסגעוואָרפן.

דערביי האָבן אפילו עטלעכע אַרעסטירטע אַרבעטער זיך פריילעך געמאַכט.

— אַ וויי, מאַמעלע! — האָבן זיי נאָכגעשריגן — שאַבאַס־כאַלע! גוט!...

אויפן פינפטן טאָג האָט קיינער מער נישט געלאַכט, נישט גערעדט אפילו.

און אויפן זעקסטן טאָג האָט מען דעם שטרייק אויפגעהערט.

דער אויסגעדאַרטער הינקנדיקער קאַפּיטאַן האָט ערקלערט, אַז ער וועט גאָרנישט נאָכגעבן.

— ווען אפילו אַלע זאָלן קראַפּירן — האָט ער געשריגן — וועט מען קיין זאַך נישט ענדערן.

דערצו נאָך האָט ער געבראַכט אַ דאָקטאָר מיט סאָלדאַטן. איין אַרעסטירטן נאָכן אַנדערן האָט מען אַרויסגעשלעפּט אין לאַזאַרעט און, צוהאַלטנדיק הענט, פיס און נעזער, קינסטלעך געשטאָפּט.

און דער שטרייק איז געבראָכן געוואָרן.

גאַנצע טעג איז מען איצט געווען ברוגז איינער אויפן אַנדערן, רק מען האָט זיך געגעסן, פאָרוווּרף געמאַכט, אויסגערעדט זיך דעם שטרייק און דער האַס איז געווען גרויס.

— אַלץ איר, „יאַשניע־פאַנעס“,— האָבן די פעפעסאָוועס פאַר־געוואָרפן די פריצים—אַז מען קאָן נישט שמעקן קיין פולווער, גייט מען נישט אין קריג.

— אַלץ איבער די יידן—האָבן די באַליידיקטע געענטפערט.

די אַרבעטער צווישן זיך האָבן זיך אויך נישט געשוינט. איין פאַרטיי האָט באַשולדיקט די אַנדערע.

בלויז איינער איז געווען אין לערנערס קאַמער, וואָס האָט זיך אין קיין זאַך נישט אַריינגעמישט און בלויז כּסדר אַרומגעגאַנגען הין און צוריק מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און געשוויגן.

אַ מאָדנער איז ער געווען אָט דער דאָזיקער שווייגנדיקער מענטש.

אַ מיטלוווּקסיקער, אַ פירקאַנטיטער, מיט טונקעלע שמאָלע אויגן, מיט שאַרפע שטריכן אין זיין שיינעם קוואַדראַטנעם פּנים, מיט אַ קורצן עקשנותדיקן שטערן און האַרטע דין געשוירענע טונקעלע האָר, וואָס וואַקסן געדיכט און טיף, שיער נישט ביז צו די שוואַרץ־געצייכנטע בולטע ברעמען; אַ מוסקולירטער, אַ ברייטבייניקער, מיט אַ בלוילעכן אויסגעבערנטן אַנקער אויף דער האָריקער ביינערדיקער האַנט, ענלעך צו די אויסגעמאָלטע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער פון דער צוקונפט, וואָס די פּראָלעטאַרישע מחברים לאָזן אָנצייכענען אויף זייערע אַגיטאַציע־ביכלעך און בראָשורן, — איז ער שוין געהאַט אויסגעווען ווו נאָר די וועלט האָט אַן עק.

ער האָט שוין געהאַט געאַרבעט אין דייטשע קוילן-גרובן און געפּעדלט אין אַרגענטינער דערפער; געווען אַ הייצער אויף גרויסע דאַמף־שיפן, אָנגעשפּאַרט אין די פאַרוואָרפנסטע האַפנס און ברעגן, און געוואַשן געפעס אין די ביליקע אַמעריקאַנער רעסטאָראַנען און שענקען; געווען אַ שוך-פוצער אין אָדעס, אַ קעלנער אין פּאַריז, אַ האַפן־טרעגער אין אַנטווערפּן, אַ היטל-נייער אין לאָנדאָן, אַ וואַנ־דערנדער גאָלדשמיד איבער פּוילישע יידישע שטעטלעך, און אַ קורצע

צייט אפילו אַ באַגרעבער אויף אַ יידישן בית־הקברות אין אַ פּרייסי־שער פּראָווינץ־שטאָט.

אין וויפל לידער ער איז געווען, אַזויפיל שפּראַכן האָט ער גערעדט — מערסטנס האָט ער גערעדט אין אַלע שפּראַכן מיטאַמאָל, אַ מיש־מאַש פון פראַנצויזיש, ענגליש, שפּאַניש, רוסיש, פּויליש, דייטש, געבונדן מיט יידיש און באַפּעפּערט מיט אַ סך ווילדע אויס־דרוקן פון כלערליי מאַטראָסן, בערג־אַרבעטער, גאַסן־יונגען און אַרעסטאַנטן.

און אין וויפל שטעט ער איז געווען, אין אַזויפיל טורמעס און אַרעסט־הייזער איז ער געווען — וואָרום אומעטום האָט ער סוף כל סוף געמוזט זיך צעקריגן מיט די באַלעבאַטים זיינע, מיט די שטאָט־לייט, מיט דער פּאָליציי.

אַ מאָדנע שנאה האָט ער געהאַט, דער דאָזיקער מענטש, צו אַלע מינים באַלעבאַטים, פּאָליציי־לייט און הערשער, אַ שנאה אַ טי־פע, אַ שטענדיקע, אַן איינגעגעסענע — ער האָט בשום אופן נישט פאַרטראָגן קיין הערשער איבער זיך, נישט קיין באַלעבאַטים־ברויט־געבער, נישט קיין פּאָליציי־לייט־אַלטונג־געבער, און אפילו נישט קיין באַפעלער און עלטסטע פון פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע ער האָט אומעטום זיך אָנגעשלאָסן און אומעטום זיך צעקריגט.

אַ פרייער, אַ דרייסטער, אַן אומדערשראָקענער, אַ געשיקטער, מיט קרעפטיקע הענט, וואָס קאָנען אַלץ, מיט אַ מויל, וואָס רעדט אַלע שפּראַכן אין דער וועלט, מיט פלינקע שטאַרקע פיס, וואָס האָבן אַלע וועלט־טיילן באַטראָטן, האָט ער אַרומגעוואַנדערט שטענדיק, גע־אַרבעט, געווײַלט זיך, פאַרבונדן ראָמאַנען, צעקריגט זיך, אַריין אין טורמע און אַנטלאָפן.

די מלחמה האָט אים געטראָפן אין פּוילן, אין אַ קליין שטעטל, ווו ער איז געקומען צו זיין מאַמען, און איצט איז ער געזעסן דאָ אין דער דייטשער טורמע צוזאַמען מיט אַלע פּאַרטיי־לייט און פּירער און געווען דאָ צווישן עולם אַ זייטיקער, אַ פרעמדער.

גלייך ביים אָנקומען זיינעם אין טורמע האָבן זיך די פּאַרטיי־מענטשן פון אים אָפּגערוקט.

— אַן אַלטע טורמע־מויז! — האָבן די טורמע־וועכטער, פאַר־

בליבענע עלטערע פּאָליאַקן פון די רוסישע צייטן, געזאָגט אויף אים — אין יעדער ריר זעט מען עכ...

— ער האָט שוין אומעטום זיין שטרוי־זאַק. — האָט דער דייטשער עלטסטער צוגעגעבן.

נאָר ער האָט זיך פון די מענטשן נישט געמאַכט — ער האָט זיי נאָך מער געוויילט, ווי זיי אים, און דער עולם האָט אָנגעהויבן פאַר אים דרך־ארץ האָבן.

גערעדט האָט ער זעלטן, און אפילו אַז ער האָט שוין יאָ אַמאָל גערעדט, האָט ער, צו להכעיס די מענטשן, באַנוצט בלויז אַריסטאָקראַטישע אומפאַרשטענדלעכע רייד.

אַזוי האָט ער אַ פּאָליציאַנט דווקא גערופן „הערינג"; אַ טור־מע־וועכטער — „קלאָוויש"; אַ שפּיאָן — „אויער"; אַן אַדוואָקאַט — „פּאַפּוגע"; אַ רעוואָלווער — „ווינקל"; אַ טורמע־גראַטע — „גאַרדין" און אַ מעסער — „מייכער"...

ביים שפּאַציר אויפן הויף האָט ער שטענדיק פאַרלייגט די הענט פון הינטן, אויס געוווינהייט פון שטענדיקן זיצן, און געשפּאַנט הין און צוריק מיט אַזאַ ברייטקייט, ווי ער וואָלט שפּאַצירן אין אַן אייגענעם פּאַרק.

צו לערנערן האָט ער זיך דערנענטערט.

אויך לערנער איז דאָ געווען דער איינציקער ווילדער, וואָס האָט נאָך נישט געהערט ספּעציעל צו קיין איינער פון די פּאַרטייען; וואָס האָט נישט אַנטייל גענומען אין די מחלוקתן — און דער פיר־קאַנטיקער פאַרשוין האָט צו אים געשמייכלט יעדער מאָל, וואָס די מענטשן האָבן אויף ס'ניי אָנגעהויבן דיסקוסירן, אַרומרייסן זיך און קריגן.

— מען רייבט די פרייהייטס־לעקערס — האָט ער געזאָגט — האָ, האָ...

ווען דער הונגער־שטרייק איז אויסגעבראָכן, האָט ער זיך גאָר דערנענטערט צו לערנערן.

ער האָט מיטגעהאַלטן מיט אַלע, נישט געגעסן, נאָר ער האָט נישט אויפגעהערט חוזק מאַכן.

— מ'עט זיי נישט שלעכט אָפּטון די „שפּיצן", — האָט ער

געטענהט צו לערנערן—מען וועט אויסציען פאַר זיי די „ציבולכעס"...

די „שפיצען" האָט ער גערופן די דייטשן און „ציבוכעס" האָבן ביי אים געהייסן „פיס".

אין אַ קנאַפּן חודש נאָכן שטרייק, ווען דער עולם איז שוין געהאַט צוריקגעקומען צו די פּוחות, אין אַ געוויינלעכן וואַרעמען טאָג, שפּאַצירנדיק אויפן גרויסן טורמע־הויף, איז דער פּירקאַנטיקער פאַרשוין מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן הינטער לערנערן און אים אַ פליס־טער געטון פאַרביי דעם אויער אַ מאָדנע אומגעריכטע פלוצלינגדיקע איינגעהאַלטענע און קורצע פראַגע.

— אָפּציען ווילסטו? — האָט ער געגעבן אַ פרעג.

לערנער האָט זיינע אייגענע אויערן נישט געגלויבט — ער האָט אַ שאַרפן בליק געטון ארום זיך, ווי ער וואָלט זיך וועלן איי־בערצייגן, צי האָט ער טאַקע אַזעלכעס געהערט, צי עס האָט זיך אים בלויז אויסגעדאַכט.

— וואָס? — האָט ער געפּרוווט איבערפרעגן.

— האַלט זיך נעבן מיר! — האָט דער פאַרשוין ווידער אַזוי־זייטיק און איינגעהאַלטן אַ פליסטער געטון און אַוועק ווייטער.

אויפן ריזיקן טורמע-הויף איז געווען אַ גערודער. אַ גאַנצע כאָפּטע באַלעגאָלעס האָבן אָנגעפילט דעם הויף מיט פורלעך ציגל צום נייעם פליגל, וואָס מען האָט דאָ אין אַ זייט געמויערט. מוליאַ־רעס האָבן געלאָשן קאַלך, סטאָליאַרעס האָבן געזעגט ברעטער און מעכאַניקער האָבן געצויגן עלעקטרישע דראָטן איבער די ווענט און געקלאַפּט מיט האַמערס.

לערנער האָט געכאַפּט אַ ווייטן זייטיקן בליק צום טויער, זיכער זייענדיק, אַז דאָרט אַהין וועט זיך אויסדרייען זיין נייער באַקאַנטער, און אין האַרץ האָט אים געהוידעט פאַר אומרויקייט. פוןביידע זייטן טויער זענען אַזש עטלעכע באַוואָפנטע דייטשן געשטאַנען און שטרענג געהיט.

ער האָט אַפילו געוואָלט אומבאַמערקט דורכיאָגן דעם פּירקאַנטיקן און אים פונקט אַזוי זייטיק אַ פליסטער געבן פאַרן אויער:

— ניין, מען קאָן נישט...

נאָר דער פּירקאַנטיקער פאַרשוין האָט זיך אַוועקגעשאַרט אין

אַ זייט, אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, נאָענט גאָר צו די קאַמערן, און לערנער איז אים אַ פאַרוואונדערטער זייטיק נאָכגעגאַנגען

זיי זענען צוגעקומען צו אַ זייט, קיינער איז דאָרטן נישט געווען.

ווידער אַמאָל האָט לערנערן אַ שטויס געטון אַ צווייפל אין קאָפּ. אַלץ אַרום איז דאָ געווען אַזוי פאַרמויערט, פאַרפעסטיקט, אַז אַפילו די וועכטער האָבן זיך דאָ נישט געדרייט. — די גלאַטע טור-מע-ווענט האָבן מיט זייער גאַנצער שווערקייט און פאַרצוימטקייט בעדריקט, געקלעמט.

—פון וואַנען? — האָט זיך ביי לערנערן געבאָמבלט אַ געדאַנק אין קאָפּ צוזאַמען מיט שרעק, צווייפל און הפקרות גלייכצייטיק.

נאָר אָט האָט זיך דער פירקאַנטיקער פאַרשוין געגעבן פלינק אַ שאַר־צו צו אַ רונדן אייזערנעם טירל פון אַ קאַנאַליזאַציע־עפענונג, אין וועלכן עס האָט געגלוען אַ גרינלעך מאַטנע ריטשקעלע פון אַ בלעכערנער רינווע — און אָנגעהויבן רוקן.

ערשט איצט האָט לערנער דערזען, אַז דאָס אייזערנע טירל, אין וועלכן דאָס מאַטנע וואַסער פליסט, איז עטוואָס אָפּגערוקט אין אַ זייט, בלויז פאַרדעקט פּראָוויזאָריש דורך די וואַסער־לייטער־אַר-בעטער, וואָס האָבן זיך דאָ געפּאָרקעט און נישט פאַרענדיקט די אַרבעט.

גיך איז ער צו צום באַקאַנטן זיינעם און זיך אַראָפּגעבויגן צום טירל.

דאָס פאַרראָסטעטע רונדע שווערע אייזן האָט זיך מיט אַ סקריפּ אַ רוק געטון.

— אַראָפּ! — האָט דער פירקאַנטיקער פאַרשוין באַפוילן—גיך!

לערנער איז אַראָפּ, קלעמערנדיק זיך מיט הענט און פיס אין נאַסע גליטשיקע אייזנס און טרעפּלעך. באַלד נאָך אים איז אַראָפּ דער פירקאַנטיקער פאַרשוין. אַ לעצט שטיק ליכט צוזאַמען מיט אַ פאַרדומפּן שנירל וואַסער האָבן אַראָפּגעלאָזט זיך אונטן אין די אויגן אַריין און עס איז געוואָרן פינסטער, גליטשיק און שטיקנדיק.

— רוק זיך! — האָט דער פירקאַנטיקער פאַרשוין געזאָגט און, קלעמערנדיק זיך מיט די פיס אין די אייזנס, אָנטרעטנדיק לערנערן

אויף די הענט, האָט ער נאָך פאַרמאַכט פון אינעווייניק צוריק דאָס אײַזערנע טירל איבערן קאָפּ, כּדי מען זאָל זיך אין הויף נישט כאַפּן.

נאָך די ערשטע געדרייטע אײַזנס און טרעפּלעך, אין וועלכע די פיס האָבן זיך געטשעפּעט, געגליטשט זיך און ווײַטער זיך גע־כאַפּט, נאָך דעם ערשטן אַראָפּלאָזן זיך אין דער טיף, קלעמערנדיק זיך מיט די הענט אין גליטשיקע אײַזנס, באַנעצנדיק זיך מיט כלער־לײַ פליסנדיקע ריטשקעס און שמוץ, וואָס רינען גלײַך איבערן קאָפּ, פּנים און הענט, — האָט לערנער דערפילט אַ גרונט אונטער די פיס צוזאַמען מיט אַ זעץ אין קאָפּ.

ער האָט זיך אינסטינקטיוו אַראָפּגעזעצט, דערפילנדיק, אַז איצט האָט ער געדאַרפט דערגרייכן צו אַ קאָרידאָר. ער האָט אָנגעהויבן טאַפּן מיט די הענט אין ביידע זײַטן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אײַ־בערצייגן, ווו ער איז, נאָר מיטאַמאָל האָבן גליטשיקע ברואים אָנגע־הויבן קוויטשען און שפּרינגען אים איבער דעם קאָפּ, אַקסלען און הענט.

אַ גאַנצע מחנה איבערגעשראָקענע שטשורעס, וואָס האָבן גערוט אין אונטערערדישע הײלן, האָבן מיט אַ געוואַלדיקער קוויטשערײַ זיך געלאָזט לויפן און געיאָגט לערנערן איבערן קערפּער. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, ווי ער וואָלט זיי וועלן מאַכן פּלאַץ, און אין דער זעלבער מינוט האָט אַ בליץ געטון אַ העלע שײַן פון אַן עלעקטריש לעמפּל צוזאַמען מיט אַ שטיק פאַרבלאָטיקט פּנים.

— לאָז מיך פרײַער! — האָט אַ פאַרדומפּענע שטים געזאָגט — דעם וועג דערטאַפּן.

לערנער האָט זיך נאָך פעסטער צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, נאָר דער אָנקומענדער פּאַרשוין האָט זיך נישט געקאָנט דורכשלײַכן.

— לייג זיך אַוועק! — האָט די שטים באַפוילן.

לערנער האָט זיך אויסגעצויגן אין פײַכטקייט אַרײַן, דער מענטש מיטן לעמפּל איז איבער אים אַריבערגעטראָטן און געשריגן הויך:

— נאָך מיר! גיך!

די קאָרידאָרן זענען געגאַנגען געדרייטע, דאָ העכערע, אַזוי,

אז מען האָט געקאָנט גיין אין דער גאַנצער הויך, באַלד נידעריקע, אַז מען האָט זיך געדאַרפט אויסבויגן אין דרייען.

שמאַטעס,ביינער, געפּגרטע קעץ, מייז האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. באַלד האָבן די פיס אָנגעהויבן זינקען אין שמוץ און זומפּ אַלץ געדיכטערע און טיפערע. ריטשקעס אומריינקייט זענען געלאָפן איבערן קאָפּ, איבער די קליידער.

עס האָט אָנגעהויבן פאַרפעלן אָטעם, די פיס האָבן אָנגעהויבן אָפּשטיין, נאָר צו די היילן האָט קיין עק נישט געגומען, זיי האָבן זיך געשלענגלט, געדרייט און געקרייצט — און אָט איז מען גאָר צוגעקומען צו אַ טויטן פונקט, צו אַ נידעריקן ברייטן קאַנאַל, אַזאַ נידעריקן, וואָס אפילו גיין געבויגן אין דער העלפט איז געווען אוממעגלעך, און אינגאַנצן איז ער געווען פאַרגאָסן מיט אַ שיטערן זומפּ.

מען האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס, דער פוס איז געזונקען, ביזן קנעכל, ביז דער קני, ביז די לענדן.

ביים ראַשיקן שיין פון קליינעם עלעקטרישן לאַמטערנדל האָבן זיך ביידע מענטשן אָנגעקוקט און איינער אויפן צווייטן האָט דערזען די גאַנצע שרעק און פאַרצווייפלונג, וואָס האָט אַרויסגעבליקט פון די שמוציקע פאַרגאָסענע געזיכטער.

אַ קורצע באַראַטונג, אַ באַראַטונג פון געהאַקטע, פינסטערע און פאַרדומפּענע ווערטער, איז פאָרגעקומען אין געציילטע סעקונדן, אַ באַראַטונג איבער לעבן און טויט, ביים גרונט פון אַ נידעריקן אונטערערדישן שמוציקן קאַנאַל.

— פאַרבלאָנזשעט?
— זעט אויס!
— צוריקגיין?
— ניין!
— פּרובירן אַריבער!
— פּרובירן!

און שוין האָט זיך איינער געגעבן אַ צי אויס אויף אַלע פיר און, זינקנדיק אינגאַנצן אין זומפּ, בלויז האַלטנדיק דעם קאָפּ אין

דער לופט, געשאַרט זיך פאַראויס; נאָך אים האָט נאָכגעשלעפּט זיך דער צווייטער.

די לופט איז געוואָרן שווער, ווי דער זומפּ אַליין, דער אָטעם האָט זיך אָפּגעהאַקט, די הערצער האָבן אויפגעהערט אַרבעטן, נאָר די אויערן, די אָנגעשטרענגטע, וואַכנדע, האָבן געאַרבעט פאַר אַלעמען און אַ ווייטן גערויש אויפגעכאַפּט, אַ גערויש אַ נאָענטן, אַ פאַרדומפּענעם, וואָס קאָן פונקט אַזוי זיין דאָס רוישן פון ביימער, דאָס כוואַליען פון אַ טייך אָדער דאָס קלאַפּן פון אַ דורכפאָרנדיקן צוג. — די הענט ווערן שטאַרקער, די פיס באַקומען נייע כוחות, די ברוסט רוקט זיך פאָרויס, און מיטאַמאָל ליכט, העלער טאָג-ליכט פאַלט פון דער הויך, און וואַסער, ריין בולבנדיק וואַסער פאַלט צוזאַמען מיט דער ליכט גלייך אויף די קעפּ און פרישט אָפּ, מונטערט.

עטלעכע שעה צייט האָבן ביידע מענטשן זיך געוואַשן, גערייניקט מיטן אַראָפּפליסנדיקן קאַלטן שטראָם פון שמוץ, עפּוש און מידקייט; אויסגעוואַשן די קערפּערס, די האָר פון די קעפּ, די קליידער, און געטריקנט זיך אין דער אונטערערדישער ליכטיקער הייל, אין וועלכער צעהאַקטע סנאָפּעס ליכט האָסן זיך געגנבעט און געטוקט.

באַנאַכט האָבן זיי זיך ביידע אַרויפגעדראַפּעט אין דער הויך, אָפּגעבויגן אָן אַ זייט די אַלטע צעבראָכענע און פאַרראָסטעטע קראַטעס, וואָס האָבן זיך געבראָכן אונטער די הענט, און אויף אַלע פיר אַרויפגעשאַרט זיך צו אַ ליידיקן הינטערשטאָטישן וויסטן פלאַץ האַרט ביי אַ לויפנדיקן טייך.

אָן איין וואָרט, ווי אָפּגערעדט זיך, האָבן זיי זיך ביידע געשאַרט איצט אַרויף צו, אין דער ריכטונג צו פאָדאָל, ווו די רוסן זענען צוריקגעלאָפן פון מזרח־גאַליציען, געיאָגט פון די דייטשן און עסטרייכער.

נאָך עטלעכע וואָכן אַרומשלעפּן זיך, אויפהאַלטנדיק זיך אין ליידיקע פאַרלאָזענע פראַכט־וואַגאָנעס און אין יידישע בתי־מדרשים און שולן, אין פויערישע סטאָגעס היי און אויף פאַרוואָרפענע בית-הקברותן, — זענען זיי ענדלעך אין מיטן סעפּטעמבער שוין אַריבער

די פראָנט־ליניע, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע רוסישע פויערן, אויף דער רוסישער זייט.

— קודי? — האָבן עטלעכע עלטערע רוסישע סאָלדאַטן גע־פרעגט, אויסשטעקנדיק די ביקסן פאָראויס, — קומט מיט אונז!

— פוסטיטיע, טאָוואַרישטשי! — האָבן עטלעכע צעכראַסטעטע יונגע סאָלדאַטן געזאָגט זייערע עלטערע חברים — אַז פרייהייט איז פרייהייט! — גיט זיי בעסער ברויט אַ שטיק, און שלאָגן זיך זאָל דער נאַר — פראווילנאָ?

— פראווילנאָ!

נאָך אין זעלבן טאָג האָט לערנער פאַרקויפט זיין זייגערל מיטן מעסערל פאַר אַ זעלנערישן שינעל מיט אַ היטל און נאָך עטלע־כע רובל צולאָג.

פאַרן ערשטן געלט האָט ער זיך געלאָזט אָפגאָלן די באָרד. ער האָט זיך דערפילט לייכטער, ווי ער וואָלט אַ שווערע איבריקע משא פון זיך אַראָפגענומען. צוזאַמען מיט די טויזנטער סאָלדאַטן און דעזערטירן, וואָס האָבן אויסגעפילט איצט אַלע וואָקזאַלן און צוגן, רויכערנדיק, דיסקוטירנדיק און פילדערנדיק, האָט ער זיך גע־שלעפט איבערן באַנייטן לאַנד, איבער שטעט, שטעטלעך און דערפער.

ער איז כסדר מיטגעקראָכן מיט מאַניפעסטאַציעס, געקוועטשט זיך אַרום אַלע גאַסן־טריבונעס, וואָס זענען טאָג און נאַכט פול גע-ווען מיט כלערליי רעדנער: מיט סטודענטן און מיט אַרבעטער; מיט סאָלדאַטן און מאַטראָסן; מיט אינטעליגענטן און מיט פויערן; מיט מלחמה־פאַטריאָטן און מיט פאַציפיסטן; מיט אַזעלכע, וואָס ווילן נאָר די דארדאנעלן און מיט אַזעלכע, וואָס זענען גרייט אַוועקצוגעבן גאַנץ אוקראַינע און קאווקאז; מיט אַזעלכע, וואָס ווילן בלויז געבן די אַרבעטער אַכט שעה אַרבעט און די פויערן אויספאַרקויפן די ערד, און מיט אַזעלכע, וואָס ווילן אַלץ צונעמען און די שונאים וואַרפן אין שוואַרצן ים אַריין.

אַ פרעמדער, אַן איינזאַמער, אָן אַ הויז, אָן געלט אין קעשע־נע, איז די גאַס געווען זיין היים; די טריבונעס אין גאַס זיין טיש;

די טויזנטער פּאַפּירן און פּראָקלאַמאַציעס — זיין שפּייז, און דער גאַסן־טומל — זיין פרייד.

— ס׳איז גוט! — האָט ער צו זיך אַליין געמורמלט אָפּט — ס׳איז גוט...

אין צווייטן העלפט אָקטאָבער האָט אים דער שטראָם פאַרטראָגן אין סאַמע קעסל אַריין — אין פּעטערבורג אַליין.

אין שטאָט איז געווען הייס, רעשנדיק, מויערן און שטיינער האָבן געציטערט פון באַוועגונג.

נאָך דער עקספּעדיציע, וואָס דער גענעראַל קאָרנילאָוו האָט געפּרובירט מאַכן אויף דער שטאָט און אין מיטן וועג דורכגעפאַלן,— האָט מער, ווי פאַר דער גאַנצער צייט, דאָ איצט געשמעקט מיט פּולווער, מיט בליי.

אַלע גאַסן, פּלעצער, פּראָספּעקטן זענען געווען פול מיט מענטשן, מיט ציווילע און מיט שינעלן, אָן אַ שיעור שינעלן. איבער די בריקן פון ניעווא האָבן צענדליקער טויזנטער אַרבעטער פון זייערע קווארטאַלען געשטראָמט און אָנגעפּילט די רייכע גאַסן.

אומעטום האָט מען גערעדט, געפּילדערט, דיסקוטירט, געשריגן, געוואָרפן פּראָקלאַמאַציעס.

אַרום די פאַבריקן און קאַזאַרמעס זענען כסדר מיטינגען פאַרגעקומען. איבערצייגנדע געזעצטע עלטערע באַסן און פייערדיקע יונגע טענאָרלעך האָבן גערופן צו גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, צו באַוואָפנונג, צו קאַמף.

אויף אַלע ווענט זענען געהאָנגען אָן אַ שיעור וואַל־פּלאַקאַטן, באַפעלן צו די גאַרניזאָן־סאָלדאַטן פון שטאָט — באַפעלן, וואָס רופן צו בלייבן טריי דער רעגירונג און זיין גרייט צו דער נאָענטער ווינטער־קאַמפּאַניע, כדי ענטגילטיק צו דערשלאָגן דעם שונא, און באַפעלן, וואָס רופן אַרויסצוטרעטן געגן די אייגענע פיינט פון די פויערן און אַרבעטער און אַליין איבערצונעמען די מאַכט אין די הענט, די גאַנצע מאַכט די אַרבעטער-און־סאָלדאַטן־ראַטן.

ביי אַלע קראָמען זענען ווייבער געשטאַנען, ווייבער מיט קוישלעך אין די הענט און מיט קללות אין די מיילער, און מאַסן אויטאָמאָבילן, מיט מענטשן אין ברילן און מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, מיט סטודענטן און מיט אַרבעטער, און אפילו מיט סתם ווילע יונגען אין

שטיוול און מיט פריילעכע פעטערבורגער שיקסעס באַזעצט פון אַלע זייטן, זענען מיט טייוולאָנישער גיכקייט דורכגעפלויגן די גאַסן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך משונהדיקע סיגנאַלן און שלעכטן בענזין־ריח. און צייטונגס־ייִנגלעך האָבן נישט אויפגעהערט קוויטשען מיט צעלאָזע־נע קולות, אויסרופנדיק זייערע צייטונגען און נייעסן.

איבערהויפּט האָט זיך געטומלט אַרום די רייכע פּאַלאַצן פון שטאָט.

ביים גרויסן ווינטער־פּאַלאַץ זענען פאַרשטאַרקטע פּאַטרולן גע־שטאַנען, פּאַטרולן פון יונקערס און פרויען מיט ביקסן אין די הענט.

סאָלדאַטן און אַרבעטער האָבן אויף די סאָלדאַטקעס פון פרויען באַטאַליאָן פייִנטלעכע שפּאָטישע בליקן געוואָרפן.

— יופּאָטשנאַיאַ אַרמיאַ! — האָבן זיי געזאָגט — מירן שוין זען!

אויטאָמאָבילן מיט מיליטער־לייט האָבן נישט אויפגעהערט דאָ צופאָרן און אָפּפאָרן.

אַרום מאַריען־פּאַלאַץ האָט געשווירבלט מיט מענטשן פון פאַר־שידענעם אויסזען און געשטאַלט. מען האָט דאָ געזען בערדיקע פּוי־ערן און באַברילטע אינטעליגענטן, מענטשן אין שינעלן און סטו־דענטן, אַרבעטער אין העמדלעך און בייכיקע פאַרשוינען מיט פּאָרט־פעלן, בלאָנדע רוסן און שוואַרץ־געקרייזלטע יידן, אָפּגעבערנטע אויס־געפּוצטע טשערקעסן און פאַרבלאָזע פאַרשוינען, וואָס איז שווער צו דערגיין פון וואַנען זיי שטאַמען און ווער זיי זענען.

דאָ איז געזעסן דער „סאָוויעט פון דער רוסישער רעפּובליק" — אַ גאַנצער האַלבער־טוזנט מענטשן, פאָרשטייער פון גאַנצן גרויסן רוסלאַנד, זענען דאָ פאַרזאַמלט געווען טאָג און נאַכט, באַראַטן זיך, געהיצט זיך, געהאַלטן רעדעס, געקריגט זיך און אָנגענומען רעזאָ־לוציעס.

טויזנטער מענטשן זענען דאָ שטענדיק געווען פאַרזאַמלט אין דרויסן, געשריגען, געפּילדערט און געפירט דיסקוסיעס. צווישן די פאַרזאַמלטע אַרום פּאַלאַץ האָבן זיך אַלץ מער און מער געוויזן באַ־וואָפנטע סאָלדאַטן, און אפילו מאַשין־געווער און קוילנוואַרפער האָבן זיך דורכגעוואָרפן.

און דער סמאָלני אינסטיטוט האָט גאָר אויסגעזען ווי אַ פּעס־טונג, באַוואָפנט מיט שטאָל און אייזן.

פון אַלע זייטן זענען געשטאַנען גרויסע געפּאַנצערטע אויטאָ־מאָבילן מיט אַרויסגעזעצטע שטאָלענע רערן דורך די לעכער. האַר־מאַטן, גרעסערע און קלענערע, זענען געשטאַנען געלאָדענע, און אַרום זיי זענען געלעגן און געזעסן סאָלדאַטן, געררויכערט, געקנאַקט קער־לעך, געקייט און געשפּילט אויף האַרמאָשקעס. פּוסגייער, באַוואָפנט מיט ביקסן און האַנט־גראַנאַטן, האָבן גערייניקט די ביקסן, געזונגען לידלעך און געשמועסט הויך אויפן קול. — פון אַלע זייטן האָבן געשטראָמט אַרבעטער און באַלד אַרויס באַוואָפנטע, מיט ביקסן באַ־האָנגען אויף די ציווילע קליידער, און אַוועק גרופּנווייז מיט האַלב־מיליטערישע טריט צו וואָקזאַלן, פּאָסט־געביידעס און טעלעגראַפן. — און אָט זענען געשטאַנען גאָר געשטאַנען הונדערטער מענטשן אין ריי ביי עפּעס אַ טיר און יעדער איז אַרויס מיט אַ שטיק ברויט אָדער אַ קעסעלע געקעכטס פון איינער אַ קיך.

לערנער איז אומעטום געווען, אומעטום געקראָכן, פון פּאַלאַץ צו פּאַלאַץ, פון טריבונע צו טריבונע, פון קאַזאַרמע צו קאַזאַרמע, אומעטום געהערט, געזען, געלייענט, מיטגעטראָגן זיך מיט דער גאַס, מיט דעם המון — און גלייך מיט אַלע, מיט די טויזנטער שינעלן און העמדלעך, אַוועק צום „סמאָלני", ווו מען האָט געטיילט ברויט און געווער, און גענומען ביידע זאַכן: — אין דער לינקער האַנט אַ ביקס, און אין דער רעכטער האַנט אַ ברויט.

— וואָס זענט איר, חבר? אַ סאָלדאַט? אַ ציווילער? — האָט אים געפרעגט אַ העל בלאָנדער בחור, וואָס האָט געטיילט געווער.

— אַ סאָלדאַט! — האָט לערנער געענטפערט.

— נעמט זשע אָט די גרופּע אַרבעטער און מאַרשירט אַוועק צום מאַריען־פּאַלאַץ! — האָט דער בלאָנדער בחור געזאָגט — אינסטרוקציעס וועט איר באַקומען אויפן פּלאַץ!

לערנער האָט אויסגעשטעלט מיט מי די באַוואָפנטע אַרבעטער, וואָס נישט אַלע האָבן געקאָנט גוט די קאָמאַנדע, און אַוועק פאָראויס מיט פעסטע טריט.

— ליעוואָ! ליעוואָ!—האָט ער געמונטערט דעם עולם און גע־גאַנגען פאָראויס.

קיין שום אַרבעט איז ביים מאַריען־פּאַלאַץ נישט געווען צו טון. מען איז בלויז געשטאַנען צוזאַמען מיט אַנדערע סאָלדאַטן און באַוואָפנטע אַרבעטער אין אַ שפּאַליער, דורך וועלכן הונדערטער מענטשן, די פאָרשטייער פון „סאָוויעט פון דער רעפּובליק", זענען דורכגעגאַנגען ביזן לעצטן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און גיכע טריט.

דערנאָך האָט איינער אַ ציווילער אין שטיוול באַפוילן לערנערן אָפּמאַרשירן מיט זיין טייל, צוזאַמען מיט אַנדערע טיילן, צום ווינ־טער־פּאַלאַץ

— שאַגאָם מאַרש!—האָט געדונערט אַ קאָמאַנדע—אַט! וואַ! דאָ איז שוין יאָ געווען וואָס צו טון.

אַנדערהאַלבן שעה צייט האָט מען געשטורמט דעם פּאַלאַץ מיט ביקסן פון עטלעכע זייטן, נאָר ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. פּאַרקערט, די יונקערס און די סאָלדאַטקעס פון פרויען־באַטאַליאָן האָבן געענטפערט כסדר מיט פייער.

—לאַ—זשיס!—האָט לערנער געגעבן באַפעלן זיין אָפּטיילונג—ביי די ווענט זיך האַלטן!

די נאַכט איז צוגעפאַלן און מען האָט געמוזט נעכטיקן אויף דער גאַס. פון אַלע זייטן איז געווען פּוסט, ליידיק. בלויז אַ מילי־טערישע קיך אויף צוויי רעדער האָט זיך געבראַכט צו שלעפּן, פאַר־שפּרייטנדיק אַרום זיך סנאָפּעס פינקען און רייצנדיקן ריח פון סאָל־דאַטישע מאַכלים. די באַוואָפנטע מענער האָבן באַגריסט די קיך מיט פריילעכע קולות; איינער אַ סאָלדאַט, אַ יונגער און אַ קליינגעוווקסי־קער, האָט איר אפילו אַן אייגענעם נאָמען געגעבן, אַ ווייבערישן און אַ פּאָפּולערן.

— אוראַ, קאַטקאַ!—האָט ער גערופן.
און אַלע האָבן געענטפערט אין כאָר:
— אורא! דא זדראַסטוועיעט, קאַטקאַ!

גאַסן־יינגלעך, געפרוירן פון דער האַרבסטיקער נאַכט, האָבן זיך געשאַרט אַרום דער קיך, אַרום די קוילנוואַרפער און פריילעך אַרומ־געטענצלט.

— זשאַרקאַ בודיעט,—האָבן זיי נביאות געזאָגט—אין מיטן נאַכט וועט זיך עס אָנהויבן.

— פּאַשאָל!—האָבן זיי די סאָלדאַטן געטריבן, נאָר די ייִנגלעך האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

ביי האַלבער נאַכט טאַקי האָט זיך דער אָנגריף אויפן פּאַלאַץ ווידער אָנגעהויבן.

— פּלי!—האָבן געדונערט באַפעלן.

אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג האָט מען די האַרמאַטן אָנגע־שטעלט, מיט די פּיסקעס גלייך צום ווינטער־פּאַלאַץ.

פון פּאַלאַץ האָט מען בלויז עטלעכע ביקסן־זאַלפן געגעבן און עס איז שטיל געוואָרן.

— אָפּגעגעבן! — האָט אַ טיפע ברוסט־שטים גערופן — אונטערגע־געבן זיך די „סוואָלאָטשעס” און „בליאַדיעס”, פאָראויס חברים!

—פאָראויס!—האָט לערנער באַפוילן און געפירט זיינע מענטשן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן און אנגעבויגענע פאָרזיכטיקע קעפּ צום פּאַלאַץ.

דערשראָקענע יונקערס און מיידלעך האָבן געוואָרפן די ביקסן.

איינע אַ מיידל, אַ שלאַנקע און אַ טויט־בלאַסע, האָט הויך ספּאַזמירט.

— באָזשע!—האָט זי גערופן—באָזשע!

— שווייג, הור! — האָט אַ מאַטראָס מיט אַרומגעבונדענע ציין געשריגן און דערלאַנגט אין דער מאַמען אַריין, אַ לאַנגן געדרייטן אין דער מאַמען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי מאַמעס, אַוועק אי־בער עטלעכע דורות באָבעס, פאַרכאַפּט אַ פּאָר הייליקע מאַטראָנעס און אָנגעשלאָגן העט, העט, אַזש ביז דער הייליקער מוטער.

פון דערוויטנס האָבן זיך איינצלנע פאַרבלאָנזשעטע שאָסן פון ביקסן געטראָגן מיט אַ קרעקעניש און פאַרפאַלן געוואָרן מיט אַסך ווידער־קולות אין דער שטילער נאַכט אַריין.

וואַרשע, 1923—1926

פון זעלבן מחבר:

פּערל און אַנדערע דערציילונגען — — — — וואַרשע, 1922

ערד־ווי, — — — — — — — — — וואַרשע, 1922

אויף פרעמדער ערד (דערציילונגען) — — וואַרשע, 1925